# אַרײַנפֿיר

שווער צו זאָגן, וואָס איז געווען דער פּאָרטראַכט פֿון מחבר גרשון דואַבאָגען, בעת ער איז צוגעטראָטן שרייבן דאָס בוך. וואַרשײַנלעך האָט דאָס געזאָלט זײַן אַ ראָמאַן, אָבער דער מאַנוסקריפּט האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ רוישטאָף, וועלכן ער האָט ווײַזט אויס בדעה געהאַט ערשט צו באַאַרבעטן. וואָלט דער מחבר געלעבט, וואָלט ער דאַן אַליין באַשטימט די ענדגילטיקע פֿאָרם פֿון זײַן אַרבעט.

איך בין געשטאַנען פֿאַר אַ דילעמע. אַרויסגעבן דעם רוישטאָף אין זײַן אורשפּרינגלעכער געשטאַלט איז געווען אוממעגלעך. ער האָט נישט פֿאַרמאָגט אין זיך די נייטיקע ליטעראַרישע אייגנשאַפֿטן, וועלכע זאָלן אַנטשפּרעכן דעם מחברס פּאַרטראַכט. לאָזן ליגן דעם רוישטאָף אַלס אַרכיוואַלן מאַטעריאַל איז געווען אַ שאָד צו פֿאַרהוילן פֿאַרן ברייטערן יידישן לייענער די שילדערונג פֿון בירגער־קריג אין שפּאַניע, בפֿרט אַז אויף דער טעמע איז אין יידיש פֿאַראַן גאָר ווינציק לעקטור.

נאָך אַ געוויסן ישוב־הדעת מיט דער רעדקאָלעגיע פֿון פֿאַרלאַג „יידיש בוך“, האָב איך די דילעמע געלייזט אויף פֿאָלגנדיקן אופֿן. מחמת די גרונט־אייגנשאַפֿט פֿון רוישטאָף איז פֿאַקטיש געווען דער רעפּאָרטאַזש, האָב איך פֿון אים אָפּגעקליבן דאָס וועזנטלעכסטע פֿון דעם מין און עס צוזאַמענגעשטעלט אין אַ באַשטימטער גאַנצקייט. אַזוי אַרום האָט זיך באַקומען אַ זאַמלונג פֿון רעפּאָרטאַזשן. דער מחבר ברענגט אַרויס אין זיי אַ גאַלעריע מענטשן פֿון פֿאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, וועלכע האָבן געשטאַמט פֿון אַלע עקן וועלט, כדי אין די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס צו קעמפֿן פֿאַר דער פֿרייהייט פֿון שפּאַנישן פֿאָלק, וואָס איז געשטאַנען אין ביטערן געראַנגל קעגן אייגענעם פֿאַשיזם און זײַנע מיטהעלפֿער: דעם דײַטשישן און איטאַליענישן. דער לייענער וועט מסתּמא אויך דערפֿילן די שיינקייט פֿון דער שפּאַנישער לאַנדשאַפֿט, וועלכע דער מחבר האָט מיט אַ באַזונדער ליבע געשילדערט.

די דאָזיקע אַרבעט האָב איך געטאָן מיט אַ ציטער. הגם דעם אָפּקלייב האָב איך געשטאַלטיקט לויטן פּרינציפּ פֿון באַזונדערע רעפּאָרטאַזשן, האָב איך פֿונדעסטוועגן זיך באַמיט אײַנצוהאַלטן דעם מחברס פֿאַבולאַרן צוזאַמענהאַנג.

מיכאַל מירסקי

# 1. דריי פון וואַרשע

דוד איז צוריקגעגאַנגען פון וואַרשטאַט אַ מידער, אַ נישט אויסגעשלאָפענער נאָך פון נעכטן. די לעצטע טעג איז אים זייער שווער אָנגעקומען די אַרבעט. ס'האָט זיך עפּעס נישט געקלעפּט. ס'האָט גאָרנישט אים ווי געטאָן, און דאָך האָט ער געפילט אַ געוואַלטיקע מידקייט אין אַלע זיינע אברים, ווי ער וואָלט שוין פון לאַנג געטראָגן אויף זיך אַ שווערע מאַסע און קאָן זיך פון איר נישט באַפרייען.

ער האָט פויל געשלעפּט די פיס, ווי זיי וואָלטן נישט געווען זיינע. ער איז געגאַנגען פון איין גאַס אין דער צווייטער, איבערגעשניטן די גענשע, אַריין אין דער סמאָטשע. ער האָט זיך שוין געפונען נאָענט נעבן זיין הויז, ס'איז אַנטקעגנגעקומען אברהם.

„וואָס הערט זיך? — האָט אים אברהם אָפּגעשטעלט.

— נאָך אַלץ גאָרנישט, נישטאָ נאָך קיין ענטפער.

— ווי לאַנג נאָך וועלן מיר דאַרפן וואַרטן? איך האָב שוין נישט קיין געדולד — האָט זיך אברהם געקלאָגט.

— פון ווען אָן האָסטו עס פאַרלוירן די געדולד? מע האָט געהייסן וואַרטן, מוז מען וואַרטן. ווען ס'וועט נייטיק זיין, וועלן מיר פאָרן.

— דיר איז לייכט אַזוי צו רעדן — האָט אברהם ווייטער גערעדט — גיי אַריין אין מיין לאַגע. ברכה באָמבאַרדירט מיך כסדר מיט בריוו, איך זאָל צוריקקומען: דאָ איז דאָס קינד קראַנק געוואָרן, דאָ איז איר שווער צו זיין אַליין. זי וויל נישט, שרייבט זי, זיין אָן מיר. אָדער איך קום צוריק, אָדער איך זאָל איר אַריבערנעמען קיין וואַרשע. וואָס קאָן איך איר ענטפערן, אַז איך ווייס נישט וואָס ס'וועט מאָרגן זיין מיט מיר. וואָס וועל איך טאָן, אַז זי וועט אַריבערקומען מיטן קינד קיין וואַרשע?

— ס'איז טאַקע שווער — איז דוד מסכים געווען — זוך אויס עפּעס אַ תירוץ. דערלאָז נישט, אַז זי זאָל דאָ קומען. דאָס פעלט דיר נאָך איצט! מיר וועלן שוין מסתמא שנעל אָפּפאָרן.

— פאַרוואָס איז אַנטעק יענע וואָך אָפּגעפּאָרן? איך האָב געהערט, אַז פאַבריקע וואָך איז אַ גאַנצע גרופּע אָפּגעפאָרן קיין שפּאַניע. מיר האָבן נאָך פריער זיך געוואָנדן, און מיר וואַרטן שוין אַזוי פיר חדשים.

— מיט אַנטעקן איז עפּעס אַנדערש — האָט געזאָגט דוד — אַנטעק איז אַ מיליטערישער ספּעציאַליסט, אַזעלכע זענען קודם נייטיק. מיט אים זענען מיטגעפאָרן צוויי דאָקטוירים און איין אינזשיניער. ס'איז קלאָר, אַז אַזעלכע דאַרפן פאָרן אין דער ערשטער ריי.

— און מיר זענען דען גישט נויטיק! מיר האָבן אויך געדינט אין דער אַרמיי, ווייסן ווי אומצוגיין זיך מיט אַ קוילנוואַרפער. מע דאַרף אונדז אויך האָבן.

דוד האָט אין האַרצן מסכים געווען מיט אַברהמען. שוין פיר חדשים ווי זיי האָבן זיך געווענדט מיט אַ ביטע, אַז זיי ווילן פאָרן קיין שפּאַניע, דער קאָמיטעט האָט אין פּרינציפּ מסכים געווען, נאָר געהייסן וואַרטן. וואַרטן זיי שוין די גאַנצע צייט. פאַר דער דאָזיקער צייט זענען שוין צוויי חברים, וועלכע האָבן זיך צוזאַמען מיט זיי געווענדט, אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעשיקט קיין בערעזע. מיט זיי קאָן נאָך אויך דאָס זעלבע געשען.

— איך וועל זיך נאָך באַמיען היינט צו זען מיט זיגמונטן — האָט דוד באַרואיקט אַברהמען.

— זיי האָבן זיך געזעגנט.

אין שטוב איז געווען אַן אומאָרדענונג. ווייבערשע אָנטועכץ האָט זיך געוואַלגערט אויף די שטולן, אויפן טיש. דער מאַמעס בעט איז נישט געווען פאַרבעט, די שוועסטער אסתר איז געשטאַנען און געפּאָרעט זיך אַרום דער מוטער, וועלכע איז געליגן אין איר ווייסער שלאָף־קופּקע און שווער געקרעכצט.

— וואָס איז געשען? — האָט דוד אַ צעשראָקענער געפרעגט.

די מאַמע האָט געפּוצט די פענצטער און איז אַראָפּגעפאַלן, זי האָט זיך צעבראָכן אַ פוס. געווען דער דאָקטאָר, ער האָט פאַרגיפּסעוועט דעם פוס — האָט אסתר אַ באַזאָרגטע אָפּגעענטפערט.

— ווי אַזוי איז דאָס געשען?

די מוטער האָט געקוקט מיט אַ פאַרשולדיקטער מינע אויף אים אין האָט קינדיש־אומבאַהאָלפן אַ שמייכל געגעבן.

— ס'האָט מיר עפּעס אַ גאַנצן טאָג געשווינדלט אין קאָפּ, איך האָב זיך נישט געפילט מיט אַלעמען. די שויבן זענען שוין געווען שרעקלעך

שמוציק. שטייענדיק אויפן פענצטער האָט זיך מיר פאַרדרייט דער קאָפּ, איך בין אַראָפּגעפאַלן, נאָך אַ גליק וואָס איך בין אַראָפּגעפאַלן אין צימער.

ביידע, אסתר און דוד האָבן ביי די דאָזיקע ווערטער אויפגעצי־טערט, זיי האָבן געוווינט אויפן פינפטן שטאָק, אַראָפּפאַלן אין דרויסן! דודס אויגן האָבן פון שרעק ברייט זיך צעעפנט. די מוטער האָט דערזען דודס אומרו, אַרויסגעפילט די גרויסע ליבע פון זון צו איר, זי האָט פאַר־געסן אין די שווערע יסורים און אַ גליקלעכער שמייכל האָט זיך באַ־וויזן אויף איר געזיכט.

— זייט נישט אַזוי באַזאָרגט קינדער, ס'וועט מיר גאָרנישט זיין. אין אַ פּאָר טעג אַרום וועל איך שוין זיין געזונט. אַ שאָד נאָר, וואָס אסתר וועט מוזן פאַרבלייבן אין דער היים און נישט קאָנען גיין צו דער אַרבעט.

דוד האָט זיך צוגעזעצט צו דער מוטער אויפן בעט. אירע הענט זענען געווען פייכט און היים. זי האָט שווער געאָטעמט, אירע טונקעלע, עטוואָס אויסגעלאָשענע ברוינע אויגן האָבן מיט זייער בליק געגלעט דודן, זי האָט זיך קראַמפּהאַפט איינגעקלאַמערט אין דודס האַנט.

אסתר האָט אויף גיך געגרייט צום טיש. אָן אַ וואָרט אויסצורעדן האָבן ברודער און שוועסטער געגעסן דאָס אָרעמע אָוונט־ברויט. זיי האָבן זיך איבערגעוווּנקען שטום מיט די אויגן, זייענדיק שטאַרק באַ־זאָרגט פון דעם געזונט־צושטאַנד פון דער מוטער. דער זייגער האָט אויסגעשלאָגן אַכט. דוד האָט זיך שווער אויפגעהויבן.

— זיי מוחל, מאַמע, איך מוז גיין אין פאַריין, איך וועל זיך באַמיען וואָס שנעלער צוריקצוקומען.

— גיי געזונט — האָט אים די מוטער צוגעשיקט איר ברכה.

אסתר האָט שטום נאָכגעקוקט דודן, צוהערנדיק זיך ווי ער גייט לאַנגזאַם אַראָפּ פון די טרעפּ.

— וואָס איז עפּעס לעצטנס געשען מיט אונדזער דודן? — האָט די מוטער איבערגעריסן די אומאָנגענעמע שטילקייט.

— וואָס זאָל דען מיט אים זיין?

— דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז עפּעס איז מיט דודן געשען. ער גייט לעצטנס אַרום זייער פאַרטראַכט, נישט ווי זיין שטענדיקע גע־וווינהייט, הערט נישט וואָס מע רעדט צו אים, ער איז קיינמאָל אַזוי שטיל נישט געווען. צי האָסטו דאָס נישט באַמערקט?

אסתר האָט שוין פון לאַנג באַמערקט, אַז מיט איר ברודער איז עפּעס נישט אין אָרדענונג. ווײַסנדיק, אַז דוד האָט נישט ליב, ווען מע שטײַט צו אים צו, האָט זי אים גאָרנישט געפרעגט. זי האָט געליטן דערפון. איצט האָט די מוטער אָנגערירט די ווונד. וואָס קאָן זי דער מו־טער ענטפערן?

— אַ מאַמעס האַרץ נאַרט נישט. איך פיל, אַז מיט דודן איז עפּעס נישט גוט. וועמען האָב איך דען אויף דער וועלט אַחוץ אײַך ביידן? אײַער טאַטע איז יונגערהייט אַוועק פון דער וועלט, נאָר איר זײַט מיר פאַרבליבן, זײַט איר דאָך מײַן אײנציקע טרייסט. אַז ס'זאָל עפּעס חלילה געשען מיט דודן, וואָס וועט פון מיר ווערן!

אסתר האָט אַרומגענומען די מוטער און זיך צו איר צוגעטוליעט. די טרערן האָבן זיך איר געריסן צו די אויגן, נאָר זי האָט זיי מיט אַלע כוחות אײַנגעהאַלטן, זאָל די מוטער נישט פילן, אַז אויך זי איז אומרואיק.

דאָס עלעקטרישע לעמפּל האָט שוואַך באַלויכטן דאָס גרויסע נידריקע צימער. אויפן קיכל, נעבן דער טיר האָט געזידט דער טשײַ־ניק, געשלאָגן מיט אַ געדיכטער פּאַרע, אויפגעהויבן און געקלאַפּט מיטן דעקל. מאַמע און טאָכטער האָבן געשוויגן, פאַרזונקען אין שווערע גע־דאַנקען.

* *
*

ס'איז געקומען פּלוצלונג אַ יונגע חברטע, וועלכע ער האָט פריער קיינמאָל נישט געזען, האָט דודן אַרויסגערופן פון וואַרשטאַט, ווו ער האָט געאַרבעט, און קורץ געמאָלדן:

— הײַנט אין אָוונט, ניין אַ זייגער, פּאָרט איר אָפּ פון הויפּט־וואָקזאַל, גיט צו ווייסן אברהמען און וולאַדעקן. בראָנעק האָט שוין באַ־קומען אַלע נייטיקע אינסטרוקציעס. ער וועט אײַך אָפּוואַרטן אויף דער באַן־סטאַציע.

די חברטע איז פאַרשוווּנדן. דוד איז געבליבן שטיין אין קאָרידאָר אַ צעטומלטער, מיט די אַרויפגעשאַרצטע אַרבל פון העמד. ער האָט מעכאַניש נאָכגעקוקט דאָס פאַרשווינדן פון דער חברטע און זיך נישט געקאָנט דערמאָנען, ווי זי האָט אויסגעזען. „הײַנט אין אָוונט“, האָבן

אָפּגעקלינגען אין זײַנע אויערן אירע ווערטער. שוין... ער האָט זיך אַ ריס געגעבן פֿון אָרט, אײַליק זיך אָנגעטאָן און שנעל אַרויסגעלאָפֿן פֿון וואַרשטאַט.

ער איז געשפּרונגען איבער דרײַ, פֿיר טרעפּ מיט אַמאָל. „הײַנט אין אָוונט". ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז אַלע ווייסן שוין פֿון זײַן גרויסער פֿרייד.

חדשים האָט ער געהאָפֿט. יעדן טאָג האָט ער אין האַרצן זיך גע־זעגנט מיט דער מוטער און אסתרן... וואָס וועט ער זיי איצט זאָגן? ער קאָן דאָך און טאָר דאָך נישט זאָגן, אַז ער פֿאָרט קיין שפּאַניע. ס'איז גלייכער, וואָס מע האָט אים פֿאַרבאָטן צו זאָגן. פֿאַר דער מוטער וואָלט עס געווען אַ שרעקלעכער קלאַפּ. אסתר איז אַ וווּל מיידל, זי וועט בלייבן מיט דער מאַמען. זי וועט איר פֿאַרגרינגערן איר איינ־זאַמקייט. שלעכט וועט זיי ביידן אויסקומען, איז ער דאָך דער וויכטיק־סטער פֿאַרדינער, פֿאַרפֿאַלן... ס'מוז אַזוי זײַן. ווען נישט שפּאַניע, קאָן ער דאָך אויך אַרעסטירט ווערן, דאָס וואָלט נאָך ערגער געווען. אפשר וועט ער זיי קאָנען מאַטעריעל העלפֿן אויך פֿון שפּאַניע...

אברהם האָט תיכּף דערקענט אין דודן, אַז עפּעס איז געשען. ער איז צוגעשפּרונגען צו אים.

— הײַנט אין אָוונט, מע דאַרף צוווייסן געבן וואָלאָדעקן.

אברהם האָט אַרומגענומען דודן און אָנגעהויבן קושן. דערנאָך האָט ער זיך געלאָזט שפּרינגען איבערן צימער, ווי אַ קליין קינד, ווען די מאַמע האָט געבראַכט אַ שפּילעכל פֿון גאַס. פּלוצעם איז ער געבליבן שטיין אינמיטן צימער. זײַן הויכע פֿיגור איז ווי נאָך העכער געוואָרן, זײַנע העל בלויע גוטמוטיקע אויגן האָבן באַקומען אַ שאַרפֿן אויסזען.

— איך בין אויף אַלץ גרייט, דו הערסט דוד. איך ווייס, ס'קאָן זײַן, אַז איך וועל שוין קיינמאָל אין לעבן נישט זען ברכהן און בײַנישן, ס'קאָן זײַן, אַז אין שפּאַניע זאָל איך אָפּגעבן מײַן לעבן. נאָר איך האָב נאָך קיינמאָל נישט איבערגעלעבט אַזאַ פֿרייד ווי איצט. איך האָב איצט באַקומען אַ נײַע נשמה. איך ווייס צו וואָס איך לעב. ווי גוט איז דער באַוווסטזײַן, אַז מע קאָן פֿרײַ קעמפֿן, טרעפֿן זיך אָפֿן מיטן שונא.

דוד האָט געלויכטן קוקנדיק אויף אברהמען. מיט אַזעלכע — האָט ער געטראַכט — וועט מען נישט פֿאַרפֿאַלן ווערן.

— גרייט אַלץ צו, וואָס מיר דאַרפֿן האָבן אויפֿן וועג. איך וועל דערווייל צווויסן געבן וואָלאַדעקן. אַכט אין אָוונט טרעפֿן מיר זיך ביי דיר.

אברהם האָט געשריבן אַ בריוו:

„מיין טייערע, האַרציקע ברכה!

דו קאָנסט נישט קומען קיין וואַרשע, אויך איך קאָן נישט קומען קיין מינסק־מאַזאָוויעצק. היינט פֿאָר איך אַוועק. וווהין? סיי ווי וועט דיר דער נאָמען גאָרנישט זאָגן. דו ווייסט, אַז איך טו תמיד דאָס, וואָס מע דאַרף, וואָס ס'איז נויטיק. ווייס איינס, אַז דיין מאַן איז גליקלעך, ווי ער איז נאָך קיינמאָל נישט געוועזן. ס'קאָן זיין, אַז דו וועסט אַ צייט נישט באַקומען פֿון מיר קיין בריוו. זיי מיר פֿאַרויס מוחל און באַ־אומרואיק זיך נישט... אַזוי ווי איך וועל נאָר קאָנען, וועל איך דיר שרייבן.

זיי מיר מוחל, וואָס איך לאָז דיר איבער אין אַזאַ שווערער סיטו־אַציע, איך לייד זייער דערפֿון. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געוואָלט אַזוי זיין מיט אייך צוזאַמען ווי איצט. איך האָף, אַז מיינע עלטערן וועלן דיך שטיצן, ביז איך וועל ווידער אייך קאָנען העלפֿן. זיי שטאַרק און האַלט זיך גוט. טראַכט פֿון מיר נישט שלעכט. איך האָב דיך נאָך קיינמאָל נישט אַזוי ליב געהאַט ווי איצט. איך ווייס, אַז אין דיין האַרצן וועסטו שטאָלצירן מיט דיין מאַן, מיטן טאַטן פֿון דיין קינד.

ס'איז מיר שווער זיך צו שיידן מיט דיר און קינד. איך נעם דיך אַרום פֿונוויטנס און קוש דיך שטאַרק, שטאַרק.

קוש טויזנט מאָל אונדזער זונעלע, דערמאָן אים כסדר אין מיר.

דיין אברהם"

* *
*

— יאַדזיע! גוט, טייערע, וואָס דו ביסט געקומען. עפּעס האָב איך היינט זייער שטאַרק געבענקט נאָך דיר.

יאַדזיע, אַ שמייכלענדיקע האָט אַראָפּגענומען דעם הוט, צורעכט געמאַכט מיט דער האַנט די צעוואָרפֿענע בלאָנדע האָר אויפֿן קאָפּ. זי האָט אים שנעל אַ קוש געגעבן, מיט געמאַכטן פֿאַרדרוס האָט זי אים אָנגענומען פֿאַר אַן אויער.

— ווי שטענדיק מוז זיין ביי דיר אַן אומאָרדענונג... די מאַרינאַרקע ליגט שוין ווידער אויף דער פּאָדלאָגע, דער הוט וואַלגערט זיך אויפֿן בעט. זאָג מיר, צו האָסטו פֿאַר דער צייט, וואָס איך בין נישט געווען, כאָטש איינמאָל אויפֿגערוימט דאָס צימער?

וולאַדעק האָט זיך הילכיק צעלאַכט, אויפֿגעהויבן זי אין דער לופֿטן און אָנגעהויבן זיך דרייען מיט איר איבערן צימער, אונטערזינגענדיק:

„די דזיעווטשאָ, די פּסיאַיוכאָ, טי זע מניע שידזיש“.

יאַדזיע האָט זיך מכלומרשט געריסן פֿון זיינע הענט, לייכט אים געצופּט ביי די האָר, אָנהאַלטנדיק זיך פֿעסט אין אים.

— לאָז אָפּ, משוגענער, דו וועסט מיך אינגאַנצן צעטרייסלען, איך האָב אַזוי אויך אַ ליידיקן מאָגן.

וולאַדעק האָט זי אַראָפּגעלאָזט אויפֿן דיל.

— מיידל, דו האָסט דאָך געקאָנט גלייך זאָגן, אַז דו ביסט הונגעריק. אָט דאָס פֿאַרשטיי איך. און דו וואַגסט מיך צו שטראָפֿן צוליב מיין אָרעמער אַלטער מאַרינאַרקע. אַ גאַנצן טאָג אַרומגיין מיט אַ הונגעריקן מאָגן מעג מען, דאָס איז דערלויבט? אָבער מיין הוט, טאָר זיך נישט וואַלגערן אויפֿן בעט. אָרעמער הוט, מע האָט דיך שטאַרק באַליידיקט. אוי מיידל, מיידל, זענען מיר אַ פּאָר!

ביידע האָבן זיך הילכיק צעלאַכט. וולאַדעק האָט אָנגעפּאָמפּעוועט די פּרימוס מאַשינקע. ס'האָט זיך צעפֿלאַקערט אַ פֿייער. יאַדזיע האָט אַרויפֿגעשטעלט דעם טשייניק. ביידע האָבן שנעל אויפֿגעפּאַקט דאָס פּעקל מיט עסנוואַרג, וואָס יאַדזיע האָט מיט זיך מיטגעבראַכט. זיי האָבן געגעסן שנעל, שטייענדיק, געריסן די פֿרישע זעמל מיט שינקע.

וולאַדעק האָט אַרויסגענומען פֿון שענקל אַ האַלב קיילעכדיק ברייטל, פּוטער און קעז.

— נו איצט, אַז מיר האָבן שוין עפּעס געגעסן, קאָן מען זיך ערשט נעמען צו דער אכילה. אונטן אין שענקל שטייען אייער, קאָך זיי אָפּ, איך וועל דערווייל אָנגיסן טיי. דו ווילסט אַ שנאַפּס?

— אַ שטאַרקער?

— פֿאַר דיר אַ ספּעציעלער, פֿאַר מיר אַ קינדערישער.

— אויב אַזוי, זאָל פֿאַר מיר אויך זיין אַ קינדערישער.

אַזוי שטיפֿנדיק און איבערוואַרפֿנדיק זיך מיט ווערטלעך, האָבן זיי פֿאַרשלונגען דאָס גאַנצע ברויט, די אייער און דעם קעז. יאַדזיע האָט אָפּגעפּילט די געוואַלטיקע פּרייד, וואָס האָט אַרויסגעשלאָגן פֿון וולאַדעקן.

זיין בענקשאַפט נאָך איר. זי איז געווען גליקלעך. תמיד דער זעלבער, אַן אייביק יונגער, כאָטש שוין איבער די דרייסיק. ווי גוט ס'איז צו האָבן אַזאַ נאָענטן חבר, מיט אים וועט קיינמאָל אומעטיק נישט זיין.

וואָלאַדעק האָט פּאָרזיכטיק באַטראַכט יאַדזיען. איר יונג ברוין געזיכט האָט אויסגעזען אויסגעמאַטערט און אָפּגעצערט. ביי די ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ לענגלעכער קנייטש, געמאַכט ווי מיט אַ שניט פון אַ דין שאַרף מעסער. ס'לעבט זיך איר נישט גרינג, ווי זי וויל עס מיר באַווייזן, האָט ער געטראַכט. זיי פּנים האָט זיך פאַרבויגן מיט אַ וואָלקן, יאַדזיע האָט דאָס באַמערקט.

— וואָס עסט דיך — האָט זי געפרעגט.

—איך וואַרט אַלץ! אַ שיינע אַרבעט פאַר מיר! יעדן טאָג זאָגט מען מאָרגן. ס'איז מיר שוין נימאס געוואָרן צו וואַרטן. נישט איך קאָן זיך צו עפּעס נעמען, נישט איך וויים, וואָס דער מאָרגן וועט מיר ברענגען. איך דריי זיך איצט אַרום אינגאַנצן אַן איבעריקער, ווי אַ פינפט ראָד צום וואָגן. געטאָן אַ נאַרישקייט, געדאַרפט דערוויייל איבערנעמען אַ קרייז.

אין דער מיר האָט מען לייכט אָנגעקלאַפּט. יאַדזיע האָט אויפגעמאַכט.

— דוד — איז וואָלאַדעק אויפגעשפּרונגען.

— פערטיק — האָט אַ פריילעכער דוד זיי באַגריסט.

— וואָס פערטיק? — האָבן ביידע גלייך געפרעגט.

— פּאַק זיך אין וועג אַריין! און דו יאַדזיע, גרייט זיך צו דער נייער ראָל פון אַ שטרויענער אלמנה.

זיי האָבן זיך צוגעזעצט, קוקנדיק אייגער אויפן צווייטן מיט גלאַנציקע אויגן.

— איך האָב צו דיר אַ גרויסע ביטע, יאַדזיע — האָט זיך צו איר דוד געווענדט.

— וואָס?

— איך וועל מער נישט גיין אַ היים. די מאַמע האָט נעכטן צעבראָכן אַ פּוס, וואָס וועל איך איר זאָגן? נישט איך מעג, נישט איך קען. דו ווייסט דאָך.

— איך פאַרשטיי, זאָג וואָס איך דאַרף טאָן, איך וועל אַלץ טאָן.

— איך קאָן דאָך נישט אַזוי פאַרשווינדן, איבערלאָזנדיק די מאַמען און שוועסטער אָן אַ ידיעה פון מיר. וועסט מאָרגן אַריבערגיין צו זיי. וועסט זיי זאָגן, אַז איך האָב געמוזט תיכף אַנטלויפן קיין אויסלאַנד.

קוים זיך געראַטעוועט פון פּאָליציייאישע הענט. אַז די פּאַרטיי האָט מיר איבערגעשיקט, אַז פון דאָרטן וועל איך זיי שרייבן. דאָס וועט די מאַמען באַרויקן. זי וועט נאָך זיין צופרידן, וואָס איך בין נישט אַריינגעפאַלן. דאָס שיינט מיר איז דאָס בעסטע, וואָס איך האָב געקאָנט אויסטראַכטן.

— דאָס איז באמת אַ גוטער איינפאַל! — האָט וולאַדעק מסכים געווען.

— איך וועל אַלץ דערלייידיקן. איך וועל באַרויקן דיין מאַמען. אויב ס'וועט זיין נייטיק, וועל איך זיך באַמיען מיט וואָס איך קאָן נאָך איר העלפן. דו קאָנסט רויק פאָרן.

— אַ דאַנק, יאַדזיע. איך האָב געוווּסט, אַז איך קאָן זיך אויף דיר פאַרלאָזן. גיב זיי איבער די דאָזיקע פופציק זלאָטעס. איך האָב צו דיר נאָך אַ ביטע. — דוד האָט נערוועז געדרייט אין די הענט דאָס לייידיקע גלעזל — מיין שוועסטער איז נאָך זייער יונג, זי איז אינגאַנצן אַן אונדזעריקע, אָבער נאָך נישט אַקטיוו. טאָמער געשעעט עפּעס מיט מיר, דערנענטער איר צו זיך. איך וואָלט נישט געוואָלט, אַז מיין שוועסטער זאָל אונדז ווערן פרעמד. דאָס וואָלט געווען מיין שולד.

יאַדזיע איז געווען טיף גערירט. אירע ליפּן האָבן געשמייכלט. זי איז צוגעגאַנגען און אַרומגענומען דודן. — זיי רויק, איך וועל אין דיין שוועסטער נישט פאַרגעסן.

* *
*

דער זייגער האָט שוין פון לאַנג געשלאָגן צוועלף. די מוטער האָט נישט געקאָנט איינשלאָפן. דעם ווייטיק אין פוס האָט זי שוין נישט געפילט. זי איז געווען זייער אומרואיק. אין דער פינצטער האָט זי אַלץ געקוקט אויף דער טיר, זי האָט זיך אומגעדולדיק צוגעהערט צו יעדן מינדעסטן שאָרך, צו יעדער באַוועגונג אויפן גרויסן הויף. יעדער קלינג ביים טויער האָט זיך טיף אָפּגערופן אויף איר, דוד...

די פינצטערניש אין צימער האָט געדריקט און געשראָקן. פון דער טיר ביז איבערן סופיט איז אַרומגעשפּרונגען אַ גרויסער מגושמדיקער שוואַרצער שאָטן. ס'האָט זיך געהערט פון דרויסן דאָס בייזע מיאַוקען פון אַ קאַץ. דער הויז־וועכטער האָט געקלאַפּט מיט זיין שווערן שליסל.

עפענענדיק דעם פאַרזשאַווערטן טויער פאַר אַ פאַרשפּעטיקטן שכן. ניין! דאָס איז נישט איר דוד. דוד קלאַפּט נישט אַזוי מיט די אָפּצאַסן.

— אסתר, דו שלאָפסט?

— ניין, מאַמע.

— וואָס איז מיט אים געשען. פאַרוואָס קומט ער נישט?

— אפשר איז ער פאַרנומען אויף אַ וויכטיקער פאַרזאַמלונג. פאַר־וואָס טראַכסטו דאָס ערגסטע.

— ניין, טאָכטער. ס'איז געשען אַן אומגליק.

אסתר האָט נישט געענטפערט. זי איז געווען אַזוי אומרואיק ווי די מוטער.

— אסתר האָט געטראַכט, וואָס וועט זיין מיט דער מאַמען. וואָס וועט זיין מיט איר אַליין...

אסתר געדענקט נישט כמעט איר טאַטן. ווי אַ ווייטער שווערער חלום דערמאָנט זי זיך, אַן אויסגעצויגענעם אומבאַוועגלעך אויף דער ערד מיט די פיס צו דער טיר, פאַרדעקט מיט אַ ליילעך. צוקאָפּנס ליכט און אַ סך מענטשן. דאָס געוויין פון דער מאַמען און אַנדערע ווייבער. אַ שוואַרצע עגלה מיט שוואַרצע פערד. אויפן גענשער בית־עולם ליגט איר טאַטע. אַ קבר צווישן טויזנטער קברים. די מאַמע אַליין האָט זיי ביידע דערצויגן, געווען פאַר זיי אַלץ, געאַרבעט שווער, כדי זיי דער־נערן און דערציען. איין טרייסט האָט די מוטער געהאַט: די קינדער זענען געראָטענע.

— אסתר, אפשר וואָלסטו אים געגאַנגען זוכן?

— ווו וועל איך אים זוכן? איך ווייס דען, ווו ער איז?...

לאַנג האָבן זיך געצויגן די שעהן אין דער געדיכטער נאַכט־פינצטערניש.

ענדלעך איז דאָס ווינטערדיקע פרימאָרגן־ליכט מיט גרוים קאַרג־שאַפט אַריינגעדרונגען אין צימער. מיט אַ קרעכץ האָט זיך געעפנט דער שווערער אייזערנער טויער פון הויף. דער לאַנגער בעזעם פון הויז־וועכטער האָט מיט אַ געבייזער און נערוויש געקערט דעם ברוק, ביי אַ שכן האָט זיך געעפנט און פאַרקלאַפּט די טיר. אויפן לעצטן שטאָק האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף אַ קינד מיט אַ גרוים געוויין און קוויטש. דער הויף האָט איינגעאָטעמט אין זיך דעם פרישן טאָג מיט זיינע זאָרגן און האָפענונגען.

אַ מידע און נישט אויסגעשלאָפענע האָט זיך אסתר אויפגע־הויבן; געמאַכט פייער און דערלאַנגט דער מוטער טיי אין בעט. זי איז אַרומגעגאַנגען אַ צעדרודערטע איבערן צימער. די שטוב־אַרבעט איז איר איצט געפאַלן פון די הענט. עמעצער האָט לייכט אָנגעקלאַפט אין דער טיר. אסתר האָט האַסטיק געעפנט.

אַן אומבאַקאַנטע יונגע פרוי, קענטיק אַ פּוילישע, מיט גרויסע שמייכלענדיקע בלויע אויגן איז אַרייַנגעקומען.

— צי זייט איר דודס שוועסטער?

— יאָ. — האָט אסתר איינגעהאַלטן אָפּגעענטפערט.

— אייער ברודער לאָזט אייך האַרציק גרוסן.

— ווו איז ער?

— ווייט פונדאַנען. כדי נישט אַרייַנצופאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי, האָט מען אים איבערגעוואָרפן איבער דער גרענעץ. ער האָט מיר געבעטן איבערצוגעבן אייך פון אים די דאָזיקע פּופּציק זלאָטעס. פון אויסלאַנד וועט ער אייך שיקן בריוו און געלט.

— גוטע פּאַני — דער מוטערס קול האָט זיך געבראָכן — איז טאַקע מיין זון גאָר נישט געשען, איז ער נישט אַרייַנגעפאַלן צו זיי אין די הענט?

— ניין, ער איז אינגאַנצן פריי. איך פאַרזיכער אייך אין דעם. איר דאַרפט זיין צופרידן, אייער זון דראָט איצט גאָרנישט.

דער פרעמדערס אויגן זענען אַזעלכע אָפענע, הערלעכע. אסתר האָט איר אָנגענומען פאַר דער האַנט.

— זיצט, איך ווייס נישט ווי אייך אָפּצודאַנקען, מיר האָבן שוין נישט געוווסט וואָס איבערצוקלערן! די מאַמע איז קראַנק. זי איז אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן.

יאַדזיע האָט זיך צוגעזעצט, אַוועקלייגנדיק אויפן טיש איר האַנט־בייטל און די פרימאָרגן־צייטונג. אסתר האָט געוואָרפן אַ קוק אויפן פעטן גרויסן צייטונגס־קעפּל: „נצחון פון דער פּאָלקס־אַרמיי אין שפּאַניע“. ס'האָט איר פּלוצלונג אַ בליץ געטאָן אַ געדאַנק: דוד איז אַוועקגעפאָרן קיין שפּאַניע... דאָס איז ענלעך צו אים. זי איז איצט געווען זיכער אין דעם, פאַרוואָס איז דאָס איר תיכף נישט איינגעפאַלן?

יאַדזיע האָט זיך צערעדט מיט דער מוטער, צוגעזאָגט צו שיקן אירס אַ באַקאַנטן דאָקטאָר אָן געלט.

יאַדזיע האָט זיך אויפגעהויבן אַוועקצוגיין. די אַלטיטשקע האָט אַ בּאַרואיקטע איר געזעגנט, געבעטן, זי זאָל נישט פאַרגעסן אין זיי.

אסתר האָט זי אַראָפּבאַגלייט פון די טרעפּ. געזעגנענדיק זיך, האָט זי אָנגענומען יאַדזיען ביים אָרעם און צובויגנדיק זיך האַרט צו איר, שטיל אַרויסגעשעפּטשעט:

— זאָגט, דוד איז געפאָרן קיין שפּאַניע?

יאַדזיע האָט אַ ציטער געגעבן פון אומגעריכטקייט.

— ווער האָט האָס אייך געזאָגט?

— קיינער נישט. נאָר איך בין זיכער. אָבער איך בין שטאָלץ, וואָס מיין ברודער איז געפאָרן קיין שפּאַניע.

יאַדזיע האָט צוגעצויגן אסתרן צו זיך און זיך מיט איר צעקושט.

אסתר האָט נישט דערקענט די מאַמען. זי איז געלעגן אין בעט אַ שיינענדיקע, אַ גליקלעכע.

— דאַכט זיך אַ קריסטין. און וואָס פאַראַ איידעלע פרוי, פיל בעסער ווי אַ סך יידישע.

* *
*

אין דער זעלבער צייט, ווען מאַמע און טאַטער האָבן געערדט פון זייער זון און ברודער, האָט דוד מיט אַ גרופּע חברים געוואַנדערט איבער די קאַרפּאַטן-בערג. פונווייטנס האָט געלאָקט דאָס אויג די טשעכאָסלאָוואַקישע ערד, זייער ערשטער עטאַפּ אויף זייער ווייטן וועג צו די פּירענייען.

# 2. קרישע און אָליעק

פון אַלע זייטן זענען אָנגעלאָפן אָפענע אויטאָס מיט פּאָליציי. די גאַסן קרולעווסקע און ניי-וועלט זענען געוואָרן אָפּגעשלאָסן. רייטער-פּאָליציאַנטן האָבן אין געאייל אַדורכגאַלאָפּירט פון ראָטהויז צו דער אוניווערסיטעט-געביידע. נעבן אוניווערסיטעט איז די גאַנצע גאַס געווען שוואַרץ פון סטודענטישן המון: ס'האָבן זיך צונויפגעמישט סטודענטישע היטלען מיט דאַמען-הוטן. דער סטודענטישער המון האָט געווילדעוועט. גרויסע ווייסע פּלאַקאַטן האָבן זיך געהויבן איבער זייערע קעפּ. די לאָזונגען, געשריבענע און אַרויסגעשריגענע האָבן געהאַט איין אינהאַלט: „אַ טויט די יידן! נומערוס נוללוס פאַר די יידן אין די אוניווערסיטעטן! יידן אַרויס פון פּוילן!“ פונוויטנס האָט זיך געהערט אַ טראַסק פון אַ צעהאַקטער שויב.

די סטודענטן האָבן אַדורכגעריסן די פּאָליצייאישע קאָרדאָנען, צעוואָרפן זיך אין די אַרומיקע גאַסן. געהאַקט שויבן און יידישע געשעפטן, געיאָגט זיך נאָך איינצעלנע פאַרבייגייענדע יידן. איינער האָט דעם צווייטן געמוטיקט: „אָט דאָרטן, סטאַשעק, גייט אַ ייד, כאַפּ אים!“ יונגע ראָזע געזיכטער זענען פאַרלאָפן געוואָרן מיט בלוט. אויגן בלויע, ברויגע, גרינע, גרויע האָבן געברענט מיט היהשער שנאה. אויף דער גאַס איז אַרויס אַ פּולקעפּיקע, מוראַדיקע, דורשטיקע חיה מיט אַן אינסטינקט פון וואַלד, גייציק נאָך בלוט און פאַרוויסטונג.

קרישע איז געשטאַנען אַ צעטומלטע אויף עק וואַרעצקע, מיט ברייט אויפגעריסענע אויגן זיך צוגעקוקט צו די ווילדע מעשים פון די סטודענטישע מהגות. ס'האָט זי אַרומגענומען אַ טיפער עקל צו די דאָזיקע מענטשן, צו אירע אוניווערסיטעט-קאָלעגן. מיט די דאָזיקע מענטשן, וועלכע לויפן איצט אַרום ווי משוגעים איבער די גאַסן, שטודירט זי צוזאַמען, זיצט מיט זיי אויף לעקציעס, אין די אַרבעטס-קאַבינעטן פון אוניווערסיטעט, געהערט צו זיי, לויט איר אָפּשטאַמונג. זי

האָט זיך איצט געשעמט דערמיט, וואָס זי איז אַ פּוילישע, וואָס איר פּערזענלעך קאָן גאָרנישט געשען. קיינער וועט איר נישט באַליידיקן, קיינער וועט איר פון ערגעץ נישט אַרויסוואַרפן, איר קריסטלעך-אַרישע מעטריקע איז אַ כשרה. זי קאָן פריי — האָט זי מיט ביטערניש געטראַכט — זיך באַוועגן אויף די וואַרשעווער גאַסן, אין גאַנץ פּוילן. די זעלבע צעווילדעוועטע סטודענטן, וועלכע זענען אַזוי איבערטרייבנדיק העפלעך, ווען זיי רעדן צו איר אָדער צו אירע חברטעס, האָבן איצט געריסן ביי די האָר אַ סטודענטין, בלויז דערפאַר, ווייל יענע איז געבוירן געוואָרן ביי יידישע עלטערן.

אירע קליינע פולע ליפּן האָבן זיך פאַרצויגן אין אַ טיפן ווייטיקלעכן קנייטש. אַ גרופּע יאָגט זיך נאָך אַן אַלטן ייד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע. דער אַלטער לויפט מיט די לעצטע קרעפטן און זיי לאַכן, הירזשען ווי יונגע פערד, פייפן. ס'פאַלט אַ שטעקן אויפן אַלטנס קאָפּ. דער ייד איז אומגעפאַלן אויפן טראָטואַר. ווו איז די פּאָליציי? נישטאָ קיין פּאָליציי. זי האָט אינגאַנצן געציטערט פון אויפרעגונג און כעס.

צו איר געהער האָט זיך דערטראָגן אַ נייער ליאַרעם. פון כמיעלנע צו דער הויפּט-פּאָסט האָט מאַרשירט אַ געפּרעסטע גרופּע סטודענטן פון אַ מאַן הונדערט. זיי האָבן געוואָרפן אַנטיסעמיטישע אויסרופן און שטאַרק געטומלט. קרישע האָט פּלוצעם אויפגעציטערט. און דער ערשטער ריי, זשעסטיקולירנדיק און שרייענדיק, איז געגאַנגען איר ברודער אַנדזשיי.

קרישע האָט פאַרביסן ביז ווייטיק די ליפּן, ס'האָט זיך איר געוואָלט אַ געשריי טאָן, אַז דער ברודער זאָל הערן. זי איז געשטאַנען ווי אַ פאַרגליווערטע און נישט געקאָנט זיך רירן פון אָרט. זי האָט געוווסט, אַז אַנדזשיי און די שוועסטער לוציע זענען פאַרכאַפּט פון נאַציאָנאַליזם. אָבער ביז איצט איז דאָס געווען פאַר איר בלויז אַ טעמע פאַר הייסע שטוב-דיסקוסיעס, אָבער דאָס וואָס זי האָט איצט געזען... דאָס איז מער נישט געווען דער זעלבער אַנדזשיי, וואָס האָט ליב צו רעציטירן פּאָעזיע...

וואָס טוט זי נאָך צווישן זיי? אין שטוב איז איר אַלץ פרעמד און אומדערטרעגלעך. אַ שאָד דעם טאַטן, זי האָט זייער ליב דעם אַלטן פאָטער. זי האָט ליב זיין רואיקייט, זיין קלוגן קוק, זיין באַהערשטקייט. זי איז געווען אויך זיין ליבלינג. זי האָט אויך גערן די מוטער. אַ מאַמע

בלייבט אַ מאַמע, זי האָט אָבער געוווסט, אַז דער בייזער גייסט פון ברודער און שוועסטער שטאַמט פון דער מאַמען.

עמעצער האָט איר אָנגערירט ביים אַקסל. זי האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט און דערזען פאַר זיך איר פראָפעסאָר בראָנאָווסקי. ער האָט געקוקט אויף איר דורך זיינע גרויסע אויגן-גלעזער מיט זיין תמיד קלוגן שמייכל.

— וואָס שטייט איר אַזוי פאַרגאַפט אינמיטן גאַס. איך קוק שוין אויף אייך אַ שיינע פאָר מינוט, און איר האָט מיר גאָרנישט באַמערקט.

— איך האָב זיך צוגעקוקט צו די איִפטוען פון מיינע קאָלעגן סטודענטן...

— אַ סצענע נישט קיין באַזונדערס אָנגענעמע. זי פאַרשאַפט אונדז גענוג שאַנד אין אויסלאַנד.

— הער פראָפעסאָר, צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען מיין ברודער — איר שטימע האָט זיך געשטיקט פון באַהאַלטענע טרערן.

בראָנאָווסקי האָט זי אָנגענומען פאַרן אָרעם.

— קומט אַוועק פונדאַנען. וואָס זייט איר שולדיק, אַז אייער ברודער געפינט זיך צווישן זיי? שולדיק זענען מיר.

— מיט וואָס?

— מיר האָבן געדאָרפט דאָס פאָרויסזען. זענען מיר אָבער געזעסן פאַרמאַכטע אין אונדזערע קאַבינעטן. איצט שטייען מיר ווי די עגיפּטישע מומיעס אומבאַהאָלפענע. פאַרשטייט זיך — האָט ער צוגעגעבן — איך רעד פון די אָנשטענדיקע צווישן אונדז און נישט וועגן די, וועלכע העצן און פירן אַליין אָן מיט דעם אַלעם.

— מיר, הער פראָפעסאָר, איז זייער שווער. דער ברודער אַן אַקטיווער אָנעגראָוויעץ און די שוועסטער גייט אין זיינע וועגן.

— אַ שאָד אייער שוועסטער. זי מאַכט אַן איינדרוק פון אַ קלוגן פעיקן מענטש. אָבער וואָס איז מיט אייך געשען. צי האָט איר פריער נישט געוווסט דערפון?

— יאָ, איך האָב געוווסט. איך האָב זיך אָבער ביז איצט נישט אָפּגעגעבן קיין דין-וחשבון, צו וואָס דער בייזער גייסט קאָן דערפירן. צי קאָן איך פאַרבלייבן מיט די דאָזיקע מענטשן אונטער איין דאַך? זיצן מיט זיי ביי איין טיש?

— מע דאַרף האָבן געדולד, פריילן קרישע. אַמלייכסטן איז אָפּצוזונדערן זיך, אַנטלויפן פון אַלעם, פאַרשליסן זיך אין די אייגענע פיר

יוגנט. אַ סך פון אונדזערע האָבן אַזוי געטאָן. דער רעזולטאַט איז זייער אַ טרויעריקער. נישט איין מאָל דאַכט זיך מיר, אַז עס גייט טאַקע פאַר פוילן פאַרפאַלן אַ גאַנצער דור. אָבער מען טאָר נישט זיין פּעסימיסטיש. אָט זייט איר דאָך פאַראַן, זייט איר דאָך נישט איינע.

אייך, הער פּראָפעסאָר, איז לייכטער. איר האָט אייער אַרבעט, אייער סביבה, מיר איז עס שווערער.

— די יוגנט איז תמיד אומגעדולדיק.

— איר זייט גערעכט. איך בין אומגעדולדיק.

קרישע האָט זיך עטלעכע מינוט געוואַקלט, זאָגן אים?

— הער פּראָפעסאָר, איך האָב באַשלאָסן אַוועקצוגיין פון דער היים.

— ווי וועט איר גיין?

— איך וויל פאָרן קיין שפּאַניע.

בראָנאָווסקי האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיי זענען שוין געשטאַנען פאַר זיין הויז. זיין געזיכט איז נאָך ערנסטער געוואָרן.

— אינטערעסאַנט. וועגן דעם וועלן מיר נישט רעדן אויף דער גאַס. איר זייט שוין לאַנג נישט געווען ביי אונדז. לעאָניע האָט זיך שוין געפרעגט, פאַרוואָס מע זעט אייך נישט. קומט אַרויף דאָנערשטיק. אינ־טערעסאַנט. טראַכט אייך גוט איבער. אַדיע.

— אויף ווידערזען, הער פּראָפעסאָר. איך וועל קומען. אַ גרוס אייער פרוי.

דער ווינטער־אָוונט האָט זיך שנעל אָנגערוקט. זי האָט איינע אַליין שפּאַצירט פון איין גאַס אין דער צווייטער.

ווי שנעל זענען פאַרביי די יאָרן. זי געדענקט זיך נאָך אַלס קינד, וואָס האָט לאַנג געקרענקט און געפּיעשטשעט געוואָרן פון אַלע. די קרענק האָט זי טאַקע זייער יונג רייף געמאַכט. דערנאָך זענען אָנ־געקומען די שול־יאָרן. יאָרן פון אינטענסיווער אַרבעט. פון זיין די בעסטע שילערין. אין גימנאַזיע הייבט זיך אָן איר ערשטע געזעלשאַפט־לעכע טעטיקייט. זי טרעט אַריין אין „לעגיאָן מלאָדיך". אינגיכן ווערט זי די פירערין פון „לעגיאָן" אין איר שול. צווישן איר און דער שטוב קומט פאָר דער ערשטער ריס. די שטוב איז ענדעקיש. וועגן פּילסוד־סקין האָט די מוטער גערעדט מיט גאַל. איר, קרישען, האָט גראָד גע־צויגן די פּילסודסקי־לעגענדע. סיביר, אירקוצק, ראָגאָוו, טשערעמאָשנאָ, מאַגדעבורג...

און שפּעטער איז געקומען דער צווייטער ריס. ווי אַן אַנטפּלע־
קונג. די לעגענדע האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעוועפּט, געבליבן איז די
ווירקלעכקייט פון היינט. ברוטאַלקייט, מאַכט, איינאָרדענען זיך אויף
גוטע פּאָסטנס. דער היינט האָט נישט געשטימט מיטן נעכטן. אָבער וווּ
איז דער אויסוועג?

אויף דעם האָט קרישע דערווייל נישט געפונען קיין ענטפער.

דער פּראָפעסאָר פון מאַטעמאַטיק, בראָנאָווסקי, איז פאַר איר גע־
וועזן אַ רעטעניש. ער האָט צוגעצויגן צו זיך מיט זיין אַנדערשקייט, מיט
זיין באַזונדערן צוגאַנג צו פּראָבלעמען, מיט זיין אַרט רעדן און מיט
זיין גרויסער פּשטות. אויסערלעך האָט ער זיך מיט גאָר נישט אונטער־
שיידט פון די אַנדערע פּראָפעסאָרן. דאָך האָט קרישע געפילט, אַז דער
דאָזיקער פּראָפעסאָר איז אַנדערש ווי די איבעריקע.

זי האָט אָנגעהויבן אַריינצוקומען אין הויז פון פּראָפעסאָר.

פאַר קרישען איז דאָס געווען אַ נייע וועלט. די סאָציאַלע פּראָ־
בלעמען, וועלכע זי האָט ביז איצט שטודירט אין אוניווערסיטעט, האָבן
באַקומען אַן אַנדערן, נייעם זין. זי האָט אָנגעהויבן צו שלינגען די בי־
כער, וועלכע דער פּראָפעסאָר האָט איר רעקאָמענדירט. אַנדערע ביכער
מיט אַ גאַנץ נייעם אינהאַלט וועגן דער פילאָזאָפיע פון אַ נייעם קלאַס,
דאָס אַלץ האָט פאַרכאַפּט און מיטגעריסן.

* *
*

די זיצונג איז פאָרגעקומען ביי האַלינען אין וווינונג. האַלינע איז
געווען זייער ווייט פון פּאָליטיק, אַ צעפּיעשטשעטע רייכע טאָכטער, האָט
זי געהאַט אַנדערע זאָרגן. דאָס זענען געווען קליידער און פלירט. ווען
קרישע האָט איר פאָרגעשלאָגן אָפּצוגעבן איר די וווינונג אויף עטלעכע
שעה, האָט זי נאָר געפרעגט, צי ס'וועלן זיין יונגע מענער. קרישע האָט
מיט אַ געלעכטער אָפּגעענטפערט: „יאָ. אָבער פלירטעווע נישט מיט
זיי, דו וועסט מוזן זיצן שטיל".

ס'איז זיך צונויפגעקומען דער אינטעליגענטן־קאָמיטעט צו הילף
שפּאַניע.

ער האָט היינט באַטראַכט די פראַגע פון באַשטייערונגען און פון
רעקרוטירן ספּעציאַליסטן פאַר שפּאַניע. די אַרבעט האָט זיך גערוקט

פאַרויס. די מיטגלידער זענען געווען צופרידן. יעדער איינער האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון זיין טעטיקייט. קרישע האָט זיך געפילט זייער גוט אין דער דאָזיקער סביבה, געווען צופרידן, וואָס זי קאָן עפּעס טאָן פאַר דער שפּאַנישער רעפּובליק. אַממערסטן האָט איר געהאָלפן אין דער אַרבעט אָליעק. ער איז געווען אַ סך עלטער פון איר, אַ מענטש מיט אַ גרויסער פּראַקטיק אין דער לינקער באַוועגונג פון דער פּוילישער אינ־טעליגענץ. מיט זייער גרויסע פאַרבינדונגען און איניציאַטיוו, ער האָט איר מיטגעהאָלפן צו שטעלן אירע ערשטע טריט, אָנגעוויזן און געלערנט. אין דער אַרבעט האָבן זיי זיך דערנענטערט.

קרישע האָט זיך ביז איצט נישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג פון איר באַציונג צו אָליעקן. זי האָט פּשוט נישט געטראַכט וועגן דעם. נאָר ס'איז שוין כמעט תמיד אויסגעקומען,אַז זיי האָבן פאַרבראַכט זייער פריי־צייט צוזאַמען, געגאַנגען אין טעאַטער. אָליעק האָט איר אפילו עטלעכע מאָל באַזוכט אין דער היים. אויך איצט האָבן זיי צוזאַמען פאַרלאָזט די זיצונג. זיי האָבן שפּאַצירט איבער דער אויאַזדאָווער אַלייע. ס'איז גע־ווען אַ קאַלטער פראָסטיקער דעצעמבער־אָוונט. די גאַסן זענען געווען גליטשיק פון אָפּגערייניקטן שניי, די עלעקטרישע לאַמטערנס האָבן גע־ברענט טונקעלער ווי אַלע מאָל. די דורכגייער האָבן זיך געטוליעט אין זייערע שווערע ווינטער־מאַנטלען, אַרויסלאָזנדיק פון די מיילער געדיכטע פאַרע.

קרישע איז געווען אינגאַנצן רויט פון פראָסט. זאָגן אים אָדער נישט, האָט זי זיך געשלאָגן מיט דער דעה. זי וועט אים זאָגן, האָט זי באַשלאָסן.

— אָליעק, איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין שפּאַניע.

— וואָס וועסטו טאָן אין שפּאַניע?

— אין גימנאַזיע האָב איך אַדורכגעמאַכט אַ מיליטערישן קורס, איך קאָן זיך גוט אומגיין מיט געווער. אין שפּאַניע זענען דאָך פאַראַן פרויען־באַטאַליאָנען.

— מיר שיינט, אַז די דאָזיקע באַטאַליאָנען זענען אויפגעלעזט גע־וואָרן.

— איך גלויב נישט אין דעם. אויסערדעם האָב איך אַדורכגעמאַכט אַ סאַניטאַרן־קורס. איך וועל דאָרטן צונוץ קומען. איך האָב אַזוי באַ־שלאָסן און וועל פאָרן.

— ביסטו טאַקע דעציִדירט?

— נאָך ווי! איך טראָג זיך שוין לאַנג אַרום מיט דעם דאָזיקן גע־דאַנק. איך האָב שוין פון לאַנג באַשלאָסן אַוועקצוגיין פון דער היים. מיך ציט קיין שפּאַניע.

— וואָס וועט ווערן מיט דיין סטודיום?

— ס'וועט צווואַרטן. איבעריקנס טראַכט איך נישט וועגן דעם. מיך ציט אַהין. איך פיל, אַז איך קאָן דאָרטן נוצן ברענגען, דאָס איז דאָס וויכטיקסטע.

— וואָס וועלן זאָגן דיינע עלטערן?

—זיי וועלן נישט וויסן. אויב אפילו זיי וועלן וויסן, וועט עס נישט ענדערן מיין באַשלוס.

— אויב אַזוי, פאָרן מיר צוזאַמען.

— וואָס?

— דאָס, וואָס דו הערסט. ביי מיר איז עס שוין באַשלאָסן. איך פאָר שוין די טעג אָפּ. איך האָב זיך אַלץ געקליבן דיר צו זאָגן וועגן דעם, האָסטו אַליין איצט באַרירט.

— דו מיינסט ערנסט, דו ווילסט מיך מיטנעמען?

— זיכער מיין איך ערנסט. איך האָב זיך צו דיר שטאַרק צוגעבונדן. איך האָב די גאַנצע צייט געטראַכט, אַז מיר וועט זיין שווער אָן דיר. אויב דו האָסט זיך דעצידירט צו פאָרן, וועל איך גאָר זיין גליקלעך, אויב מיר וועלן פאָרן צוזאַמען.

— לאָמיר נישט רעדן וועגן דיינע געפילן — האָט זי אים אָפּגע־האַקט — נישט צוליב דעם האָב איך אָנגעהויבן מיט דיר דעם דאָזיקן געשפּרעך. איך בין זייער צופרידן, וואָס דו ווילסט מיך מיטנעמען, איך בין נאָך קיינמאָל נישט געוועזן אין אויסלאַנד, מיט דיר וועט מיר זיין לייכטער.

זיי האָבן מער נישט געפילט דעם פּראָסט. זיי האָבן אָפּגערעדט אַלע פּרטים פון זייער רייזע, ווען זיי וועלן אָפּפאָרן, וואָס זי האָט צו זאָגן אינדערהיים. קרישע האָט אינגאַנצן געפּיבערט פון פרייד. זי האָט אונטער־געטאַנצט אויפן טראָטואַר ווי אַ קליין קינד. זי האָט זיך שוין געזען אָנגעטאָן אין מיליטערישע קליידער, מיט אַ ביקס אין דער האַנט, ווי זי מאַר־שירט צוזאַמען מיט אַנדערע קעמפערינס. אָליעק האָט געטיילט איר פרייד.

פון ערשטן טאָג פון זיין באַגעגעניש מיט קרישען, האָט ער דער־פילט, אַז זי געפעלט אים. זי איז נישט געווען קיין שיינע, זי האָט

אָבער פאַרמאָגט אַ פּאָר העלע קינדערישע אויגן. די דאָזיקע אויגן האָבן תּיכּף געוואונען דעם צוטרוי צו זיך. קוקנדיק אויף זיי, האָט מען געפילט, אַז זיי קאָן מען אַלץ דערציילן, זיי וועלן אַלץ פאַרשטיין. ער איז געווען גליקלעך וואָס זי פאָרט מיט אים, דאָס אַליין איז שוין געווען אַ סך.

* *
*

אויפן וואָקזאַל איז געווען אַ גרויסע ערב־יום־טובדיקע באַוועגונג. יונגט אין ספּאָרט־קליידער מיט נאַרטעס אויף די פּלייצעס האָט זיך געאיילט צו פאַרנעמען פּלעצער אין די איבערפולטע וואַגאָנען. קרישע, אָנגעטאָן ספּאָרטסמעניש איז געשטאַנען נעבן איר וואַגאָן און גערעדט מיט דער שוועסטער לוציע, וועלכע איז געקומען זי באַגלייטן. זי האָט איר געגעבן עצות און געבעטן זיך נישט לאַנג זוימען אין זאַקאָפּאַנע. אין דער היים,בעתן געזעגענען זיך האָט קרישען שטאַרק וויי געטאָן, וואָס זי מוז אָפּנאַרן דעם טאַטן, זי האָט שטאַרק געליטן קוקנדיק אויף אים. וואָס וועט ער זאָגן, ווען ער וועט געוואויר ווערן דעם אמת?

זי איז צוגעפאַלן צום פאָטער און האַרציק זיך מיט אים צעקושט, ער איז געווען דערפון זייער געשמייכלט, אָבער אַ ביסל פאַרוואונדערט פון דער עקזאַלטאַציע.

קרישע איז לאַנג געשטאַנען ביים אַרויסגאַנג פון וואַגאָן, גאָכקוקנדיק די אַליין מער זיך פאַרקלענערנדיקע געשטאַלט פון לוציע. זי האָט געמראַכט וועגן פאָטער מיט אַ קלעמעניש אין האַרץ.

דער צוג האָט זיך געשגיטן אין דער פינצטערניש. סאָפּענדיק שווער מיט רוגזה. די פעלדער זענען געלעגן ווייסע אומבאַוועגלעכע. קרישע האָט אָנגעלעגט איר הייסן שטערן אין דער פייכטער פאַרפרוירענער שויב. אירע געדאַנקען האָבן זיך געריסן פאָרויס מיטן צוג, צו אַ ניי אומבאַקאַנט לעבן. זי האָט געוווסט, אַז קיין צוריק איז שוין נישטאָ...

# 3. אין פּראָג

ס'איז געווען אַ קאַלטער, ווינטערדיקער פרימאָרגן. פון צוג זענען אַראָפּ זייער פיל פּאַסאַזשירן. די מערהייט פון זיי איז אויסגעשטיגן עטלעכע סטאַנציעס פאַר פּראָג. מיט טשעקעס און רענצלעך אין די הענט האָבן זיי געאײַלט אין די ביוראָען און פאַבריקן. זבישעק און דאַניעל האָבן נישט געהאַט צו וואָס זיך צו איילן. ס'איז נאָך געווען פאַר אַכט אַ זייגער. דאַניעל האָט געהאַט אַ טרעפונג ערשט צוועלף אַ זייגער. פיר שעה אין אַ פרעמדער אומבאַקאַנטער שטאָט. זיי האָבן זיך געלאָזט גיין שפּאַצירן. די שטאָט איז זיי געפעלן, די ברייטע רחבותידקע גאַסן און סקווערן, די ביימער אויף ביידע זייטן בולוואַרן, די ריינקייט. זיי האָבן לאַנגזאַם אַדורכגעשניטן די בולוואַרן אַרויף צום ווענצעל־פּלאַץ, באַטראַכט די אַלטע מאַסיווע געביידעס, וועלכע האָבן געקוקט אויף זיי מיט חשובן עלטער און ווירדע. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער אַלט־שטאָט. אַדורכגעשניטן אַ שיינע בריק מיט פיל גאָלדענע צלמים. ס'האָט אַ ווייע געטאָן אויף זיי מיט דורותדיקער אַלטקייט פון געדרייטע שמאָלע געסלעך, אַלטע שטרענגע געביידעס און טונקעלע פענצטער. די שטאָט איז געלעגן פאַר זייערע אויגן אַ צעוואָרפענע, ציענדיק זיך אַרויף אויף קיילעכדיקע בערגלעך און אַראָפּפאַלנדיק אין מאָלערישע טאָלן.

נאָכמיטאָג, נאָכן טרעפן זיך אויפן אָנגעגעבענעם אַדרעס מיט די פאַרשטייער פון קאָמיטעט, האָט זיי אַ חברטע אַוועקגעפירט אויף אַ קאָנספּיראַטיווער דירה.

די דירה איז געווען ערגעץ נעבן טייך, ביי אַ גרויסן מאָנומענט און זייער אַ שיינער בריק. זיי זענען געגאַנגען אַזוי שנעל, אַז זיי האָבן נישט באַוויזן אפילו איבערצולייענען דעם נאָמען פון דער גאַס, אין וועלכער זיי זענען אַריינגעגאַנגען. אויפן פערטן שטאָק האָט זיך די חברטע אָפּגעשטעלט און אָנגעקלאַפּט. ס'האָט זיי געעפנט אַן אַלטיטשקע פרוי מיט אַ פויגל־געזיכט און גרויסע ברילן־גלעזער, וואָס האָבן כמעט פאַר־

שטעלט איר גאַנץ קליין געזיכט.ביידע האָבן עפּעס גערעדט אויף דייטש, נאָכדעם האָט די אַלטיטשקע געעפנט אַ טיר און זיי איינגעלאַדן אַריינצוגיין אינעווייניק.

דאָס צימער איז געווען לאַנג און שמאָל, פון ביידע זייטן זענען געשטאַנען צו צוויי אַלטמאָדישע בעטן, אינמיטן צימער האָט אַ גרויסער פירעקיקער טיש פאַרנומען דעם גאַנצן רוים, לאָזנדיק נאָר אַ שמאָלן פּלאַץ פאַר אַ דורכגאַנג. אַרום טיש זענען געזעסן עטלעכע יונגע מענטשן, איינער איז געלעגן אויפן בעט. די חברטע האָט זיך שנעל געזעגנט און איז אַוועקגעגאַנגען.

דאַניעל און זבישעק האָבן זיך צוגעזעצט צום טיש. אַ פּעסט געבוי־טער יונגער מענטש מיט אַ קיילעכדיק סימפּאַטיש געזיכט האָט גע־שטאָפּט פּאַפּיראָסן. ער האָט זיך געוואָנדן צו די אַריינגעקומענע אויף פּויליש, פאָרשטעלנדיק זיך, אַז ער הייסט שימאָן. זבישעק האָט זיך זייער דערפרייט, וואָס ער געפינט זיך צווישן פּאָליאַקן. ס׳האָט זיך געעפנט די טיר פון צווייטן צימער און ס׳זענען אַריינגעקומען נאָך עטלעכע מענטשן. מענער און צוויי פרויען. אַרום טיש איז געוואָרן ענג. מען האָט זיך צוגעזעצט אויף די בעטן. אַלע זענען פון פּוילן, פאָרן קיין שפּאַניע, דער קאָמיטעט האָט זיי דאָ איינגעאָרדנט. דאָ דאַרף מען זיך פאַרהאַלטן רואיק, אייניקע שכנים זענען פאַשיסטן, זיי טאָרן נישט וויסן, אַז דאָ געפינען זיך מענטשן, וועלכע קלייבן זיך צו פאָרן קיין שפּאַניע.

דעם אויבנאָן צווישן די „אַלטע“ איינוווינער פון דער דאָזיקער דירה האָט געפירט אַ דאַרער, בלאַסער יונגערמאַן, מיט שאַרפע געזיכטס־צוגן, בלאָנדע האָר און קלוגע דורכדרינגענדיקע גרויע אויגן. מען האָט אים גערופן אַנטאָן. דער שוואַרצער יונגערמאַן אויפן בעט, וואָס האָט גע־רעדט מער פון אַלע, איז זבישעקן נישט געפעלן געוואָרן. מען האָט אים גערופן בראָנעק. דערפאַר איז אים זייער געפעלן געוואָרן וולאַדעק, אַ הוי־כער ברייטפּלייציקער, מיט אַן אָפן גוט, פריילעך פּנים און דער שטילער, צאַרטער מיט אַ געזיכט פון אַ פאַרשעמט יונג מיידל, דוד. זבישעקן האָט מער פון אַלעם געוווּנדערט די אָנוועזנהייט פון צוויי יונגע מיידלעך, באַזונדערס פון איינער, מיט נאָך קינדערישע געזיכט־צוגן. קרישע האָט באַמערקט ווי דער פריש געקומענער באַטראַכט זי אויפמערקזאַם.

דאַניעל האָט זיך די גאַנצע צייט צוגעקוקט צו אַנטאָנען. זיין געזיכט איז אים פאָרגעקומען באַקאַנט, אָבער ער האָט זיך עפּעס נישט געקאָנט דערמאָנען, דאָס האָט שוין געמוזט מסתמא זיין זייער לאַנג, ווען ער האָט

אים געזען. פלוצים האָט אויפגעטויכט אין זיין דמיון די דינפענסיווע אין נ... אין אַ חושכדיקן אָוונט האָבן זיי זיך געטראָפן אין קאָרידאָר. אַנטאָן איז געווען אַ צעשלאָגענער, אַ באַגאָסענער מיט בלוט. אַנטאָנען האָט מען אַרויסגעפירט, אים דאַניעלן, האָט מען אַריינגעפירט...

— איך בין שוין דאָ די דריטע וואָך — אַנטאָנס שטימע איז געווען אַ שטילע און ערנסטע — פאַר דער דאַזיקער צייט זענען דורך דער דאַזיקער וווינונג אַדורך פיל מענטשן: בולגאַרן, יוגאָסלאַוון, טשעכן, אונגאַרן און מער פון אַלע פאָליאַקן. נישט איין מאָל האָב איך געטראַכט — האָט אַנטאָן ווייטער גערעדט — וועגן דער נאַפּאָלעאָנישער עפּאָפּייע און וועגן דעם אָנטייל אין איר פון אונדזערע יידעס. פאַר מיר איז שטענדיק געווען טרויעריק דאָס קאַפּיטל פון אָנטייל פון די פּוילישע לעגיאָנען און נאַפּאָלעאָנס קאַמף קעגן דער אומאָפּהענגיקייט פון שפּאַניע. איז דאָס נישט איצט אַ שפּיל פון דער געשיכטע, וואָס מיר, זייערע אייניקלעך גייען איצט קיין שפּאַניע קעמפן פאַר איר באַפרייונג.

קרישע האָט מיט נייגיר זיך צוגעהערט צו דעם דיאַלאָג.

— מיר גייען בלויז צאָלן אַ געשיכטלעכן חוב. מיר זענען פאַר אונדזער רום־רייכע טראַדיציע פון ניינצענטן יאָרהונדערט, די טראַדיציע פון מיצקעוויטשן און דאָמבראָווסקין: „פאַר אייער און אונדזער פרייהייט" — האָט זיך אָפּגערופן אַליעק.

דאָס געשפּרעך האָט איבערגעריסן די באַלעבאָסטע, מעלדנדיק, אַז ס'איז פאַרטיק דאָס אָוונט־ברויט.

*　　*
*

אַנטאָן און דאַניעל זענען געווען פאַרטיפט אין אַ שאַך. זיי האָבן נישט געהערט, וואָס ס'טוט זיך אַרום זיי. דאַניעל האָט געמאַכט אַ פרישן צוג און שאַרף אָנגעקוקט אַנטאָנען.

שימאָן איז געזעסן ביים טיש און געלייענט די סאָוויעטישע פרעסע. ער האָט נישט אַדורכגעלאָזן קיין שורה פון דער „פּראַווּדאַ" און „איזוועסטיאַ", אַלץ האָט אים אינטערעסירט. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן לייענט ער די ראַטן־פרעסע, נישט געהאַט ביז איצט די געלעגנהייט. נישט יעדעס וואָרט האָט ער פאַרשטאַנען, טייל ווערטער און פאַרקירצטע

טערמינען זענען אים געווען אומפאַרשטענדלעך. ער האָט זיך אָפטמאָל געווענדט צו אַנטאָנען נאָך אויפקלערונגען.

וויפל ער האָט פאַרשפעטיקט! האָט ער מיט ערגערניש געטראַכט, אַזוי לאַנג געווען אָפגעריסן פון דער וועלט. דאָס לעבן האָט געראַוושט ערגעץ ווייט פון אים, עס זענען פאָרגעקומען וויכטיקע געשעענישן און ער איז געווען געצוווּנגענערהייט אָפגעריסן פון אַלץ. מע דאַרף דער־יאָגן די פאַרלוירענע צייט.

ער האָט געשלונגען די ידיעות פון כינע און שפּאַניע, דאָס אַרטיקל וועגן דער העלדישער אַכטער כינעזישער אַרמיי האָט ער אַזש צוויי מאָל אַדורכגעלייענט. וולאַדעק האָט זיך צו אים צוגעזעצט.

— דו לייענסט אַלץ, וואָס שרייבן זיי פון שפּאַניע?

— אַז די נישט־אינטערווענץ־קאָמיסיע פאַרוואַנדלט זיך אין אַ שענד־לעכן פאַרס, דאָס שפּאַנישע פאָלק ווערט פאַרראַטן פון די אַזוי גערו־פענע דעמאָקראַטישע לענדער, דאָס פאָלק ווערט באַרויבט פון זיינע עלעמענטאַרע רעכט.

— וואָס הערט זיך אויפן פראָנט?

— קיין איבעריקע נייעס.

— דו ווייסט שימאָן, איך האָב אַלץ מורא געהאַט, טאָמער פאַר־שפּעטיק איך, טאָמער באַזיגט מען פראַנקאָן, איידער איך וועל באַוויזן צו פאָרן, צום באַדויערן האָבן מיר גאָר נישט פאַרשפּעטיקט.

— דו האָסט גאָרנישט פאַרשפּעטיקט — די מלחמה אין שפּאַניע הייבט זיך ערשט אָן.

— ווי לאַנג קאָן זי דויערן?

— ווער ווייסט? אַלענפאַלס זע איך, אַז זי וועט דויערן זייער לאַנג. פראַנקאָ ווערט געשטיצט פון היטלערן און מוסאָלינין. דאָס שפּאַנישע פאָלק אָבער האָט נישט בדעה צו קאַפּיטולירן פאַר פרעמדער געוואַלט. דער קאַמף הייבט זיך ערשט אָן.

— דאָס גרעסטע און באַדייטנדסטע אין דער שפּאַנישער מלחמה איז דאָס, וואָס זי האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אינטערנאַציאָנאַלער מלחמה פון דעמאָקראַטיע קעגן פאַשיזם. וואָס די גאַנצע אַרבעטנדיקע מענטשהייט אָטעמט איצט און פיבערט מיט שפּאַניע. דאָס ערשטע מאָל טרעפט זיך אָן דער פאַשיזם אין זיין הוצפּהדיקן מאַרש אויף אַזאַ ענער־גישן באַוואָפנטן ווידערשטאַנד.

ס'איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, די באַלעבאָסטע האָט שוין פון לאַנג געזאָגט „אַ גוטע נאַכט". די עלעקטריע האָט נישט געברענט, בדי די שכנים זאָלן נישט ווערן אויפּגעכאַפּט. זבישעק און דאַניעל האָבן שווער געבראַפּעט, מידע פון צוויי נעכט נישט שלאָפן און לאַנגן מאַרש צופוס.

קרישע מיט אָליעקן זענען געזעסן אויף קרישעס בעט און שטיל גערעדט.

— דיר ווילט זיך נאָך נישט שלאָפן? — האָט אָליעק געפרעגט.

— ניין, איך וואָלט אַזוי געזעסן אַ גאַנצע נאַכט.

— ווי געפעלן דיר די חברים?

— אינטערעסאַנטע און גוטע מענטשן זענען דאָס. אַנטאָן, וולאַדעק, דאַניעל, דוד, אברהם, אַזעלכע מענטשן האָב איך ביז איצט זעלטן געטראָפן. איך האָב דעם איינדרוק, אַז זיי קומען פון אַ גאַנץ אַנדערער וועלט. דער דאָזיקער זבישעק, דער פויער, וואָס פאַר אַ געזונטער מענטש דאָס איז, פיזיש און גייסטיק, ווי אַ דעמב. נאָר די צוויי, בראָנעק און זאָשקע געפעלן מיר נישט.

אָליעק האָט זיך שווער אויפגעהויבן.

די שטאָט איז געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף. פון צייט צו צייט האָט אַן אויטאָמאָביל־סירענע איבערגעריסן די נאַכט־שטילקייט. די לבנה האָט אַריינגעקוקט דורכן פענצטער. וולאַדעק איז געלעגן מיט אָפענע אויגן רויכערנדיק אַ סיגאַרעט. ס'האָט זיך אים געדאַכט, ווי ס'עפנט זיך די טיר און ס'קומט אַריין יאַדזיע, אַזאַ פרייליכע, האַרציקע. ער האָט ווידער איבערגעלעבט אין גדאַנק דעם לעצטן טאָג פון זיין אָפּפאָר.

ביי אַנטאָנען האָט דער שמועס מיט דאַניעלן אויפגעלעבט אַ סך בלעטלעך פון דער פאַרגאַנגענהייט, כמעט שוין פאַרגעסענע. אַ ווילער חבר דער דאָזיקער דאַניעל. אַזאַ באַשיידענער און פשוטער. ער האָט זיך אין דמיון פאַרטראָגן אין אַ וויטער שטאָט, אין דעם ליכטיק וואַרעמען צימער פון מערין. וואָס טוט זי איצט?

# 4. ביי דער גרענעץ פֿון די פּירענייען

אַלפּרעד איז אַריינגעפֿאַלן אַ צעיאָכמעטער, מיט אַן אויפֿגעקנעפּל־טער מאַרינאַרקע, דער קראַוואַט אין אַ זייט, די האָר צעשויבערט.

— חברה! ס׳קומט אָן אַ פֿרישע פּאַרטיע. ווייזט אויס, אַז מיר וועלן היינט ביינאַכט אַריבער די גרענעץ.

— וואָס זאָגט ער? — האָט דזשים געפֿרעגט ביי העררין.

העררי האָט איבערגעזעצט. דזשים האָט זיך דערפֿרייט.

— דאָס איז גוט. העי ברודערקע, ווי גוט ס׳וועט זיין. און דו דזשאָו, וואָס ביסטו אַזוי טרויעריק — האָט ער זיך געווענדט צום נעגערישן חבר.

— ווער, איך? ס׳הויבט זיך נישט אָן. איך האָב זיך פֿאַרטראַכט.

— וועגן וואָס?

— איך טראַכט, וואָס טוט איצט מיין ווייב אין אַלאַבאַמאַ.

— וואָס עפּעס אַלאַבאַמאַ, דו קומסט דאָך מיט אונדז פֿון פּיטס־בורג.

— דאָס שטימט. אָבער איך שטאַם דאָך פֿון אַלאַבאַמאַ. דאָרט האָב איך איבערגעלאָזט אַ ווייב מיט דריי קינדער. געשיקט איך פֿון פּיטסבורג געלט אויף לעבן. טראַכט איך איצט, וואָס וועט מיין אַלטע מאַן, אַז זי וועט פֿון מיר נישט באַקומען קיין געלט.

— זי וועט זיך שוין אַן עצה געבן, זאָרג נישט, ברודערקע — האָט אים העררי געטרייסט.

— אָ, מיין אַלטע וועט זיך שוין אַן עצה געבן. אָבער הונגערן וועט זי, איך זאָג אייך, אַז זי וועט הונגערן.

זייער געשפּרעך איז איבערגעריסן געוואָרן. אויפֿן הויף האָט זיך באַוויזן אַ פֿרישע פּאַרטיע פֿון אַ מאַן עטלעכע און פֿופֿציק. זיי זענען געקומען מיט וואַליזעס און רוקזעק, מיט מיצן, בערעטן און היט אויף די קעפּ. עלטערע און יונגע, ברוינע געזיכטער און מילך־ווייסע, בלאָנדע.

זיי האָבן גערעדט אויף פאַרשידענע שפּראַכן. געלאַכט איינער צום צווייטן און פאַרשטענדיקט זיך אויף שטום-לשון. זיי האָבן שנעל אָוועקגעלייגט זייער געפּעק און זיך אויסגעמישט מיט די, וועלכע זענען שוין פון פריער געווען, זוכנדיק באַקאַנטע און לאַנדסלייט.

ס'האָבן זיך דערהערט פרייליכע אויסרופן פון פריינד און באַקאַנטע.

— בערנאַרד, דו דאָ! כ'האָב געמיינט, אַז דו ביסט שוין לאַנג אין שפּאַניע.

— מען האָט מיך פאַרהאַלטן ביי דער עסטרייכיש-שווייצאַרישער גרענעץ, געזעסן אַ חודש, קוים זיך דערקליבן אַהער.

— איך בין אויך געווען אין עסטרייך אַרעסטירט, נאָר איין וואָך. זיי האָבן מיך אַליין איבערגעוואָרפן איבער דער שווייצאַרישער גרענעץ, געוואָלט וואָס שנעלער פון מיר פּטור ווערן. גוט וואָס מיר האָבן זיך דאָ געטראָפן, וועלן מיר פאָרן ווייטער צוזאַמען.

אַ קאַנאַדער הויכער ברייטפּלייציקער אוקראַינער האָט זיך געריסן מיט זיינע עלנבויגנס פאָרויס, צוגעפאַלן צו איינעם פון דער פּוילישער גרופּע, אַרומגעכאַפּט און גענומען היים קושן.

— ניקיטאַ, ברודער, אָ ווו מיר טרעפן זיך. דו אויך קיין שפּאַניע!

ניקיטאַ האָט אָנגעכאַפּט דעם ברודער ווי מורא האָבנדיק, אַז ער וועט פון אים אַנטלויפן.

— ווי לאַנג האָבן מיר זיך שוין נישט געזען, איוואַן?

— צען יאָר. וווּ ביסטו די גאַנצע צייט געווען?

— דריי יאָר געזעסן אין פּוילן אין תּפיסה, נאָכדעם אַוועק קיין פראַנקרייך. געאַרבעט ביז איצט אין נאָרד, אין די קוילנגרובן. מיר פאָרן אַ גאַנצע גרופּע פון דאָרטן. נישט געריכט זיך, אַז דו וועסט אויך פון קאַנאַדע קומען.

— שפּאַניע ווייסט נישט פון קיין גרענעצן. מיר פאָרן אויך אַ גאַנצע גרופּע: קאַנאַדער, אוקראַינער, פּאָליאַקן, יידן און אַנדערע יאַטן, איינס און איינס, געקליבענע, מען וועט געבן צו שמעקן פראַנקאָ.

— און איצט שוין צוזאַמען. האָבן מיר זיך געטראָפן, וועלן מיר זיך שוין נישט צעשיידן.

עלישע, אַ קליינער, אַ דאַרער, מיט אַ שפּיציקער גאָמבע און גרויסע ברילן-גלעזער האָט זיך געשטופּט צווישן עולם. צו זיין אויער האָט זיך דערטראָגן אַ געשפּרעך אויף יידיש. ער האָט זיך דערקליבן צו דער

גרופּע. אין אַ רעדל פון איבער צען מענטשן איז געשטאַנען אינדערמיט אַ הויכער פעסט געבוימער און הייס גערעדט צו די אַנדערע.

— איך האַלט, אַז מיר דאַרפן אַלע אַריינטרעטן אין פּוילישן באַטאַליאָן.

— פאַרוואָס עפּעס אין פּוילישן און נישט אין פראַנצויזישן?

— ערשטנס זענען מיר כמעט אַלע פון פּוילן אָדער פון די שכנות־דיקע מיט פּויל, לענדער. צווייטנס וועט עס האָבן אַ געוויסע פּאָליטישע באַדייטונג, מאַקע צוליב דעם, וואָס ס'האָט זיך לעצטנס אין פּוילן פאַרשטאַרקט דער אָפיציעלער אַנטיסעמיטיזם, דאַרף מען קעמפן צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן.

— פיל פון אונדז לעבן אין פראַנקרייך. קעמפן צוזאַמען מיטן פראַנצויזישן פּראָלעטאַריאַט. פאַרוואָס זאָלן מיר נישט קעמפן אויך אין שפּאַניע צוזאַמען מיטן פראַנצויזישן אַרבעטער? — האָט זיך עמעצער פון דער גרופּע אָפּגערופן.

— איך זאָג נישט, אַז מע דאַרף נישט קעמפן צוזאַמען מיטן פראַנצויזישן אַרבעטער, אוודאי יאָ. איך אַליין בין דריי יאָר געווען אין פראַנקרייך און בין אַן אָרגאַניזירטער מיטגליד פון די סינדיקאַטן. איך האַלט בלויז, אַז פאַר די יידישע פרייוויליקע האָט איצט אַ באַזונדערע באַדייטונג אַריינצוטרעטן אין פּוילישן באַטאַליאָן. פאַרשטייט זיך, אַז יעדער איינער קאָן טאָן ווי אים ווילט זיך.

עלישע האָט זיך צוגעהערט צום געשפּרעך. ער האָט זיך פאַרטראַכט. וווהין זאָל ער גיין? ביז איצט האָט ער גאָר נישט געקלערט פון דעם. ער פאָרט קיין שפּאַניע, דאָס איז פאַר אים געווען, איצט אָבער זעט ער, אַז ער וועט זיך אויך מוזן דעצידירן וווהין ער זאָל גיין. ער קומט פון פּאַלעסטינע, לאַנגע יאָרן דאָרטן געוועזן, געוואָרן אַ בירגער, ביז מען האָט אים פאַר זיין פּאָליטישער טעטיקייט אַרויסגעשיקט. אַ קורצע צייט איז ער געוועזן אין פראַנקרייך, ביז ער האָט ווי ס'איז איינגעאָרדנט דאָס ווייב און קינד ערגעץ אין אַ פינצטערער שמוציק געסל נעבן בעלוויל, אין אַ געסל, וווּ ס'קומט קיינמאָל נישט צו די זון, וווּ ס'ווינט די אָרעמקייט פון דער עמיגראַציע, אין אַ געסל, וווּ אפילו די פּאָליציי גייט נישט גערן — איז מאַקע לייכטער צו לעבן אין דעם דאָזיקן געסל אָן ווין־רעכט און אָן אַרבעטס־פּאַפּירן. זיין פרוי גיטע, איז אַ האַרציקע, איבערגעגעבענע חברטע, נישט בלויז וואָס זי האָט אים

נישט געשטערט, נאָר צוגעגעבן אים נאָך מוט. זי וועט זיך שוין ווי ס'איז אַן עצה געבן מיטן קינד.

אין די לאַנגע אומענדלעכע טעג אין דער ירושלימער תפיסה, ווען ס'איז שוין פאַר אים קלאָר געוואָרן, אַז מען וועט אים פון לאַנד אַרויס־שיקן, האָט ער באַשלאָסן אַוועק קיין שפּאַניע, ער האָט געוווּסט, אַז פיל פון זיינע חברים קעמפן שוין אין דער שפּאַנישער פאָלקס־אַרמיי. דער חבר, וואָס האָט נאָר וואָס דאָ גערעדט, איז גערעכט. קיין פּאַלעסטינער באַטאַליאָן איז נישטאָ. דאַרף מען זיך פאַרשרייבן צו די פּאָליאַקן.

צום הויף האָט גרלותדיק אַראָפּגעקוקט אַ הויכער פּירענייען־באַרג. זיין ריזיקער שפּיץ האָט זיך געשניטן אין הימל. די לופט אַ קלאָרע, אַ דורכזיכטיקע איז געווען קיל, פריש.

אין ווינקל פון הויף אויף אַן איבערגעדרייטן קאַסטן זענען געזעסן הערריי, דזשים און דזשאָו. דריי פּיטסבורגער לאַנדסלייט. דזשאָו האָט דערציילט וועגן אַלאַבאַמאַ. ער האָט דערציילט וועגן זיין זיידן, וועלכער איז נאָך געווען אַ לייב־קנעכט פון די פּלאַנטאַטאָרן אויפן דרום. ער האָט דערציילט וועגן זיין ווייב און קינדער, ווי אַזוי ער איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין די קוילנגרובנס פון פּיטסבורג.

הערריי און דזשים האָבן זיך צוגעהערט, איבערגעטראָגן זיך אין די געדאַנקען אין דער ווייט.

הערריי איז נאָך געווען יונג, אינגאַנצן עטלעכע צוואַנציק יאָר. אַלס קינד האָבן אים די עלטערן אַוועקגעפירט קיין אַמעריקע, זיי זענען אַוועק אין דער צייט פון פּאָגראָם אין האָמעל.

הערריי איז אויסגעוואָקסן אויף דער ניו־יאָרקער איסט סייד, גע־ענדיקט אַן אַמעריקאַנער פאָלקס־שול און זייער יונג געגאַנגען אַרבעטן אין פאַבריק. דער טאַטע האָט אין אַמעריקע קיין גליקן נישט געמאַכט, ער איז פון אַ קרעמער געוואָרן אַן אַרבעטער און דערצו אַ שלעכט באַ־צאָלטער. ער האָט כסדר געקרעכצט און באַדויערט זיין גורל. הערריין איז געווען פרעמד דעם טאַטנס קרעכצן, ווי אַלץ וואָס האָט געאָטעמט מיט דער היים, מיט די אַלטע מנהגים. ער האָט זיך געריסן אין דער ברייטער וועלט, נישט געוואָלט זיין קיין „גרינער". די פאַבריק האָט אים אויפגע־נומען מיט רוגזה און געבייזער. ער האָט זיך געפילט ווי אַ שרייפל פון אַ ריזן־מאַשין, וואָס קאָן אין געמורמל פון עלעקטרישע טראַנסמיסיע־פּאַסן יעדע מינוט צעריבן ווערן. הערריי האָט זיך קעגן דעם געבונטע־

וועט, נישט געוואָלט ווערן אַ מענטשלעכער ראָבאָט. ער ווערט אַקטיוו, צוערשט אין פאַריין און נאָכדעם אין דער „יאנג קאָמיוניסט ליג“.

מיט דזשימען האָט ער זיך באַקענט אין דער שאַכטע. דאָס איז געווען אַ טרוקענער אירלענדער. דזשים איז געווען אַ מיטגליד פון פאַריין האַלטנדיק, אַז יעדער אַרבעטער דאַרף זיין אָרגאַניזירט, אָבער ער דאַרף זיך נישט מישן אין פאָליטיק. אַ שטאַרקע איבערלעבונג איז פאַר דזשימען געווען דער מאָרד פון זיין פריינד און קוזין, דזשאָרדזשן. זיין איינציקער חטא איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס גייענדיק איינמאָל אין אָוונט אַהיים, האָט ער געזען ווי עטלעכע גענגסטער באַפאַלן דעם סעקרעטאַר פון פאַריין. ער האָט זיך אָנגענומען פאַרן באַפאַלענעם מענטש און באַקומען דערפאַר אַ קויל אין בויך. דזשים האָט געזוכט יושר. נאָר די פאָליציי האָט זיך אָפגעזאָגט צו זוכן די מערדער, כאָטש יעדער איינער האָט זיי אָנגערופן ביי די נעמען.

ווען דזשים איז געוויר געוואָרן, אַז הערי פאָרט קיין שפּאַניע, האָט ער קיין איין מינוט נישט געקלערט: „אַז דו פאָרסט, פאָר איך אויך“.

גאַנץ אַנדערש איז פאָרגעקומען זיין דערנעענטערונג מיט דזשאָוען.

איינמאָל האָט אַ ווייסער געוואָרפן זיך אויף דזשאָוען שלאָגן. הערי האָט זיך פאַר אים אָנגענומען. פאַר דזשאָו איז דאָס געווען אומדערוואַרט, אַ ווייסער האָט זיך פאַר אים אָנגענומען, די גרויסע צעשראָקענע ברוינע אויגן האָבן געקוקט מיט דאַנקבאַרקייט. פון דעמלט אָן איז ער געוואָרן איבערגעגעבן הערין, נאָכגעגאַנגען אים ווי אַ שאָטן.

זענען די דריי פריינד געזעסן איצט אויף אַן איבערגעדרייטן קאַסטן, געוואַרט אויפן סיגנאַל, כדי צו מאַכן דעם לעצטן שריט, אַריבערגיין די אַזוי לאַנג געגאַרטע גרענעץ.

*　　*

*

אין אַ לאַנגער ריי האָבן זיי זיך געצויגן פאָרויס איבער די בערג. דער אַרויפגאַנג איז געוואָרן אַלץ משופּעדיקער און שווערער. די מידע געוואָרענע פיס האָבן זיך כסדר פאַרטשעפּעט אינעם שטעכיקן גראָז, אָנגעקלאַפּט זיך אין צעקרישלטן שטיין. ס'האָט זיך געהערט דאָס האַסטיקע פאַלן פון באַרג־שטיינער און דאָס שווערע סאָפּען פון די גייער. פון אונטן איז געלעגן פראַנקרייך. איינזאַמע עלעקטרישע לעמפּלעך האָבן

אַרויפֿגעוויגקען, גערופֿן. פֿאָרויס איז געשטאַנען די געדיכטע פּיצנטעריש. אַ שאַרפֿער ווינט האָט זיך אַ וויג געטאָן איבערן באַרג, פֿאַרקראָכן אין די מײַלער, געשטערט דאָס אָטעמען, די אײַנצעלנע ביימער האָבן זיך געוויגט.

עמעצער האָט זיך אָנגעקלאַפּט אין אַ שטיין און איז אומגעפֿאַלן. ס'האָט זיך געהערט אַ שטילער געבײַזער און אַ קרעכץ. די, וועלכע זענען געגאַנגען פֿון אונטן, האָבן זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט. זיי זענען געגאַנגען איבער זייער אַ שמאָלער סטעזשקע, פֿון דער זײַט איז געלעגן אַ טיפֿער אָפּגרונט. די פּיגצטערניש האָט אים פֿאַרשטעלט, ווי שווינדליק זייערע נערוון. די, וואָס זענען געגאַנגען פֿאָרויס, האָבן אָנגעשטרענגט זיך צוגעהערט צום שטילן קלאַפּן פֿון אײַזערנעם שטעקן פֿון פֿירער איבער דעם האַרטן שטיינערנעם באָדן.

דער באַרג־אַראָפּ איז געווען נאָך שווערער ווי דער באַרג־אַרויף. קרישע איז געגאַנגען אונטער אָליעקן, זי האָט זיך פֿעסט אָנגעהאַלטן אין זײַן רוקזאַק, באַמיענדיק צו שטעלן גלײַכע טריט מיט אים.

אַרום האָט מען גאָרנישט געזען. זיי זענען געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ. אַלץ שווערער איז געוואָרן דער וועג.

דער הימל האָט אָנגעהויבן זיך צו גראָען, די לבנה אַן אויסגעבלייכטע ווי אַן אויסגעלאָשענע האָט זיך באַהאַלטן צווישן די בערג. ס'איז אויפֿגעגאַנגען דער מאָרגנשטערן. די בערג אויפֿגעפֿרישטע פֿון פֿרימאָרגן־טוי, האָבן זיך אַרויסגערוקט פֿון דער נאַכט־פּינצטערניש, זייערע שטיינערנע שפּיצן האָבן זיך איבערגעוויגקען מיטן אָנקומענדן טאָג.

פֿון אַ נאָענטן באַרג האָט אַראָפּגעקוקט צו זיי אַ ווײַס הײַזל, פֿאַרשטעלט מיט עטלעכע קיפּאַריס־ביימער.

דער פֿירער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— חבירים, מיר זענען שוין אין שפּאַניע.

דער הויכער איטאַליענער האָט אַראָפּגענומען דעם בערעט פֿון קאָפּ. פֿון זײַן שטאַרקער ברוסט האָבן זיך אַרויסגעריסן די מעכטיקע טענער פֿון אינטערנאַציאָנאַל:

„שטייט אויף איר אַלע, ווער ווי שקלאַפֿן
פֿון הונגער לײַדן, מוז און נויט,
דער גייסט, ער קאָכט, ער רופֿט צום וואָפֿן,
צום קאַמף אונדז פֿירן איז ער גרייט.“

אַלע האָבן אַנטבלויז זייערע קעפּ. די פּרימאָרגן־לופט איז פאַר־הילכט געוואָרן פון געזאַנג. די פרייוויליקע האָבן געזונגען אויף פראַנ־צויזיש און ענגליש, אויף דייטש און פויליש, אויף איטאַליעניש און יידיש. זיי האָבן אַלע געשיינט, אַ גרויסע פרייד איז אין זיי אויפגעגאַנ־גען.

די טריט זענען געוואָרן לייכטער. זיי זענען געגאַנגען איצט אין געדיכטע רייען. די איטאַליענער האָבן אָנגעהויבן צו זינגען:

אַוואַנטי פּאָפּאָלאָ, אַוואַנטי פּאָפּאָלאָ,
באַנדערא ראָסאַ."

דאָס ליד איז אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון גאַנצן עולם. די איטאַליע־נער האָבן נאָך נישט באַוויזן צו ענדיקן, ווי די פּאָליאַקן האָבן אונטער־געכאַפּט, אָנגעהויבן צו זינגען זייער דאָמבראָווסקי־הימן. קרישע האָט געהאַט טרערן אין די אויגן, זי האָט נישט געקענט די מעלאָדיע און די ווערטער. נאָר ס'האָט אַ ווייע געטאָן אויף איר מיט פוילן...

„ס'וועט נישט פעלן פון אונדז קיין איינער,
צו שלאָגן די פאַשיסטן און זיי פאַרניכטן,
אויפן פראָנט — באַטאַליאָן פון דאָמבראָווסקי,
הויב אויף הויך דיין פאָן!"

די דייטשן האָבן אויפגעזונגען זייער „רויטער וועדינג"־ליד. ס'האָבן געזונגען די אַמעריקאַנער. די לידער האָבן זיך צונויפגעמישט, געריסן זיך פאָרויס אינעם קלאָרן הימל־רויט, אינעם לויטערן אויפגייענדיקן טאָג. ס'האָבן מיטגעזונגען די בערג, איבערטראָגנדיק זייערע געזאַנגען ווייט איבער ביידע גרענעצן, ביז צו די נישט דערגרייכבאַרע הויכקייטן.

אַליז נעענטער האָט זיך שוין געזען דאָס ווייסע הייזל אויפן נאָ־ענטן באַרג. אַן אָליוון־עוולדל האָט זיך געטובלט אין טוי. פון די בלע־טער פון זיינע ביימער האָבן געקאַפּעט געדיכטע טראָפּנס ווי טרערן. אַ פאַסטעך־גלעקל האָט זיך ערגעץ צעקלונגען: שפּאַניע האָט אַריינ־געאָטעמט אין די געזיכטער פון די וואַנדערער אַ געהיימנישפולע, אַ ליכטיקע, אַ רואיקע און אָפּוואַרטנדיקע.

די בערג האָבן נאָך פאַר זיי פאַרשטעלט דאָס לאַנד. פון אונטן האָט זיך דערטראָגן צו זיי אַ געברום און סאָפּען פון שווערע לאַסט־אויטאָס, וועלכע זענען געקומען זיי אָפּנעמען.

# 5. פיגוּעראָס

פעבּרואַר. די פרימאָרגן-זון האָט זיך אַריינגעריסן דורכן פענצטער ארומנעמענדיק מיט איר ליכט דאָס גאַנצע אויסגעבויגענע לאַנגע צימער. קרישע האָט זיך אויפגעכאַפּט. כ'האָט נאָך געמוזט זיין זייער פרי. אַמעליע, די דייטשישע דאָקטאָרין, גערטרודע און ראָזע, די קראַנקן-שוועסטער, באָרקאָווסקאַ, די פּוילישע דאָקטאָרין און די דריי אַמעריקאַנער שוועסטער, וועלכע האָבן געוווינט צוזאַמען מיט איר אין צימער, זענען נאָך געשמאַק געשלאָפן. די מערהייט בעטן איז געשטאַנען ליידיק באַדעקטע מיט גרויע קאָצן. דער געוועלבטער האַלבקיילעכדיקער סופיט איז געלעגן זייער הויך. ס'האָט זיך געהערט דער פייף פון אַן אויטאָ-סירענע און דאָס שווערע סאַפּען פון אַן אַריינפאָרנדיקן קאַמיאָן *).

קרישע איז לייכט אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, אַן אויסגעשלאָפענע, אַ פריילעכע. זי האָט גענומען איר האַנטוך און שטילערהייט, נישט אויפצוּוועקן קיינעם, אַרויס פון צימער. אויפן הויף איז נאָך געוועזן שטיל. ביים טויער האָט מאַרשירט הין און צוריק אַ שפּאַנישער סאָלדאַט מיט אַן אויפגעשטעלטן באַגנעט אויף דער ביקס. קרישע האָט זיך מיט אים פריילעך באַגריסט: „סאַלוד קאַמעראַדאָ!‟ דער סאָלדאַט האָט פריינטלעך אָפּגעענטפערט. דער ברייטער גרויסער הויף איז נאָך געוועזן פּוסט, די פּעסט הויכע אינעווייניקסטע מויערן זענען געשטאַנען שטרענגע, אָנגעבלאָזענע, און אויסגעשטעלט זייערע אַלטע רעוומאַטישע ווענט אַנטקעגן דעם קאַלטן פרימאָרגן, קעגן די זון-שטראַלן און געקוקט אויפן הויף מיט הונדערטער אויגן פון זייערע פענצטער. עטלעכע שווער באַלאָדענע קאַמיאָנען באַדעקט מיט פּלאַנדעקעס זענען

*) לאַסט-אויטאָ

געשטאַנען אין אַ ווינקל פון הויף גרייט צום אָפּפאָר. בלויז פון דער קיך אין קעלער האָט זיך דערטראָגן אַ גערויש.

קרישע האָט זיך שנעל אָפּגעוואַשן, אונטערשטעלנדיק איר קערפּער אונטער אַ קאַלטן דוש. זי האָט דערפילט אַן אָנגענעמע פרישקייט. עס זענען אַוועק אַלע זאָרגן פון די לעצטע טעג. זי איז יונג, געזונט, פול מיט ענערגיע און האָפענונג. דער טאָג איז אַזאַ שיינער. אין וואַרשע איז איצט קאַלט, מע ווערט דאָרטן געפרוירן, זי ליידט זייער פון קעלט. דאָ איז אָבער וואַרעם און אַזוי שיין. זי האָט געפילט דעם פּרילינג אין איר האַרץ.

אונטערזינגענדיק אין דער שטיל אַ באַקאַנטע מעלאָדיע, איז זי אַרויס פון וואַש=צימער. אַלע זענען נאָך אַלץ געשלאָפן. זי האָט זיך שנעל אָנגעטאָן און צוריק אַרויס אויפן הויף. זי האָט זיך געלאָזט גיין מיט די שטיינערנע טרעפּ, וועלכע האָבן געפירט צו די טורעמס פון דער פעסטונג. אַרום דער פעסטונג זענען געלעגן צעוואָרפן גרינע פעלדער, אָליוון=וועלדער און פּאָמעראַנצן=פּלאַנצונגען, אַלץ איינגעטונקען אין דער פרימאָרגן=זון, בלישטשענדיק, שמעקעדיק. די הויכע בערג אַרום האָבן געהאַלטן די פעסטונג ווי מיט אַ שטיינערנער קייט אַרומגענומען. זיי האָבן זיך ווייט פאַרצויגן, אַריינגעשניטן אין טיפן בלויען הימל און געבליבן שטעקן אויף נישט דערגרייכבאַרע הויכקייטן.

פון ירעכטס איז געלעגן צעוואָרפן די שטאָט, אַ ווייסינקע, אַ געוואַשענע אין מאָרגן=טוי. ס'האָט זיך געזען דער סקווער אינמיטן שטאָט און די פּאַלמען=אַלייע. די טישלעך פון אַ פאַרמאַכטער נאָך קאַפע. דער בלישטשענדיקער אַספאַלט=שאָסיי האָט זיך געצויגן ווי אַ שלאַנג, פאַרלירנדיק זיך אין די לעצטע געסלעך פון דער שטאָט.

די פעסטונג האָבן פון אַלע זייטן אַרומגענומען טיפע לאַנגע גריבער. די ברוינע, שטיינערנע ציגל=ווענט זענען געווען דיק. אין דער הויך זענען געווען אויסגעהאַקט שמאָלע לענגלעכע לעכער פאַר די שיסער, שיין געפּאָרעמטע טורעמס פאַר די אָבסערוואַטאָרן. אַלץ איז געווען אַזוי שטאַרק און זיכער, געשאַפן פאַר דורות. אויף אַלעם איז געלעגן דער חותם פון פעאָדאַלער הערשאַפט, פון אַלטקייט, אַמאָליקן גלאַנץ און פראַכט.

קרישע איז געשטאַנען און באַוואונדערט דאָס אַלץ, נישט וויסנדיק אויף וואָס פריער אָפּצושטעלן איר אויג. זי האָט שפּאַצירט אויף דעם מיט גראָז באַוואָקסענעם שטיינערנעם דאַך. זי האָט איינגעזאַפּט די

פרישע לופט, וואָס האָט געווייעט צו איר פון די פעלדער. זי איז אַריבערגעשפּרונגען פון איין טורעם אויפן צווייטן.

דריי, פיר, פינף הייף, ריזיקע, לאַנגע, פונאַנדערגעוואָרפענע. יעדער הויף פאַרמויערט מיט שטאַרקע געביידעס, גרייט אויפצונעמען טויזנטער מענטשן אין זייגע ווענט. זי האָט זיך דורך אַ שטיינערנע בריק אַראָפּגעלאָזט אונטן. אומעטום איז געווען פוסט, ביי די ווענט האָבן זיך געוואַלגערט אַלטע צעפּוילטע שטרוי, צעריסענע מאַטראַצן און פאַרזשאַווערטע בעטן, שטיקלעך צעבראָכן אייזן, סמנים פון אַמאָליקן, שוין לאַנג אויסגעלאָשענעם לעבן. אין די גרויסע זאַלן איז געוועזן לער. פון אומעטום האָט געווייעט אויף איר מיט קאַלטער פוסטקייט און פרעמדקייט. די דאָזיקע ליידיקייט האָט געשראָקן, דערציילט וועגן אומגוצלעכער ענערגיע און מי. זי האָט געוואַנדערט איבער דער אויסגעליידיקטער אָפּגעשטאָרבענער פעסטונג, געבלאָנדזשעט איבער די הונדערטער אויסגערייניקטע זאַלן ווי אַ פאַרכישופטע.

ס׳האָט זיך געהערט אַ לאַנגער פייף פון אַדורכגייענדיקן צוג, אַ געדיכטער שוואַרצער זייל רויך האָט זיך געריסן צום הימל, עטלעכע קאַמיאָנען זענען סאָפּענדיק אַרויסגעפאָרן.

קרישע איז אַריין אין לעצטן הויף, דעם קלענסטן פון אַלע. די טויערן פון דעם דאָזיקן הויף זענען געוועזן זייער מאַסיווע און שווערע, געקאָוועטע אין אייזן. די גאַנצע קיילעכדיקע געביידע, וועלכע האָט אַרומגענומען דעם הויף, איז באַשטאַנען פון הויכע באַשלאָגענע מיט אייזן טירן, מיט שמאָלע קליינע עפענונגען אין זייערע הויפן. אייניקע פון די דאָזיקע טירן זענען געשטאַנען אויפגעפּראַלטע.

קרישע איז נישט דרייסט אַריינגעגאַנגען אין איינע פון די געעפנטע טירן. ס׳האָט איר אַ שלאָג געטאָן אַ פאַרדומפּענער ריח פון פוילנדיקער שטרוי און פייכטקייט. אויפן שטיינערנעם דיל האָט זיך געוואַלגערט אַ צעריסענער פייכטער שטרוי־זאַק, עטלעכע פאַרזשאַווערטע בלעכענע פּושקעס פון קאָנסערוון, אַ שמוציק צעריסן העמד און אַן איבערגעדרייטע הילצערנע טאַבורעטקע. די ווענט זענען געוועזן באַשריבן. זי האָט געלייענט און נישט פאַרשטאַנען. זי האָט געוואַנדערט פון איין קאַמער אין דער צווייטער. אומעטום האָט זי אָנגעטראָפן אויפן זעלבן בילד פון גרוילעכער אומעטיקייט, ווי די איינוווינער פון די דאָזיקע קאַמערן וואָלטן זיך געאײלט וואָס שנעלער צו פאַרלאָזן זייערע שטיינערנע קברים.

— איר באַוווּנדערט אונדזער אַמאָל! — קרישע האָט זיך שאַרף אויסגעדרייט. איר האָט זיך געדאַכט, אַז די פראַנצויזישע ווערטער קומען פון זייער ווייט. פאַר איר איז געשטאַנען אַ יונגער סימפּאַטי־שער שפּאַנישער סאָלדאַט און מיט לאַכנדיקע ברוינע אויגן געשמייכלט צו איר. זי האָט זיך גלייך באַהערשט.

— וואָס איז דאָ געווען?

— דאָ זענען געווען איינצלקאַמערן פאַר וויכטיקע פּאָליטישע אַרעסטירטע. דאָ האָט די מאָנאַרכיע געהאַלטן אונטערן שלאָס אירע געפערלעכסטע פּאָליטישע קעגנער, ביז זיי זענען אויסגעגאַנגען.

דער שפּאַניער האָט אויפמערקזאַם זיך צוגעקוקט צו קרישען.

— אַזוי יונג און געקומען קעמפן מיט אונדז צוזאַמען!

— דער קאַמף פרעגט נישט אויף עלטער!

— ריכטיק. מיין יונגערער ברודער האָט נאָך נישט קיין זיבצן יאָר און שלאָגט זיך שוין עטלעכע חדשים אונטער מאַדריד. נאָר ער איז אַ קאָמוניסט.

— איז וואָס?

— איך בין שטאָלץ וואָס מיין ברודער איז אַ קעמפער, איך וואָלט אָבער צופרידענער געווען, ווען ער איז אַן אַנאַרכיסט ווי אונ־דזער גאַנצע משפּחה.

— אָבער פאַרוואָס שמייכלט איר?

— אַ מאָדנע פאָלק זענט איר, סלאַוון. אונדזער לערער און גרינ־דער, באַקונין איז געווען אַ רוס. גראָד אין זיין לאַנד, ווי ביי אייך, איז דער אַנאַרכיזם זייער שוואַך.

דער שפּאַניער האָט פריילעך אויסגעשטרעקט צו איר די האַנט.

— קוים באַקענט זיך מיט אייך, און שוין דיסקוטירן מיר. אַזעל־כע זענען מיר שוין. זאָגט, ווי געפעלט אייך ביי אונדז?

— וווּנדערבאַר, איך בין איצט איין טאָג אין שפּאַניע. אויף מיר מאַכט אייער לאַנד אַן איינדרוק ווי אַ מעשהלע פון טויזנט און איין נאַכט. וואָס פאַר אַ שיינקייט און פראַכט! פאַר אַזאַ לאַנד לוינט זיך צו קעמפן. עס איז דאָ פאַרוואָס.

— עס איז דאָ פאַרוואָס. — האָט דער שפּאַניער צוגעגעבן. זיין געזיכט איז טונקל געוואָרן. — איר האָט נאָך גאָרנישט געזען. אונדזער לאַנד איז רייך און שיין. אַלע באַוווּנדערן עס. אָבער דער דאָזיקער

שיינער הימל ווערט אָפּטמאָל פאַרוואָלקנט דורך פיינטלעכער אַוויאַציע, שיקנדיק טויט און פאַרניכטונג.

ביידע זענען שטיל געבליבן און אַרויס פון דער קאַמער. זיי האָבן מיט פאַרגעניגן איינגעאָטעמט די פרישע לופט. דער הימל אַ קלאָרער און טיפער האָט זיך געוויטלט אין די זון=שטראַלן. עס האָט זיך געהערט דער פריילעכער רוף פון אַ טראָמפּייט.

— פרישטיק. קומט. איר מוזט שוין אוודאי זיין זייער הונגעריק.

אויפן ערשטן הויף איז געווען אַ גרויסע באַוועגונג. די פרייוויליקע, טייל נאָך מיט האַנטוכער אויף די אַקסלען, האָבן געאיילט אין שפּייז=צימער. די פעסטונג האָט אויפגעלעבט. עס האָט זיך געהערט געלעכטער און געזאַנג. יונגע פריילעכע זאָרגלאָזע שטימען.

דער גרויסער הויף איז אין איין מינוט פול געוואָרן מיט די פרייוויליקע. זיי האָבן זיך אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי; אינסטרוקטאָרן האָבן איבערגענומען איבער זיי די קאָמענדע.

קרישע און אַנדערע פרויען האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט צוקוקנדיק זיך צו די מיליטערישע איבונגען פון די פריש געקומענע.

— דו זעסט דעם אַלטן אין גרויען אַנצוג? — זאָגט די דייטשישע פראַנקן=שוועסטער, גערטרודע — דאָס איז אַן אונגאַרישער חבר, אַ וועטעראַן, אַדורכגעמאַכט די וועלט=מלחמה, געווען פאַרוווּנדעט בעת די קאַמפּן אין ראַטן=אונגאַרן, אַ לאַנגיאָריקער פּאָליטישער עמיגראַנט. נישט אויסגעהאַלטן און געקומען קיין שפּאַניע, מיטנעמענדיק מיט זיך זיין איינציקן זון. נעבן דעם אַלטן אַביסל אונטערהינקענדיק האָט מאַרשירט אַ הויכער יונגערמאַן מיט שוואַרצע האָר און אויגן.

אין דער אַמעריקאַנער גרופּע איז געגאַנגען אין דער ערשטער ריי דער קובאַנער אַלפאָנסאָ. אומגעהויער גראָב און הויך, מיט אַ רוי ווילד געזיכט, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט נאָר וואָס אַרויס פון אַן אור=וואַלד, מיט לאַנגע הענט און הויכע דיקע פיס, האָט ער געריסן זיין ריזיקן גוף פאָרויס, ריקנדיק זיך ווי אַ טיגער פאַר אַ שפּרונג. נעבן אים האָט מאַרשירט סעמועל, דער יידישער מאַטראָס פון סאַן=פראַנציסקאָ, אַ הויכער ברייטפּלייציקער בחור, מיט רויטע האַרטע הענט, ער האָט געהאַלטן גלייכע טריט מיטן קובאַנער. די דאָזיקע צוויי ריזן האָבן זיך מיט אַ קאָפּ געהויבן העכער פון דער גאַנצער מחנה. איינס, צוויי, איינס, צוויי, די זון האָט זיך געשפּילט מיט די געזיכטער פון די מאַרשירנדע.

אַוואַנטי פּאָפּאָלאָ, אַוואַנטי פּאָפּאָלאָ,
אַ לאַ ריסקאָסאַ, באַנדעראַ ראָסאַ.“

די איטאַליענער זינגען. עס העלפן זיי צו די אַנדערע קאָלאָנעס. עס לויפן אַרום די שפּאַנישע סאָלדאַטן און די פרויען. די גאַנצע פעסטונג זינגט מיט. מעכטיק רייסן זיך די טענער צום קלאָרן הימל־רוים, צונויפגעמישנדיק זיך מיטן אָפּקלאַנג פון די הונדערטער פיס אויפן שטיינערנעם ברוק.

די מיטליעריקע אַמעריקאַנער קראַנקן־שוועסטער בעטטי האָט פייכטע אויגן. „ווי שיין, ווי גוט“ — שעפּטשעט שטיל ווי אַ געבעט אירע ליפּן. אַזוי האָט מסתמא איר אַלטע מאַמע אין סקידל געבענטשט אירע קינדער אינעם הייליקן טאָג. איצט איז בעטטיס האַרץ איבערפולט מיט מוטערלעכער ליבע צו די דאָזיקע אַלע מוטיקע מענטשן, וועלכע זינגען אויס אונטער דער שפּאַנישער זון זייער בענקשאַפט און באַגער, האָפענונג און חלומות.

די איבונגען זענען צו ענדע. דער פּאָליטקאָמיסאַר, דער דייטשישער חבר לאַדט אַלע איין אין לייען־זאַל אויף אַ מיטינג. דער זאַל איז דעקאָרירט מיט פענער און לאָזונגען אויף אַלע שפּראַכן. יעדער שפּראַך־גרופּע האָט דאָ איר ווינקל. דער זאַל ווערט אין איין מינוט איבערפולט מיט די פרייוויליקע. דער קאָמיסאַר עפנט דעם מיטינג אויף שפּאַניש, פראַנצויזיש און דייטש, איבערזעצער רעדן אויף ענגליש און פויליש. ער גיט דאָס וואָרט דעם קאָמענדאַנט פון דער פעסטונג, אַ שפּאַנישן קאַפּיטאַן.

דער קאָמענדאַנט באַגריסט היים די פריש געקומענע פרייוויליקע. אין קורצע ווערטער גיט ער איבער די געשיכטע פון העראָישן קאַמף פון שפּאַנישן פאָלק קעגן זיינע און פרעמדע פאַשיסטישע אינטערווענטן. ער דערמאָנט די יאָרן, ווען ער אַליין איז געווען אַ פּאָליט־עמיגראַנט.

די פרייוויליקע זענען טיף גערירט.

זיי רינגלען אַרום דעם פּאָליטקאָמיסאַר.

— ווען פאָרן מיר אויפן פראָנט?

דער פּאָליט־קאָמיסאַר לאַכט.

— איר זייט צו אומגעדולדיק. אַזוי קאָן מען נאָך נישט פאָרן. איר וועט פריער זיין אין אַלבאַצעטע, דאָרטן וועט איר אַדורכמאַכן

אַ צוגרייטונגס=קורס. ערשט אַז איר וועט אים פאַרענדיקן, וועט איר געשיקט ווערן אויפן פראָנט.

— מיר זענען שוין אויסגעשולט. מיר האָבן געדינט אין דער היים אין מיליטער — הערן זיך אומגעדולדיקע שטימען.

דער קאָמיסאַר שמייכלט קלוג.

— עס וועט גאָרנישט אויסמאַכן, אַז איר וועט זיך אַביסל צולערנען. אַוועק די צייטן, ווען מע האָט געמוזט שיקן די פרייוויליקע, אפילו ווען זיי האָבן נאָך נישט געקאָנט האַלטן אַ ביקס אין דער האַנט. ווען איך בין אָנגעקומען קיין שפּאַניע, האָט די רעפּובליק איבערגעלעבט זייער אַ שווערן מאָמענט. פראַנקאָ איז געשטאַנען ביי די טויערן פון מאַדריד. מע האָט אונדז גענומען און גלייך אַוועקגעשיקט, אויפן לאַסט=אויטאָ האָבן איך האָב ערשטע מאָל אין לעבן געהאַלטן אַ ביקס אין דער האַנט. אין די טראַנשייען האָב איך זיך געלערנט שיסן. איצט איז שוין אַנדערש. מיר האָבן אַן אַרמיי און מע קאָן אייך פריער אויסבילדן.

אַ גרופּע האָט ענג אַרומגערינגלט דעם קאָמיסאַר, בעטנדיק אים אַז ער זאָל עפּעס דערציילן פון זיינע פראָנט=איבערלעבונגען. דער קאָמיסאַר האָט זיך פאַררויטלט. ער האָט אָנגעהויבן:

„...שוין דעם פערטן טאָג האָט זיך אונדזער קאָמפּאַניע געפונען אונטערן אומאויפהערלעכן פייער פון שונא. פאַרטאָג האָבן די מאַראָקאַנער אָנגעהויבן אַן אַטאַקע קעגן אונדז. זיי זענען געגאַנגען אין געדיכטע געשלאָסענע רייען, שיסנדיק אָן אויפהער. אַ העלפט פון אונדז איז שוין געווען טויט. מיר זענען נישט אָפּגעטרעטן. איך מיט רודאָלפן זענען געשטאַנען ביים קוילנוואַרפער. וואַלענטין איז געלעגן נישט ווייט טויט. פלוצלונג האָט רודאָלף אַ געשריי געגעבן, אַ קויל האָט אים געטראָפן אין דער האַנט. די מאַראָקאַנער זענען שוין געווען זייער נאָענט. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צוריקצוציען. איך האָב געשלעפּט דעם קוילנוואַרפער. אונטער מיר איז געגאַנגען רודאָלף. איך האָב געהערט דאָס האַסטיקע נאָכשיסן פון פיינטלעכן קוילנוואַרפער. עס איז מיר פלוצלונג הייס געוואָרן אין האַלדז. איך האָב דערשפּירט אַ שטאַרקן ווייטיק אין דער רעכטער זייט, אין ברוסט=קאַסטן. איך בין אומגעפאַלן, טראַכטנדיק, אַז עס איז געקומען מיין לעצטע מינוט. איך האָב דערפילט, אַז עמעצער שווער קרעכצנדיק שלעפּט מיך אַוועק. איך האָב

פאַרלוירן דיזם באַוווסטזיין. ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך דערפילט, אַז עס ליגט אויף מיר אַ שווערע משא. מיט מי האָב איך זיך פון איר באַפרייט. דאָס איז געווען רודאָלף. ער איז געווען טויט, אין זיין פאַרגליווערטער האַנט האָט ער געהאַלטן דעם שלאָס פון קוילנ־וואַרפער. אַ שווער פאַרווונדעטער, האָט ער באַוויזן אַרויסצונעמען דעם שלאָס פון קוילנוואַרפער. איך בין געראַטעוועט געוואָרן, ווי איך בין שפעטער געוווּיר געוואָרן, דורך דער קאָנטראַטאַקע פון די פּאַליאַקן, וועלכע האָבן צוריק אַרויסגעשלאָגן די מאַראָקאַנער פון אונדזערע פּאָזיציעס. איך בין געטראָפן געוואָרן פון פינף קוילן. נאָר ווי איר זעט בין איך געבליבן לעבן.“

*        *
*

די זון איז געשטאַנען הויך. די בערג גרין־בלויע האָבן זיך געשפּילט מיט קלאָרע דורכזיכטיקע ראָזע וואָלקנדלעך. פון ים האָט זיך אויפ־געהויבן אַ דיקער אָנגעשוואָלענער שוואַרצער וואָלקן, דערנעענטערנדיק זיך צו פיגוראָס. אַ לייכט ווינטל האָט זיך פאַרטראָגן, פאַרבלאָנדזשענ־דיק אין קרישעס בלאָנדע האָר. זיי זענען געזעסן אויפן שטיינערנעם דאַך פון דער פעסטונג, אַ צונויפגעמישטע גרופּע פון פּאָליאַקן, יידן, אוקראַ־אינער, טשעכן, יוגאָסלאַוון און בולגאַרן. גערעדט און פאַרשטענדיקט זיך אויף האַלב רוסיש, האַלב פּויליש.

דער סערב האָט געהאַט אַ שיינע באַריטאָן־שטימע, ער האָט גערן געזונגען. די איבעריקע האָבן צוגעהאָלפן אָדער זיך צוגעהערט.

ער האָט געזונגען סערבישע פאָלקס־לידער מיט שטאַרקער בענק־שאַפט צו די היימישע פעלדער און בערג, צום דאָרף און שטילן טייכל. עס האָט אַ ווייַע געטאָן אויף די אָנוועזנדע מיט פריש־צעאַקערטער ערד, מיט צייטיקע פרוכטן און רויך פון דאָרפישע קוימענס. זיי האָבן גע־הערט דאָס פאַרמלחמהדיקע פייפל פון פאַסטוך, דאָס מוקען פון דער קו, דאָס הירזשען פון זאַטן אויסגערוטן פערד אין שטאַל, דאָס געוויין פון מיידל ביים געזעגענען זיך מיט איר געליבטן, וואָס פאָרט אַוועק אין די ווייטע לענדער נאָך אַרבעט און ברויט און ווער ווייסט, צי זי וועט אים נאָך אַמאָל זען...

שפּעט אין אָווּנט, ווען די פעסטונג איז שוין געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף. האָט עלישע געשריבן זיין ערשטן בריוו צו זיין פרוי אין פּאַריז.

פיגועראַס. יאַנואַר, 1937

## מיין טייערע!

איך שרייב דיר פון דער פעסטונג פיגועראַס. דאָ איז זייער שיין. די בערג דאָ דערמאָנען מיר זייער שטאַרק אין גליל. עס איז היינט געווען אַ זוניקער טאָג. די שפּאַניער זאָגן, אַז עס וועט נאָך רעגענען.

היינט האָב איך אַדורכגעמאַכט די ערשטע מיליטערישע איבונגען. אַ ביקס האָט מען אונדז נאָך נישט געגעבן. דאָס וועלן מיר ערשט באַקומען אין אַלבאַצעטע.

געטראָפן דאָ אַ סך באַקאַנטע פון פּאַריז און פּאַלעסטינע. אבנר פאָרט מיט מיר צוזאַמען. איך האָב באַשלאָסן אַריינצוטרעטן אין פּוילישן באַטאַליאָן, שוין זיך פאַרשריבן דאָרטן. די מערהייט יידישע חברים האָט דאָס זעלבע געטאָן.

מאָרגן פאָרן מיר אַוועק קיין אַלבאַצעטע, דאָרטן געפינט זיך די באַזע פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. אַלע זענען מיר דאָ אומגעדולדיק. מע רעדט נאָר פון איינס, פון פראָנט.

קוש האַרציק אונדזער מיידעלע
זיי געזונט און האַרציק געקושט.
דיין עלישע

אויפן הויף איז געווען פינצטער, נאָר פון טויער האָט אַרויסגעשלאָגן אַ בלאַסער ליכט־שיין.

דער וועכטער האָט געקלאַפּט מיט זיינע שווערע טריט, גייענדיק הין און צוריק.

## 6. ביי כאַראַמאַ

חדשים איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף אַרום מאַדריד. דער שונא האָט געוואָרפן אַלע זיינע כוחות. די נאַוואַרער דיוויזיעס, דער אויסלענדישער לעגיאָן (טערציאַ), די מאַראָקאַנער, איטאַליענישע בריגאַדעס, דייטשישע טאַנקן און שווערע אַרטילעריע האָבן זיך ווי אַ לאַווינע געדרוקט אויף דער שטאָט.

שטאָל און אייזן האָט זיך אָנגעטראָפן אויף מענטשלעכן ווילן. מאַדריד האָט אויפגעציטערט. פון אַלע אַרטעריעס האָבן געשטראָמט צו איר פרישע כוחות, געזאַמלט זיך אַרום איר. דער פינפטער רעגימענט, די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס, דאָס מאַדרידער פאָלק האָט פאַרשטעלט פאַרן פאַשיזם דעם וועג צו דער שטאָט.

מיט הוילע הענט האָט דאָס פאָלק אויפגעבויט באַריקאַדן, געגראָבן שוץ־גראָבנס. אַרבעטער, פויערים, נעכטיקע סטודענטן, לערער און פראָפעסאָרן, קינסטלער און שרייבער האָבן זיך אין איין נאַכט אויסגעלערנט שיסן. אין די חושכדיקע נאָוועמבער־נעכט האָבן די פּאַרטיזאַנער פון מאַדריד פאַרהאַלטן דעם שונא, צעבראָכן די קראַפט פון זיינע מאָטאָריזירטע מחנות, אָפגעשטעלט זיין מאַרש פאָרויס אין גרינעם טאָל פון קאַסאַ דעל קאַמפאָ, ביי די חורבות פון דער אוניווערסיטעט־שטאָט. די פאַשיסטישע מחנות האָבן אַרומגערינגלט די שטאָט, געהאָגלט אויף איר טאָג און נאַכט — פון דער לופט און ערד — מיט פייער, פאַרניכטנדיק איין קוואַרטאַל נאָכן צווייטן.

די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך פעסטער פאַרגראָבן אונטער דער ערד. „נאָ פּאַסאַראַן!" זיי וועלן נישט אַדורך! האָט מאַדריד געשריגן. פראַנקאָ און זיינע ראַטגעבער האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי וועלן קאַסאַ דעל קאַמפאָ און דאָס חרוב־געוואָרענע אוניווערסיטעט־שטעטל נישט נעמען. מאַדריד, די ווידערשפּעניקע שטאָלצע שטאָט, האָט אָבער געלאָקט און גערייצט. פון דריי זייטן איז זי שוין געווען אַרומגערינגלט מיט אַ שטאָלענער קייט.

בלויז דער שאָסעי וואַלענסיאַ=מאַדריד איז נאָך געבליבן פריי פאַר דער רעפובליק. נאָר דורך אים האָט נאָך מאַדריד געקאָנט באַקומען שטיצע און הילף.

אָפּשניידן מאַדריד פון דער רעפובליק, אַרומרינגלען זי פון אַלע זייטן. די גענעראַל=שטאַבן פון בערלין און רוים האָבן אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן אַריינצוברעכן זיך אין מאַדריד פון דורם=מזרח און צפון. דורך כאַראַמאַ און גוואַדאַלאַכאַראַ.

פראַנקאָ האָט באַשלאָסן צו פּרובירן צוערשט דאָס גליק ביי כאַראַמאַ. דאָ, האָט ער געגלייבט, וועט אים לייכטער אָנקומען דער נצחון. ער האָט גערעכנט אויף זיין טעכנישער איבערוואָג. אויף זיין בעסער אָרגאַניזירטער און אויסגעשולטער אַרמיי. ער האָט געהאָפט אויף דער הילף פון דער „פינפטער קאָלאָננע“ און אויף אַ טייל אַלטע אָפיצירן, וועלכע זענען פאַרבליבן ביי דער רעפובליק.

פיבערהאַפט זענען פאָרגעקומען ד צוגרייטונגען צו דער נייער אָפענסיווע. דייטשישע און איטאַליענישע שיפן האָבן כסדר אויסגעלאָדן אין די שפּאַנישע פּאָרטן געווער, אַמוניציע און סאָלדאַטן פון דער רעגולערער איטאַליענישער אַרמיי. אויף אַלע וועגן, וועלכע פירן קיין מאַדריד, האָבן זיך געצויגן הונדערטער לאַסט=אויטאָס.

* *
*

שפּעט אין אָוונט זענען מיט אַ געבייזער אָנגעפאָרן די לאַסט=אויטאָס. פון אַ לייכטן אויטאָ איז אַרויסגעשפּרונגען אַ שטאַב=אָפיציר פון דער בריגאַדע און איז אַריין צום קאָמענדאַנט פון דאָמבראָווסקי=באַטאַליאָן. אין אַ צוויי מינוט איז אַ פאַרסאַפּעטער אַרויסגעלאָפן פון שטאַב דער אַדיוטאַנט פון באַטאַליאָן. ער האָט אויפן וועג פאַרראָכטן דעם בערעט אויפן קאָפּ זיין הויכע בויגיקע פיגור האָט אונטערגעשפּרונגען.

— פאַרטיק מאַכן זיך אין וועג! — האָט ער אַ רוף געטאָן צו די קעמפער, וועלכע זענען אַרויסגעלאָפן אויפן געוויש פון די אויטאָס.

די קעמפער זענען מיט אימפּעט אַריינגעלאָפן אין די שטובן, איילִיק געכאַפּט די ביקסן, אָנגעשעפּעט די האַנט=גראַנאַטן ביי די פּאַסן, פאַרוואָרפן אויף זיך די דעקן און מיט גערויש אַרויס אויפן הויף. רובין און גאָנסיאָראָווסקי, דוד און וואַצעק האָבן אַרויסגעשלעפּט זייערע מאַקסים=

קעס, אַנדערע האָבן שנעל אַריינגעוואָרפֿן אין די לאַסט־אויטאָס לאָמען און לאַפּאַטעס.

די קאָמענדאַנטן פֿון די קאָמפּאַניעס האָבן נערוועז און שנעל אָפּגע־געבן באַפֿעלן.

די מאָטאָרן האָבן אָנגעהויבן צו רוישן, פּאַרטויבנדיק דעם אויס־געשריי פֿון די קעמפֿער. עס איז געפֿאַלן די קאָמאַנדע: „אָפּפֿאָרן!“ צענדליקער ליכטער האָבן אַ בליץ געטאָן אין דער פֿינצטערניש. די לאַסט־אויטאָס האָבן זיך אַ ריס געטאָן פֿאָרויס, פֿאַרקערעווענדיק זיך שנעל אויף לינקס.

די נאַכט איז געווען אַ פֿינצטערע, אַ פֿאַרוואָלקנטע. אַ גרוי־שוואַר־צער הימל איז געלעגן אויפֿן איינגעהילטן אין חושך שטעטל. עס האָט געבלאָזן אַ קאַלטער באַרג־ווינט, די לאַסט־אויטאָס קרעכצנדיק האָבן זיך געוואָרפֿן פֿון איין זייט אויף דער צווייטער, איילנדיק זיך ערגעץ אין דער נאַכט.

אברהם האָט זיך אָנגעהאַלטן אין וואָלאַדעקן.

— וווהין פֿאָרן מיר?

— איך ווייס נישט, מסתמא קיין מאַדריד.

— מיר שיינט, אַז דאָס איז נישט דער וועג קיין מאַדריד. מיר פֿאָרן אין אַ פֿאַרקערטער ריכטונג. — האָט זיך וואַצעק אָנגערופֿן.

— וווהין?

— דאָס ווייס איך נישט. אָבער איינס ווייס איך, מיר פֿאָרן באַגע־געגענען די פֿאַשיסטן.

— מיר וועלן נאָך היינט אַטאַקירן?

זבישעק האָט זיך אָנגעלענט אויף זיין ביקס, שאָקלענדיק זיך צום ריטם פֿון די באַוועגונגען פֿון לאַסט־אויטאָ.

— ווער קאָן וויסן. אַ פֿיינע ביקס, אַ סאָוויעטישע — וואָלאַדעק האָט מיט ליבע באַטראַכט אין דער פֿינצטער זיין ביקס.

— די מאַקסימקעס זענען נאָך בעסער. עס וועט גוט זיין פֿון זיי צו שיסן — גאָנסיאָראָווסקי האָט זיך געפּאָרעט אַרום זיין קוילנוואַרפֿער, צודעקנדיק אים מיט זיין קאָץ.

פּלוצלונג איז אויסגעשלאָסן געוואָרן דאָס ליכט פֿון די אויטאָס און זיי האָבן אָנגעהויבן צו פֿאָרן זייער לאַנגזאַם, פֿאַרקערעווענדיק זיך זייער פֿאָרזיכטיק אין אַ זייט. אינסטינקטיוו האָבן הענט פֿעסטער אָנגענומען די ביקסן.

— עס מוז שוין זיין זייער באַגנט — האָט עמעצער געזאָגט. קיינער האָט אים נישט געענטפערט.

זיי האָבן גערגישט געזען פאַר זיך. בלויז די ריזן־בערג האָבן זיך אויסגעטיילט אין דער פינצטערניש, ווי גיגאַנטישע שאָטנס. זיי זענען געפאָרן אַלץ לאַנגזאַמער, האַרט איין אויטאָ בײַם צווייטן. די מענטשן זענען געשטאַנען שטיל, קוקנדיק אין חושך פון דער נאַכט, צוהערנדיק זיך צום קלאַפּן פון די אייגענע הערצער. זיי זענען אַדורכגעפאָרן אַ בריק און זיך אָפּגעשטעלט.

עטלעכע פיגורן האָבן זיך דערנענטערט צו די לאַסט־אויטאָס.

— חברים, אויסשטייגן!

דער קאָמענדאַנט פון באַטאַליאָן איז אַרויס פון זיין אויטאָ און צוגעגאַנגען צו די פרעמדע.

וואַצעק האָט שטיל גערעדט מיט וולאַדעקן.

— ערגער איז מיט די מאַראָקאַנער. זיי זענען גוטע שיסער. זיי האָבן אַן אויסגעצייכנטע קאַוואַלעריע. ביי קאַסאָ דעל קאַמפּאָ בין איך שיר נישט אַריינגעפאַלן צו זיי אין געפאַנגענשאַפט, זיי האָבן אונדז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, מיר האָבן קוים זיך אַדורכגעריסן.

די שטימע פון סטעפּאַנסקין, דעם קאָמענדאַנט פון דער קאָמפּאַניע איז געווען טרוקן און באַפעלעריש.

מען איז געגאַנגען איבער אַ פעלד, אָנשטויסנדיק זיך כסדר אויף שפּיציקע קליינע שטיינדלעך. מען האָט גאָרנישט נישט געזען פאַר זיך, נאָר געפילט ווי מען הייבט זיך אַלץ העכער און העכער.

סטעפּאַנסקי און פראַנעק זענען געגאַנגען פאָרויס. אָפטמאָל האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, שטיל זיך באַראַטן און ווייטער געגאַנגען, ציענדיק מיט זיך די גאַנצע קאָמפּאַניע. וואָס אַמאָל איז דער גאַנג געוואָרן אַלץ משופּעדיקער און שווערער. אַ שטאַרקער באַרג־ווינט האָט זיי געפּאַטשט אין פּנים. זיי זענען געגאַנגען צעוואָרפן.

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט. עס האָט זיך דערטראָגן דער אָפּקלאַנג פון טעמפּע קלעפּ.

— חברים, דאָרטן אויף יענעם באַרג געפינען זיך די פאַשיסטן. זיי שאַנצן זיך אַרום. מיר דאַרפן אויך אויסבויען שוצגראָבנס. צו דער אַרבעט, יאַטן! לאָמען און לאָפּאַטעס האָבן מיר. — סטעפּאַנסקי האָט איינגעטיילט די פּלוטאָנען.

חברה האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. זיי האָבן געגראָבן אין דער פינצטערניש. די ערד איז געווען אַ שטיינערנע. יעדן שפּאַן איז אויסגע־קומען צו נעמען מיט אייזן. לאַנגזאַם האָט זיך די אַרבעט גערוקט פאָ־רויס. סטעפּאַנסקי האָט אונטערגעאײַלט.

— חברים, מיר האָבן צייט אַזוי לאַנג ווי עס איז פינצטער. ווען עס וועט אָנהייבן צו טאָגן, מוז דער שוצגראָבן פאַרטיק זיין.

דער שוצגראָבן איז געווען פאַרטיק. ער איז געווען שמאָל. חברה איז געווען זייער מיד. זיי זענען צוגעפאַלן צו דער שטיינערנער ערד און תיכף איינגעשלאָפן. נאָר סטעפּאַנסקי און פראַנעק זענען געווען אויף די פיס.

* *
*

עס האָט זיי אויפגעוועקט דער דונער פון אַ שטאַרקער קאַנאָנאַדע. עס האָט שוין געטאָגט. אַ בלייענער הימל האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף די שפּיצן פון די בערג. פון אונטן איז געלעגן אַ טיפער טאָל, אַדורכגע־שניטן דורך אַ גלאַנציקן אַספאַלט־שאָסע, מאַדריד—וואַלענסיאַ. קווער צום שאָסעי איז געפלאָסן אַ טייך, איבער וועלכן ס'איז געהאָנגען אַ בריק.

די פאַשיסטישע אַרטילעריע האָט באַשאָסן די שכנותדיקע רעפּוב־ליקאַנישע פּאָזיציעס. פון אַ שכנותדיקן באַרג האָבן געעפנט אַ פייער עטלעכע שווערע קוילנוואַרפער.

— וועמען באַשיסן זיי? — האָט דוד געפרעגט.

— דאָס באַשיסן זיי דעם באַטאַליאָן פראַנקאָ־בעלזש, רעכטס פון אונדז — האָט פראַנעק אָפגעענטפערט.

סטעפּאַנסקי האָט אָנגעשטעלט זיין פעלד־לאָרנעטע.

— פאַרוואָס ענטפערט נישט אונדזער אַרטילעריע? — האָט וואַ־צעק געפרעגט.

— מסתמא איז זי נאָך נישט אָנגעקומען.

— מיר האָבן ווייניק קוילנוואַרפער — האָט וואַצעק ווייטער גע־רעדט — אָ, ווען אונדזער קאָמפּאַניע האָט כאָטש אַ צען שווערע קוילנ־וואַרפער, וואָלטן מיר זיי אויסגערויכערט פון אַלע בערג.

— חבר סטעפּאַנסקי — האָט זיך וולאַדעק אינפאָרמירט — ווו זענען די פּאָזיציעס פון די פאַשיסטן און אונדזערע?

— גענוי ווייס איך ניט, קאָן זיין, אַז ביינאַכט האָט זיך עפּעס געענדערט. לויט מיינע ידיעות, זענען די צוויי באַרג־שפּיצן פון רעכטס אין די הענט פון די פאַשיסטן, די איבעריקע פיר געפונען זיך ביי אונדז. דאָרטן אין באַרג־שפּאַלט פון רעכטס זענען גרופּירט די הויפּט־כוחות פון די פאַשיסטן. זייער ציל איז צו פאַרנעמען די בערג, אַרויסגיין אויפן שאָסע, פאַרכאַפּן די בריק. אויב דאָס וועט זיי געלונגען, שניידן זיי אָפּ דעם וועג מאַדריד—וואַלענסיאַ און רינגלען אַרום מאַדריד פון אַלע זייטן.

— דאָס וועלן זיי ניט דערלעבן! ניט אַזוי לייכט וועט מען אונדז פונדאַנען אַראָפּטרייבן.

— ווער אויסער אונדז געפינט זיך דאָ?

— פון רעכטס ליגט פראַנקאָ־בעלוש, אויפן דריטן באַרג־שפּיץ געפונען זיך די באַלקאַנער. אין צענטער די שפּאַנישע אָפּטיילונגען. ווייטער געפונען זיך די אַנדערע אינטערנאַציאָנאַלע באַטאַליאָנען.

גערינגער און האַסטיקער איז געוואָרן דאָס אַרטילעריע־פייער. פון פראַנקאָ־בעלוש האָבן שוואַך אָפּגעענטפערט עטלעכע קוילנוואַרפער.

דער שמועס איז אַריבער אויף דער ראָל פון טאַנקען.

— מיט טאַנקען וואָלט, פאַרשטייט זיך לייכטער געווען. איינמאָל האָבן מיר צו טייער באַצאָלט פאַר אָננעמען פאַשיסטישע טאַנקען פאַר אונדזע־ע. — סטעפּאַנסקי האָט מיט אַ צעשטרייטן בליק געקוקט אויף דער אומגעבונג.

— ווו איז דאָס געווען? — האָט דוד געפרעגט.

— דאָס איז געווען ביי דער פראַנצויזישער בריק, ביים טייך מאַנסאַנאַרעס, נעבן מאַדריד. אונדזער באַטאַליאָן האָט באַקומען אַ באַפעל צו פאַרטיידיקן די בריק און דעם בלאָק הייזער נעבן אים. לעאָן אינזעלשטיין, דער פּאָליטקאָמיסאַר פון די קוילנוואַרפער, מיט אַ גרופּע דאָמבראָוושטשאַקעס האָט באַזעצט די הייזער. מען האָט אים געזאָגט, אַז אינדערפרי וועלן אָנקומען אונדזערע טאַנקען, און דעמלט זאָלן זיי צוזאַמען מיט די טאַנקען אַטאַקירן די פאַשיסטן. אינדערפרי האָבן זיך באַוויזן טאַנקען. זיי האָבן געמיינט, אַז דאָס זענען אונדזערע און זיי צוגעלאָזט האַרט צו די הייזער. ווען זיי זענען שוין געווען זייער נאָענט, האָבן אונדזערע זיך ערשט געכאַפּט אין טעות, דאָס זענען געווען פאַשיסטישע. איין טאַנק האָט זיך אַריינגעריסן אינעווייניק פון הויז, ווו עס האָט זיך געפונען אינזעלשטיין און אַדורכגעבראָכן די פאָדערשטע וואַנט. די פאַרטיידיקער פון הויז זענען אַרויף אויפן ערשטן שטאָק אָפּשיסנדיק

זיך. דער שונא זעענדיק, אַז זיי ווען אונדזערע נישט נעמען, האָבן געבראַכט בעגזין און אונטערגעצונדן דאָס הויז. מיר האָבן נאָך דעמלט נישט געהאַט קיין אַנטיטאַנקן-קוילן. לעאָן אינזעלשטיין האָט געוווסט, אַז זיי זענען פאַרפאַלן, ער האָט אָבער באַשלאָסן צו קעמפן ביזן סוף. איין חבר האָט זיך מיט אַ ברענענדיקן האַנט-גראַנאַט אַרויפגעוואָרפן אויפן טאַנק, דער צווייטער שטאָק איז שוין געשטאַנען אין פלאַמען, אינזעלשטיין מיט נאָך פיר קעמפער זענען אַרויף אויפן דאַך, זיי האָבן כסדר געשאָסן, ביז זיי זענען אַלע געפאַלן פון די פיינטלעכע קוילן.

— וואָס איז געוואָרן מיט דער בריק?

— די בריק האָבן מיר פאַרטיידיקט. די פאַשיסטן זענען קיין מאַדריד נישט אַריין. איצט זינגען די מאַדרידער דאָס באַרימטע ליד וועגן מאַדריד „מאַמיטאַ מיאַ" (מאַמע מיינע).

— דאָס איז געווען אַ העלד — האָט שימאַנסקי שווער אָפּגעזיפצט. אַלע האָבן מיר אים זייער ליב געהאַט. אַ סך פון אונדזערע ערשטע דאָמבראָווטשטשאַקעס לעבן שוין נישט. זעקס און דרייסיק זענען מיר געווען, ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין שפּאַניע. צוויי און דרייסיק פּאָליאַקן און פיר יידן. איצט זענען מיר געוואָרן אַ גאַנצער באַטאַליאָן. פרישע כוחות קומען כסדר אָן.

אָבער נישט בלויז אינזעלשטיין איז אומגעקומען העלדיש, אויך דער צווייטער פון די ערשטע פיר יידן, עלקאָן איז אומגעקומען מיט אַ העלדן-טויט.

איינמאָל האָט אונדז אַטאַקירט אַ שטאַרקע מאַראָקאַנישע אָפּטיילונג, די מאַראָקאַנער זענען געווען צען מאָל אַזויפיל ווי מיר, שטיין בלייבן און אויפנעמען דעם קאַמף האָט געהייסן גיין אויף אַ זיכערן טויט. מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל זיך צוריקצוציען. אַלע זענען מיר צוריקגעגאַנגען, נאָר עלקאָן איז געבליבן שטיין, מיר האָבן געשריגן צו אים, אַז ער זאָל מיטגיין, עלקאָן האָט נישט געוואָלט: „איך בין געקומען קיין שפּאַניע — האָט ער אונדז געענטפערט — צו גיין פאָרויס און נישט צוריק". ער איז געבליבן איינער אַליין שטיין אויפן פעלד קעגן אַ מחנה. די מאַראָקאַנער האָבן זיך געוואָרפן אויף אים מיט די באַגינעטן, צערייסנדיק אים אויף שטיקער. זיין טויט איז נישט געווען נוצלעך, אָבער וויפל מוט און העלדישקייט האָט געהאַט דער דאָזיקער מענטש!

— זיי אַטאַקירן — האָט אברהם אויסגעשריגן.

אַלע האָבן אַרויסגעבויגן די קעפּ פון שוצגראָבן. די אַרטילעריע־שיסעריי האָט אויפגעהערט. פון דער באַרג־עפענונג האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסרוקן פאַשיסטישע קאָלאָנעס. זיי זענען געגאַנגען אין געדיכטע רייען. עס זענען געגאַנגען אין אַטאַקע ביי אַ צוויי הונדערט פאַשיסטישע סאָלדאַטן.

אַלע זענען געבליבן שטיין מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

דער באַטאַליאָן פראַנקאָ־בעלוש האָט געשוויגן.

— פאַרוואָס שיסן זיי נישט? — האָט זיך זבישעק אָנגערופן.

— האָב געדולד — האָט שטשעפּאַנסקי אָפּגעענטפערט — זיי וואַרטן ביז די פאַשיסטן וועלן זיך דערנעענטערן.

זייער געשפּרעך האָט איבערגעריסן אַ העפטיקע שיסעריי. די שוצגראָבנס פון פראַנקאָ־בעלוש האָבן אָנגעהויבן צו האָגלען אויף די אָנגרייפער מיט אַ געדיכטן פייער פון אַלע זייערע קוילנוואַרפער און ביקסן. אין די פאַשיסטישע רייען איז פאָרגעקומען אַ צערודערונג. טייל פון זיי זענען געפאַלן, אַראָפּקייקלענדיק זיך אומבאַהאָלפן פון באַרג. זיי זענען אָבער ווייטער געגאַנגען אַלץ נעענטער.

— זיי רייסן זיך אַריין! — האָט סטעפּאַנסקי אויסגעשריגן.

נעבן די שוצגראָבנס האָבן אויפגעריסן האַנט גראַנאַטן. עס האָבן זיך געבייזערט די קוילנוואַרפער. מען האָט נאָר געזען אַ צאַפּלנדיקן קנויל פון מענטשן. קראַמהאַפטע באַוועגונגען פון אַראָפּקייקלענדיקע זיך פיגורן. פלוצלונג האָט זיך פון דער געדיכטער שיסעריי אַרויסגעריסן אַ געזאַנג. דאָס האָט פראַנקאָ־בעלוש באַגעגנט די אָנגרייפער מיטן געזאַנג פון אינטערנאַציאָנאַל. די דאָמבראָווטשאַקעס האָבן אָפּגעענטפערט. באַלד האָט זיך פון אַלע בערג פאָנאַנדערגעטראָגן דאָס שטורמישע קאַמפּס־ליד. דאָס געזאַנג האָט איבערגעשטיגן דעם הילך פון דער שיסעריי, האָט זיך געריסן ווייט אין הימל. טויזנטער מענטשן האָבן מיט די ביקסן אין די הענט געזונגען:

„און דאָס וועט זיין דער לעצטער
און אַנטשיידענער שטרייט,
מיט דעם אינטערנאַציאָנאַל,
שטייט אויף איר אַרבעטס־לייט!“

— די פאַשיסטן אַנטלויפן!

עס האָט זיי באַגלייט דאָס געדיכטע פייער פון די קוילנוואַרפער. שטלעכע צענדליק זענען געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך. די לייבט פאַרוווּנדעטע זענען אונטערהינקענדיק געלאָפן.

עס איז געוואָרן שטיל. אַ לייכטער גרויער נעפל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די בערג. די לופט איז געווען פייכט און קאַלט.

— היינט וועט מען זיך מוזן באַגנוגענען מיט אַ טרוקן עסן. די קוך וועט נישט קומען — האָט פראַנעק געמאָלדן.

נישט לאַנג האָט געדויערט די שטילקייט. די בערג האָבן אויפגעציטערט, פון דער באַרג־עפענונג אויף רעכטס האָבן זיך פון געדיכטן נעפל אַרויסגערוקט שווערע מגושמדיקע קערפּער, זיי האָבן זיך לאַנגזאַם גערוקט פאָרויס, קרעכצנדיק שווער, קלאַפּנדיק אַרויסרופנדיק מיט זייערע קייטן.

— טאַנקן! טאַנקן! — האָבן זיך געהערט אויסרופן — די פאַשיסטן אַטאַקירן ווידער.

סטעפּאַנסקי אַ ביסל אַ צערודערטער, איז שנעל אַריינגעשפרונגען אין גראָבן.

— קאָמפּאַניע, אָפּמאַרשירן!

חברה האָט אייליק אַרויפגעוואָרפן אויף זיך די זאַכן, אַרויסגעשפרונגען פון שוצגראָבן. איינער האָט דעם צווייטן אומרואיק געפרעגט: „וואָס איז געשען?“ פון די אַנדערע שוצגראָבנס זענען אַרויסגעשפרונגען די איבעריקע קאָמפּאַניעס. שנעל האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז ביים פאַשיסטישן אַטאַק אויף די פּאָזיציעס פון פראַנקאָ־בעלזש איז פאַרניכטעט געוואָרן כמעט דער גאַנצער באַטאַליאָן. אַז זיי גייען פאַרנעמען די פאָרויסגערוקטע פּאָזיציעס פון אָפּטרעטנדיקן באַטאַליאָן.

די קאָמאַנדירן האָבן אונטערגעאיילט. ווידער האָבן זיי געקלעטערט איבער די בערג. די שוצגראָבנס פון פראַנקאָ־בעלזש זענען געווען נאָך פלאַכער און נידעריקער ווי זייערע. אין פיל ערטער האָבן זיך געוואַלגערט טויטע קערפּער. די נאַכט איז געווען זייער אַ פינצטערע און אַ קאַלטע.

פאָרזיכטיק האָט מען אַרויסגעצויגן די טויטע. עס האָט זיך געהערט דער קלאַנג פון אייזן. שטיל אין דער פינצטער האָט מען באַגראָבן די געפאַלענע חברים און די פאַשיסטישע סאָלדאַטן. די שטימונג איז געווען אַ געדרוקטע. יעדער איינער האָט געפילט, אַז עס רוקט זיך אָן

אַ שווערער טאָג. אַז אויף זיי ליגט איצט די אחריות איינצוהאַלטן פאַר יעדן פרייז די דאָזיקע וויכטיקע פאָזיציע.

סטעפאַנסקי און פראַנעק האָבן אויפמערקזאַם באַטראַכט דעם שוצגראָבן. זיי האָבן אַרויסגעגעבן פאַראָרדענונגען אין וועלכע ערטער עס איז נייטיק אים אויסצוברייטערן און פאַרטיפן. גלייך האָט מען זיך גענומען צו פאַרפעסטיקן אים. די קוילנוואַרפער=אָפטיילונג האָט זיך פאַרנומען מיט מאַסקירן זייערע געסטן. מוראדיק לאַנג האָט זיך געצויגן די קאַלטע פרירנדיקע נאַכט. איינצעלנע ביקסן=סאַלוון האָבן פון צייט צו צייט איבערגעריסן די נאַכט=שטילקייט.

דער טאָג איז אויפגעגאַנגען אַ געפלדיקער, אַ כמורנער. פון צפון איז לאַנגזאַם אָנגעשוווּמען אַ שוואַרצער אָנגעשוואָלענער וואָלקן מיט אַ קאָפּ פון אַ בולדאָג. ער האָט זיך שטאַרק אויסגעצויגן און נידעריק זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די בערג.

די קעמפער זענען געווען מיד פון צוויי נעכט נישט שלאָפן. נישט געוואַשענע, באַוואָקסענע, מיט אונטערגעהאַקטע רויטע אויגן, האָבן זיי זיך פויל באַוועגט, אַדורכרעדנדיק זיך אין דער שטיל.

סלאָנימסקין האָט געדרוקט דער שווערער שטאָלענער העלם. ער האָט געפילט, ווי זיינע שלייפן וואָלטן אַריינגעפרעסט געוואָרן אין אַ רייף. האַסטיק האָט ער אַראָפּגענומען דעם העלם פון קאָפּ.

— טו צוריק אָן! — האָט פראַנעק באַפוילן.

— עס טוט מיר ווי פון אים דער קאָפּ.

— וועסט זיך צוגעוווינען. אָן אַ העלם איז געפערלעך.

— אַלץ איינס. אַ קויל וועט דעם דאָזיקן העלם אַדורכלעכערן.

— אַ קויל יאָ, אָבער אַ שטיין נישט, אַ סך יאַטן ווערן פאַרוווּנדעט אין קאָפּ פון די פאַלנדיקע שטיינער.

— צום טייוול! — האָט זיך יאַנעק געבייזערט — עס גרייט זיך אַ הייסער טאָג.

— יאָ, עס וועט זיין הייס — האָט זיך יוזעף אָפּגערופן — וויפל זענען דאָ פאַראַן פאַשיסטן?

— זיי מוזן דאָ זיין ביי אַ צען מאָל אַזויפיל ווי מיר — האָט וולאַדעק פאַרטראַכט געזאָגט.

— ווען מיר באַקומען שטיצע?

— מען דאַרף זיך פאַרלאָזן אויף זיך אַליין — האָט פראַנעק ערנסט געוואָרנט.

— פֿאַרוואָס האָבן מיר נעכטן נישט אַטאַקירט די פֿאַשיסטן? — האָט דווי נישט דרייסט געשטעלט די פֿראַגע.

— מיט וואָס וועלן מיר אַטאַקירן, אַז עס איז נישט געווען אונ־דזער אַרטילעריע, נישט אונדזערע טאַנקען.

— מע דאַרף האָבן געדולד — פֿראַנעקס שטימע איז געווען אַ רו־איקע און זיכערע. זיין הויכע, ברייטפּלייציקע פֿיגור איז ווי אַ דעמב געשטאַנען אינמיטן גרובן, זי האָט באַרויקט און אַרויסגערופֿן צו־טרוי. — עס וועלן זיין טאַנקען. ביינאַכט איז אָנגעקומען אונדזער אַר־טילעריע.

— יאָטן, — סטעפּאַנסקי האָט זיך אַרויסגערוקט פֿון ווינקל, זיין גוטמוטיק געזיכט מיט די העל־בלויע אויגן האָבן ווי תמיד געשמייכלט, ער האָט לויט זיין געוווינהייט מעכאַניש צורעכט געמאַכט דעם פּאַס — די פֿאַשיסטן גרייטן צו אַ פֿרישע אַטאַקע. מע דאַרף שטאַרק אַכטונג געבן.

זיינע ווערטער זענען איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ ביקסן־שאָס. די לופֿט האָט אויפֿגעציטערט פֿון אַ שטאַרקן אויפֿרייס.

די פֿאַשיסטישע אַרטילעריע האָט געעפֿנט אַ שטאַרק פֿייער. די שראַפּנעלן זענען געפֿאַלן האַרט ביים שוצגראָבן. אַרויסרייסנדיק שטיי־נער און קופּעס האַרטע שוואַרצע ערד. אַלץ אַרום איז איינגעהילט גע־וואָרן אין געדיכטן רויך.

די רעפּובליקאַנישע אַרטילעריע האָט אָנגעהויבן אָפּצוענטפֿערן. דאָס קעגנזייטיקע פֿייער האָט זיך פֿאַרשטאַרקט.

— אונדזערע איז שוואַכער — האָט מיט באַדויערן פֿעסטגעשטעלט וולאַדעק.

אַ שראַפּנעל האָט אויפֿגעריסן זייער נאָענט. שפּליטערס זענען אַריינ־געפֿאַלן אין גראָבן. גאַנשינסקי האָט געגעבן אַ קרעכץ.

שימאַנסקי האָט שנעל אַראָפּגעריסן פֿון אים דעם אַרבל.

— עס איז גאָרנישט. דער שפּליטער איז נישט אַריין אין פֿלייש. האָסט נאָר באַקומען אַ שטאַרקן קלאַפּ.

פֿראַנעק האָט גענומען ביי סטעפּאַנסקין זיין בינאָקל.

— חברים, עס גייען פֿאַשיסטישע טאַנקען. נישט שרעקן זיך.

— צוגרייטן די האַנט־גראַנאַטן. אַלע אויף די ערטער — האָט קורץ באַפֿוילן סטעפּאַנסקי.

— דער טאַנק איז נישט אַזוי שרעקלעך, ווען מען ווייסט נאָר ווי צו קעמפן קעגן אים — האָט סטעפּאַנסקי באַרואיקט — מע דאַרף נאָר נישט פאַרלירן די קאַלטבלוטיקייט. די אַנטי־טאַנקן־קוילן זענען גרייט?

— אַלץ אין אָרדענונג, זיי שטעקן שוין אין קוילנוואַרפער — וואַצעך שטימע איז געווען איינגעהאַלטן און זיכער.

די ערד האָט פּלוצלונג אָנגעהויבן צו ציטערן.

אברהם האָט קראַמפּהאַפט געהאַלטן די ביקס, קוקנדיק מיט גרויסע אויגן אויף דער באַרג־עפּענונג פון רעכטס, וווּ ס'האָט זיך געפונען דאָס איילבירט־וועלדל. די שיטערעביימער האָבן זיך געוויגט, עס האָט זיך געהערט אַ שווערער קרעכץ פון אַ צעבראָכענעם בוים און דער רוגזהדיקער געקלומפּער פון אייזן. פון איילבירט־וועלדל האָט זיך באַוויזן דער מגושמדיקער פּיסק פון אַ טאַנק, ער איז געקראָכן איבערן באַרג ווי אינטערהינקענדיק, איבערוואַרפנדיק זיך כסדר פון איין זייט אויף דער צווייטער. זיין פאָדערשטער טייל האָט זיך פּלוצלונג אויפגעהויבן אין דער לופטן, געמאַכט אַ שאַרפן קער אין אַ זייט און ווידער אָנגעהויבן צו פויזן באַרג אַרויף. נאָך אים נאָך איינער, און נאָך און נאָך — אין אַ לאַנגער שורה האָבן זיי זיך אויסגעצויגן די שטאָלענע מחבלים. זעכצן טאַנקן האָבן זיך גערוקט אויף די פּאָזיציעס פון די דאָמבראָווששטשאַקעס.

הינטער די טאַנקן און געשיצט פון זיי איז געגאַנגען אַ ריזיקע מחנה פוסגייער. דוד האָט שוין דייטלעך אפילו געזען די אָפיצירן מיט רעוואָלווערן אין די הענט.

די קעמפער האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם.

— אַזויפיל! — האָט עמעצער איבערגעריסן דאָס געשפּאַנטע שווייגן.

קעגן די פינף הונדערט דאָמבראָווששטשאַקעס איז געגאַנגען אַ חיל פון עטלעכע טויזנט פאַשיסטן.

— פייער! — האָט סטעפּאַנסקי באַפוילן.

— פייער! — האָט דאָס עכאָ אָפּגעשלאָגן פון איין שוצגראָבן אין צווייטן.

ס'האָט זיך צעשפּילט אַ הוראַגאַן, אַ שיסערייַ פון ביידע זייטן. אברהם האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן זיין בליק פון אָפענעם פעלד. ער האָט געשאָסן צילנדיק אין דער פאַשיסטישער מחנה.

וואַצעק האָט האַסטיק און לײדנשאַפטלעך אַ ריס געגעבן דאָס הענטל פון קוילנוואַרפער. זיין מאַקסימקע איז אַוועק אין פרײלעכער שטעפערײ. עס האָט אים אפילו אַ ביס געטאָן אין דער לינקער באַק, נאָר ער האָט נישט געפילט קיין ווייטיק.

דער שטח צווישן די שוצגראבן און די טאַנקן איז געוואָרן אַלץ קלענער. זייער גערויש האָט זיך שוין געטראָגן איבער די קעפּ, צונויפגעמישט זיך מיט די קרעכצן פון פאַרוואונדעטע און שטאַרבנדיקע.

וולאַדעק האָט דערפילט, ווי דער לינקער פוס זײנער איז אים נאָס געוואָרן. ער האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט. סלאָנימסקים טויטער קערפּער איז געלעגן הארט ביי זיינע פיס, זיין העלם איז געווען ווייט פאַרוואָרפן און פון זיין קאָפּ האָט געפליצט.

פּראַנעק איז געשפּרונגען פון איין גרופּע צו דער צווייטער. האָלט אייך, יאַטן, פאַר אַ פרײ שפּאַניע! פאַר אײער און אונדזער פרייהייט!

— יאַטן! אונדזער אַרטילעריע! אונדזער אַרטילעריע — האָט וולאַדעק געשריגן.

פון אײנעם פון די טאַנקן האָט אַרויסגעשלאָגן אַ געדיכטער רויך און האָט פאַרשטעלט פאַר די קעמפער דעם קאַמפּס־פּלאַץ. נאָר פּלוצים האָט הארט פאַרן שוצגראָב זיך באַוויזן אַ טאַנק. ער האָט מיט זיין גאַנצער שווערקייט געוואָלט צודעקן דעם שוץ־גראָבן.

— באַוואַרפן אים מיט גראַנאַטן! מיט גראַנאַטן! — האָט זיך געהערט סטעפּאַנסקים שטימע.

איוואַן האָט אַוועקגעוואָרפן די ביקס. מיט איין שפּרונג איז ער געווען אויסער דעם שוצגראָבן און אַ שליידער געטאָן אויפן טאַנק דעם גראַנאַט. עפּעס האָט אַ בלישטש געטאָן אין דער לופטן. עס האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער אויפרייס, די קייט פון טאַנק האָט זיך פון אים אַראָפּגעגליטשט און דער שטאָלענער ריז איז שטיין געבליבן אויסקרײמענדיק זיך עטוואָס אין אַ זייט.

— פאָרויס מיט גראַנאַטן!

— אַ טויט די פאַשיסטן!

אַ צענדליק מענטשן איז אַרויסגעשפּרונגען פון די שוץ־גראָבן און באַוואָרפן די טאַנקן מיט גראַנאַטן. ס'האָבן זיך ווידער דערהערט עטלעכע אויפרייסן. ווידער זענען צוויי טאַנקן געבליבן שטיין. די אונטערשטע האָבן אָנגעהויבן זיך צוריקציען. אָבער די פאַשיסטן־פוסגייער אויסמיידנדיק די טאַנקן זענען נאָך אַלץ געגאַנגען פאָרויס.

— אַטאַקירן! אַטאַקירן די קאַנאַליעס! — האָבן זיך געהערט אויס־געשרייען פון דער זייט.

די דריטע קאָמפּאַניע איז אַרויסגעשפּרונגען פון די גריבער און מיט די ביקסן זיך געלאָזט אויף די פּאַשיסטן. אַ האָגל פון קוילן איז געפאַלן אויף די קעמפער. דאָס גאַנצע פעלד איז באַדעקט געוואָרן מיט זייערע קערפּערס. אָבער די פּאַשיסטן האָבן זיך צוריקגעצויגן.

די אַטאַקע איז געווען אָפּגעשלאָגן. פראַנעק איז אַריבערגעגאַנגען אין דער דריטער קאָמפּאַניע, געוויר ווערן, ווער עס איז דאָרטן פאַר־בליבן. ער איז צוריקגעקומען אַ פאַרטרויערטער.

— געבליבן אינגאַנצן זענען פינף מענטשן און דער קאָמאַנדיר.

* *
*

סטעפּאַנסקי און פראַנעק האָבן געציילט די פאַרלוסטן אין זייער קאָמפּאַניע. עס זענען געווען עלף טויטע און עטלעכע צוואַנציק פאַרווונ־דעטע.

— חברים, — האָט זיך סטעפּאַנסקי געווענדט צו די קעמפער — עס קען זיך אָנהויבן אַ פרישע אַטאַקע. און טאַקע גלייך האָט זיך דער־הערט אַ שטאַרק גערויש איבער די קעפּ. פון צווישן די בערג־שפּיצן האָבן זיך באַוויזן זעקס שווערע באָמבאַרדיר־אַעראָפּלאַנען.

די מענטשן האָבן זיך טיפער איינגעבויגן אין די גריבער. דער גערויש פון די מאָטאָרן איז געוואָרן אַלץ נענטער.

לעבן די שוץ־גראַבנס האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער אויפרייס. פון לופט־דרוק איז פראַנעק אומגעפאַלן, מיטרייסנדיק מיט זיך דעם פאַרווונדעטן בערגן. באַלד האָבן זיך געהערט נאָך עטלעכע אויפרייסן. די שוץ־גראַבנס זענען באַוואָרפן געוואָרן מיט שטיינער, שטיקער האַרטער ערד און שפּליטערן פון די שראַפּנעלן. די פאַשיסטישע אַוויאָנען זענען געפלויגן איצט זייער נידעריק, וואַרפנדיק באָמבעס און באַשיסנדיק די רעפּובליקאַנישע פּאָזיציעס פון קוילנוואַרפער.

וואַצעק האָט אָנגעשטעלט דעם קוילנוואַרפער קעגן די אַוויאָנען אַרויפשיסנדיק. וולאַדעק און די אַנדערע האָבן אַרויפגעשאָסן צו זיי פון די ביקסן.

אברהם איז געלעגן צוגלייך מיט אַנדערע אויף דער ערד און געשאָסן.

דער באַרג האָט געציטערט. מע האָט ווידער גאָר נישט געזען אויסער רויך און פייער. אַ שפּליטער איז געפאַלן לעבן דודס פיס, אָפּרייסנדיק א האַלבן קאָפּ ביי אַ קעמפער, וועלכן מע האָט נישט געקענט. דוד האָט אויפגעציטערט און צוגעמאַכט די אויגן.

— ער ברענט! האָבן זיך דערהערט שטימען.

אַ פאַשיסטישער אַוויאָן האָט זיך אָנגעצונדן אין דער לופטן און שנעל אָנגעהויבן פאַלן צו דער ערד, ציענדיק נאָך זיך אַ געדיכטן קרומען סלופּ רויך. די קעמפער האָבן זיך געפרייט ווי קינדער.

די אַוויאָנען זענען ענדלעך אַוועקגעפלויגן. עס האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט דאָס אַרטילעריע־פייער. עס איז געוואָרן אומהיימלעך שטיל.

דער פעלד־טעלעפאָן האָט זיך האַסטיק צעקלונגען — די פאַשיסטן וועלן נאָך אַטאַקירן!

פון דער באַרג־עפענונג האָבן זיך ווידער אַרויסגערוקט פאַשיסטישע גרופּן. זיי זענען ווידער געגאַנגען אין געדיכטע געשלאָסענע רייען מיט די באַגנעטן פאָרויס.

— עפענען א פייער, ווען זיי וועלן זיין זייער נאָענט!

דאָס מאָל האָבן די פאַשיסטן געמאַכט אַן אַרומרינגלונגס־מאַנעוור, אַרויסשטעלנדיק אין צענטר א געדיכטע קאָלאָנע, זענען זיי אַרומגעגאַנגען די רעפּובליקאַנישע פּאָזיציעס פון די פלאַנגען.

די דריטע קאָמפּאַניע האָט די ערשטע געעפנט אַ פייער. איר פלאַנג איז די ערשטע געוואָרן באַדראָט.

— פינף מענטש' האָבן געקעמפט קעגן אַן אַרמיי!

— פייער! — איז געפאַלן ד' קאָמאַנדע.

די אָנגרייפער האָבן זיך צעוואָרפן אין גרופּן, שיסנדיק לויפנדיק.

סטעפּאַנסקי האָט דערפילט א שטאַרקע ווייטיק אין דער רעכטער זייט און איז אומגעפאַלן. וולאַדעק איז צו אים צוגעשפּרונגען.

— איך בין פאַרוווּנדעט, נעם דו איבער די קאָמאַנדע.

דער צענטר פון די אָנגרייפער איז אַריינגעפאַלן אין א קרייץ־פייער פון די רעפּובליקאַנישע קוילנוואַרפער. זיי האָבן נישט אויסגעהאַלטן און אָנגעהויבן שנעל אָפּצוטרעטן.

אָבער דאָס איז געווען בלויז א מאַנעוור. דער שונא האָט זיך פאַרמאָסטן אויף אַרומרינגלען די קעמפער.

פון לינקס האָבן זיך געלאָזן אין ווילדן גאַלאָפּ עטלעכע מאראקאַנישע עסקאַדראָנען קאַוואַלעריע. זייערע פערד האָבן זיך געריסן פאָרויס. זיי האָבן זיך שנעל דערנענטערט צו די פּאָזיציעס פון דאָמבראָווסקי=באַטאַליאָן.

הערצער האָבן אויפגעהערט צו קלאַפּן. זייערע קוילן=רעזערוון האָבן שוין געהאַלטן ביים אויסגיין. פונוויטנס האָט מען נישט געקענט שיסן אויף די רייטער. עס האָט זיי פארשטעלט דער נאָענטער באַרג. ווען זיי וועלן אַרויסקומען פון באַרג, וועט שוין זיין צו שפּעט, אַז דאָס פייער זאָל אָפּהאַלטן דעם אימפּעט פון די פערד, דעמלט וועט זיך די גאַנצע פערדישע לאַווינע אַרויפוואַרפן אויף זיי...

פּלוצים האָבן פון לינקן פלאַנג אַ בלישטש געטאָן אין דער לופטן צענדליקער פייערן. עטלעכע שווערע קוילנוואַרפער האָבן אָנגעהויבן האַסטיק צו שיסן.

— גאַריבאַלדי! גאַריבאַלדי ראַטעוועט אונדז! — האָט מיט פרייד אויסגעשריגן פראַנעק.

דער גאַריבאַלדי=באַטאַליאָן, וואָס איז געשטאַנען אויפן לינקן פלאַנג, האָט באַמערקט די געפאַר, וואָס עס דראָט דעם דאָמבראָווסקי=באַטאַליאָן. צולאָזנדיק די מאראקאַנער קאַוואַלעריסטן נאָענט צו זיינע פּאָזיציעס, האָט ער געעפנט אויף זיי אַ פייער פון אַלע זיינע קוילנוואַרפער און ביקסן. די געטראָפענע פערד, האָבן אָנגעהויבן ווילד צו שפּרינגען, אַראָפּקייקלענדיק זיך פון באַרג צוזאַמען מיט די רייטער. נישט האָבנדיק קיין פלאַץ ווי פאַנאַנדערצושפּרייטן זיך, האָבן די קאַוואַלעריסטן אָנגעהויבן צו טאָפּטשען זיך אויף איין אָרט, ווערנדיק כסדר באַוואָרפן מיט פייער.

די מאראקאַנער האָבן נישט אויסגעהאַלטן. נישט דערגרייכנדיק די פּאָזיציעס פון דאָמבראָווסקין, האָבן זיי אין ווילדער בהלה אָנגעהויבן זיך צוריקצוציען.

די קעמפער זענען אַרויסגעשפּרונגען פון די שוץ=גראָבנס פאַרהילכענדיק די לופט מיט אַ נצחונדיקן הורראַ.

מאַדריד איז געראַטעוועט געוואָרן. די בריק איז פאַרבליבן אין די הענט פון דער רעפּובליק. הער שאָסעי וואַלענסיע — מאַדריד איז פריי. אויפן שאָסעי האָבן זיך געצויגן לאַנגע קאַראַוואַנען מיט פּראָוויאַנטע. עס איז געוואָרן שטיל. מידע און נישט אויסגעשלאָפענע, שוואַרצע פון רויך, זענען די מענטשן אַוועקגעפאַלן אויף דער האַרטער ערד. אַרום,

ווי נאָר דאָס אויג האָט געקוקט, זענען געליגן טויטע מענטשן און דערהרגעטע פערד.

עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט, אַן איינזאַם ליכט האָט א שמיגע גע-טאָן אין דער פינצטער און איז תיכף פארלאָשן געוואָרן.

* *
*

עס איז שוין געוועזן טיף אין דער נאַכט, אַרום האָט געהערשט אַ גערדיכטע פינצטערניש. עס איז געוועזן קאַלט און פייכט. די דאָמבראָווע-שטשאַקעס זענען געלעגן אין די שוץ-גראָבנס, טוליענדיק זיך איינער צום צווייטן.

וואַצעק האָט א מידער און אָפּגעשוואַכטער געדרימלט נעבן זיין קוילנוואַרפער. דער גאַנצער קערפּער האָט אים ווי געטאָן, דוד האָט זיך צו אים צוגעטוליעט. ער האָט נישט געקענט איינשלאָפן. די איבערלע-בענישן פון טאָג זענען געוועזן צו שטאַרק, ער האָט זיי נאָך נישט פאַר-דייעט.

* *
*

דער דאָמבראָווסקי-באַטאַליאָן איז אראָפּגענומען געוואָרן פון פראָנט, כדי צו קאָמפּלעטירן זיינע רייען און אויף א קורצן אָפּרו.

עס האָבן שוין געוואַרט אויף אים פריש געקומענע פרייוויליקע פון אַלבאַצעטע.

צווישן די פריש געקומענע, האָבן זיך געפונען: דאַניעל, עלישע. וולאַדעק האָט זיך זייער דערפרייט מיט זייער אָנקום. זיי האָבן זיך קעגנזייטיק באַוואָרפן מיט פראַגן.

ווו איז אָליעק?

— ער איז פאַרבליבן אַרבעטן אין אלבאַצעטע אין שטאַב.

וואָס איז מיט קרישען?

— זי אַרבעט אין אַ שפּיטאָל אין אלבאַצעטע.

וולאַדעק האָט זיך באַמיט, אַז דאַניעל זאָל אַריין אין זיין קאָמפּאַ-ניע. אויך עלישע און העניעק זענען אַריין צו אים אין דער קאָמפּאַניע.

עלישע האָט זיך זייער דערפרייט מיט בערגן, טרעפנדיק אַן אַלטן פּאַלעסטינער חבר.

שימאַנסקי און שטשעפּאַן מיט נאָך עטלעכע יאַטן זענען אַוועק אין דער שכנותדיקער שענק. דאָרטן איז געוועזן זייער טומלדיק פון סאָלדאַטן און ציווילע, דער רויך פון די ציגאַרעטן האָט איינגעהילט דאָס גרויסע צימער.

— איך באַשטעל. טרינק חברה! — שימאַנסקי האָט אַרויפגעלייגט עטלעכע צען פּעזעטן פּאַפּירלעך אויפן טיש.

— גאַשצינסקי וועט שוין טרינקען — באַמערקט שטשעפּאַן — אַ גוטער חבר געווען. מיר שטאַמען פון זעלבן דאָרף. צוזאַמען אַוועקגעפאָרן קיין פראַנקרייך אויף אַרבעט און דאָ אַהער געקומען.

עס האָט זיך צו זיי צוגעזעצט אַלפרעד.

ביי די שכנותדיקע טישלעך זענען געזעסן איטאַליענער, באַלקאַנער. דאָס געשפּרעך איז געוואָרן אַן אַלגעמיינס. די ציווילע האָבן זיך אויך אַריינגעמישט אין געשפּרעך. שימאַנסקי האָט אויף אַ צעבראָכענעם שפּאַניש דערציילט וועגן די זעכצן פאַשיסטישע טאַנקען. ער האָט אָפט אַריינגעמישט פראַנצויזישע ווערטער, זשעסטיקולירנדיק מיט די הענט.

אַלפרעד האָט שנעל פאַרלאָזט דעם שענק. אויפן בולוואַר האָט אויף אים שוין געוואַרט דאָס שפּאַנישע מיידל.

דוד, אברהם און זבישעק זענען מיט קעשענעס אָנגעפילטע מיט שאָקאָלאַד געשטאַנען אינמיטן מאַרק צווישן א גרופּע קליינע קינדער און זיי מכבד געווען. אַרום זיי האָבן זיך געזאַמלט עטלעכע שפּאַניער און שפּאַניערינס.

אין די קאָשאַרן האָט וואַצעק מיט א פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ געלייענט דעם בריוו פון זיין פרוי.

דעם 18=טן יאַנואַר, 1937.

מיין טייערער.

דיין בריוו האָט מיר זייער דערפרייט. יעדער בריוו דיינער פאַרשאַפט מיר זייער פיל גליק. דו לעבסט מיין טייערער, ביסט געזונט, איך וויל נאָר איינס, איך זאָל דיר ווידער זען אַ גאַנצן און געזונטן.

די חברים פרעגן זיך כסדר אויף דיר. זיי שיקן דיר איבער האַרציקע גרוסן. זיי הייסן דיר זאָגן, אַז דו זאָלסט זיין רואיק. די אַרבעט גייט אָן.

פאַריקע וואָך זענען געווען אַרעסטן. פיל זענען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין בערעזע.

פאַר מיר זאָרג נישט. איך בין געזונט און פיל זיך גוט.

איך נעם דיר פעסט אַרום און קוש דיר זייער שטאַרק.

דיין אַניע.

*     *
*

עלישע האָט געשריבן:

מיין טייערע,

איך געפין זיך אין פוילישן באַטאַליאָן אויפן נאָמען פון ראָמבראָווסקי.

די לעצטע וואָך איז אַדורך אין דערוואַרטונג. איך האָב מקנא געווען די חברים, וועלכע זענען שוין אויף די פּאָזיציעס.

אייערנעכטן ביינאַכט בין איך געשטאַנען אויף וואך. עס איז געווען א שטילע נאַכט. זי האָט מיר דערמאָנט אין די פּאַלעסטינער נעכט. פון דער ווייטנס איז אַדורכגעפאָרן אַ פויער מיט זיין דריי אייזל-געשפּאַן. אויך זיי האָבן מיך דערמאָנט אין די פּאַלעסטינער קעמל-קאַראַוואַנען.

איך קוש דיך האַרציק, קוש שטאַרק אונדזער מיידעלע.

דיין עלישע".

*     *
*

שפּעט ביינאַכט, ווען אַלע לויפנדע אַרבעטן זענען שוין געהאַט אָפּגעטאָן געוואָרן, האָט וולאַדעק אויפגעעפנט דעם בריוו, וואָס ער האָט היינט באַקומען פון יאַדזיען.

וואַרשע, ד. 19-טן יאַנואַר, 1937.

מיין ליבטיקער:

דיין בריוו פון אַלבאַצעטע האָט מיך זייער דערפרייט.

איך שרעק זיך יעדן טאָג פאַר דיר. כ'בין אָבער שטאָלץ מיט מיין וולאַדעקן.

בײַ אונדז איז לעצטנס זייער שווער געוואָרן צו ארבעטן... פיל זענען אייך מקנא.

איך זע זיך אָפט מיט דודס שוועסטער. איך האָב זי ליב באַקומען. זי ווייסט, ווו דוד איז. זאָל ער איר אָנשרייבן עטלעכע ווערטער. איך צי איר בּיסלעכווייז אַריין אין דער אַרבעט. פון איר וועט זיין א מענטש.

איך בענק שטאַרק נאָך דיר. עס ווילט זיך קושן דיינע ליכטיקע אויגן. שרייב אָפט, לאָז מיר נישט זיין אומרואיק. ביסט דאָך מיין איינציקער.

דיין יאַדזיע"

# 7. אַלבאַצעטע

עס איז געווען אַ הערלעכער מערץ=טאָג. אין „סוירקל מערקאַנטין" *) איז געווען טומלדיק. אָפיצירן און סאָלדאַטן פון אַרטילעריע, פעלקער און לענדער האָבן פאַרנומען אַלע טישלעך. דער רויך פון די ציגאַרעטן האָט זיך אָנגעזאַמלט אויף דער סטעליע. זיי האָבן געטרונקען, געשמועסט, איבערגערופן זיך פון איין טיש צום צווייטן.

עמעצער האָט זיך אָפּגערופן.

— איך פאַרשטיי נישט די פּאָליטיק פון לאַרגאָ קאַבאַלעראָ. פאַרוואָס שלעפּט ער אָפּ מיטן שאַפן אַ רעגולערע אַרמיי? פאַרוואָס ווערט נישט געמאַכט אַ נאָרמאַלע מאָביליזאַציע פון דער באַפעלקערונג? אויף וואָס וואַרט מען? מיר קעמפן נאָך אַלץ אויף אַ פּאַרטיזאַנישן שטייגער, ווען ביי פראַנקאָ איז אַלץ פאַראייניקט.

— דער שפּאַניער האָט זיך שוין הונדערט יאָר נישט געשלאָגן. אים איז פרעמד דאָס מיליטער=לעבן. ער וויל נישט גיין אין אַ רעגולערע אַרמיי — האָט זיך אָפּגערופן אַן עלטערער מאַן אין אַ מיליטערישן מונדיר אָן אָפּצייכענונגען.

— איך קען נישט די געשיכטע פון שפּאַניע — האָט וואַצעק שאַרף אָפּגעענטפערט — נאָר מיר שיינט, אַז מען טראַכט אויס בלבולים אויפן שפּאַנישן פאָלק. איך האָב זיך געטראָפן מיטן שפּאַניער אויפן פראָנט; מיט קאָמוניסטן, אַנאַרכיסטן, סאָציאַליסטן, אומפּאַרטייאישע. זיי אַלע שלאָגן זיך נישט ערגער ווי מיר, באַזונדערס דער מאַדרידער אַרבעטער, וועלכער ווייזט אַרויס העלדישקייט. צוליב וואָס דאַרף מען אויפהאַלטן באַזונדערע פּאַרטייאישע מיליטער=פאָרמאַציעס, וועלכע פאַרשאַפן נאָר אומזיסט מפּלות?

*) קאַנטינע פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס.

— דו ביסט פאַר אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע? — האָט אים געפרעגט דער עלטערער מיליטער־מאַן.

— זיכער.

— פונוואַנען ביסטו זיכער, אַז צווישן די מאָביליזירטע וועלן זיך נישט געפינען אַגענטן פון פראַנקאָ?

אַנטאָן, וועלכער האָט די גאַנצע צייט אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צום געשפּרעך, האָט זיך אָנגערופן:

— מיט אַזעלכע ספקות קאָן מען נישט פירן קיין מלחמה. דאָס באַדייט, נישט האָבן קיין צוטרוי צום פאָלק, נישט גלויבן, אַז דאָס פאָלק איז מיט אונדז. פון פאַרעטער איז תמיד זיך שווער אויסצוהיטן. אַפילו אין די פּאַרטייאישע פאָרמאַציעס, אָבער וואָס פאַראַ שייכות האָט עס צום שפּאַנישן פאָלק, צום אַרבעטער־קלאַס? די זעלבע, וועלכע האָבן אַזוי מורא פאַרן פאָלק, האָבן גאָר נישט קיין מורא זיך אַרומצורינגלען מיט אַזעלכע גענעראַלן, וואָס יעדער איינער ווייסט, אַז זיי זענען ווייט נישט קיין פריינד פון פאָלק... דאָס, וואָס איר זאָגט, הייסט פאַקטיש אָפּזונדערן זיך פון די מאַסן, לאָזן דאָס פאָלק אין אַ זייט, אַרויסרוקן אין קאַמף נאָר דעם אוואַנגאַרד פון פּראָלעטאַריאַט, כדי ער זאָל שנעל אומקומען, ד. ה. פאַרשפּילן דעם קאַמף.

— פאַרוואָס פאַרשפּילן דעם קאַמף? — האָט זיך יענער נישט אונטערגעגעבן — דער שפּאַנישער פּראָלעטאַריאַט איז גענוג שטאַרק. אַלע זיינע פּאַרטייען קעמפן אַקטיוו.

— דאָס איז אמת. אָבער פאַרוואָס האָבן מיר צוגעלאָזט פראַנקאָ צו די טויערן פון מאַדריד? האָבן מיר זיך שלעכט געשלאָגן? פאַרוואָס האָבן מיר פאַרלוירן מאַלעדאָ און לעצטנס מאַלאַגאַ? פאַרוואָס? ווייל אונדז פעלט געווער און איינהייטלעכקייט. ביז היינט צו טאָג איז נאָך נישט פאַראַן קיין איינהייטלעכע מיליטערישע אָנפירונג. וויפל בלוט און ענערגיע גייט צוליב דעם אומזיסט פאַרלוירן?

— דו רעדסט ווי אַ קאָמוניסט.

— איך באַהאַלט נישט מיין פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט. אָבער איך שלאָג דאָך נישט פאַר די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט. איך שלאָג נאָר פאָר ווירקלעכע איינהייט. כדי צו געבן אַ טויט־קלאַפּ פראַנקאָ. צעשמעטערן אים. דערצו איז נייטיק איינהייט. אַן איינהייטלעכע אַרמיי, שטאַרקע דיסציפּלין אויפן פראָנט און אין הינטערלאַנד. די פאַרשטאַרקונג פון פאָלקס־

פראָנט. אַ שטאַרקע רעגירונג, וואָס זאָל געניסן פון צוטרוי פון גאַנצן פאָלק. אַריינציען אַלע אין אקטיוון קאַמף קעגן פראַנקאָ און די אינטערווענטן. האָסטו וואָס קעגן דעם?

— איך דערמאָן זיך די שרעקלעכע טעג פון צוריקטריט פון מאַלאַגאַ — האָט זיך אָפּגערופן פון צווייטן טיש קשיישטאָף — אונדזער באַטאַליאָן טשאַפּאַיעוו און די מיצקעוויטש־קאָמפּאַניע האָבן באַקומען א באַפעל אַרויסצומאַרשירן אין דער ריכטונג פון מאַלאַגאַ, כדי העלפן אָפּצושטעלן דעם פּאַנישן צוריקטריט. איז וואָס זשע האָבן מיר געזען? דער גאַנצער וועג איז געווען באַלייגט פון צענדליקער טויזנטער פּליטים. אַרבעטער, אינטעליגענץ. יונג און אַלט, מענער און פרויען — אַלץ איז געלאָפן, כדי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון פראַנקאָ.

זיי האָבן אונדז געבעטן:

— שלאָגט אַרויס די פאַשיסטן. מיר ווילן צוריק אין אונדזערע היימען.

מיט וועמען־זשע איז דאָס פאָלק? פאַרוואָס נישט מאָביליזירן אַלץ, וואָס איז פעיק צו טראָגן געווער און שלאָגן פראַנקאָן?

אַנטאָן און וואַצעק זענען אַרויס אויף דער גאַס. זיי האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט אויף דער פרישער לופט. די זון איז שוין געשטאַנען זייער הויך. אויפן סקווער, אויפן בולוואַר איז געווען אַ גרויסע באַוועגונג פון שפּאַצירנדיקע: פיל אין מיליטערישע מונדירן, א סך יונגע פרויען. פון ראַדיאָ־הילכער האָט זיך געהערט א שפּאַנישער ראָמאַנס. די שטיוול־פּוצער זענען געווען אויסגעזעצט אויף זייער נידריקע בענקלעך, פּוצנדיק די שיך פון זייערע קליענטן. עטלעכע טישלעך אויפן סקווער האָבן פאַרקויפט געבראָטענע ניסלעך. עלטערע שפּאַניער אָרעם געקליידעטע זענען געשטאַנען פויל אָנגעלענט אין די ביימער, קוקנדיק פאַרגאַפט פאַר זיך. יינגלעך האָבן געקליבן פון טראָטואַר רעשטלעך פון פּאַפּיראָסן.

אויטאָמאָבילן האָבן סיגנאַליזירנדיק לאַנגזאַם אַדורכגעשלאָגן זיך א וועג דורך די שפּאַצירנדיקע, וועלכע האָבן פאַרפולט די גאַנצע גאַס.

אַנטאָן און וואַצעק האָבן קוים זיך אַדורכגעשטופּט דורך דעם געדיכטן המון.

— וואָס טוען דאָ אַזויפיל מיליטער־לייט? פאַרוואָס זיצן זיי דאָ? — האָט מיט פאַרדרוס וואַצעק געפרעגט.

— דו ביסט נישט אינגאַנצן גערעכט. דאָ איז די באַזע פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. עס ווערט דאָ געטאָן זייער אַ וויכטיקע ארבעט.

היינט דאָס באַזאָרגן דעם פּראָנט מיט פּראָדוקטן און אַנדערע נייטיקע זאַכן. נאָר טײלווייז בין איך מסכים מיט דיר, דאָ זענען פאַראַן שוין צו־פּיל מענטשן. מען דאַרף דאָ אַביסל שיטערער מאַכן און רייניקן די לופט. אויך צווישן פּרייוויליקע קענען זיין פּחדנים...

זיי זענען אַריין אין שטאָטישן פּאַרק. אַ לינד פרילינגס־ווינטל האָט אַרומגעשטיפּט מיט די ביימער. מוטערס און קינדער זענען געווען אויס־געזעצט אויף די שטיינערנע בענק פון פּאַרק. אומעטום האָט זיך געהערט דאָס פרייליכע געלעכטער און די שטיפעריי פון די קינדער. זיי האָבן זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק, צוקוקנדיק זיך צו די שפּילעריי פון קליינוואַרג. אַ מיידעלע פון א יאָר אַכט האָט שטאַרק אַכטונג געגעבן אויף דער שפּיל פון אירע צוויי יונגערע ברידערלעך.

— איך האָב נאָך אין ערגעץ נישט געזען אַזויפיל קינדער, אַזאַ ליבע און זאָרג וועגן זיי ווי דאָ אין שפּאַניע.

— האַללאָ. אַנטאָן דו ביסט גאָר דאָ. איך זוך דיך שוין אומעטום אַרום.

אָליעק האָט צו אים גערופן פון דער צווייטער אַלייע, דער־נעענטערנדיק זיך צו זיי.

— ארסקי זוכט דיך. ער דאַרף דיך דרינגענד האָבן, געבעטן, אַז דו זאָלסט צו אים אַריינקומען.

— גוט.

אַנטאָן האָט זיך געזעגנט. ער האָט זיך געווענדט צו וואַצעקן.

— מיר וועלן זיך טרעפן מאָרגן אינדערפרי. איך וואַרט אויף דיר ביי זיך אין צימער.

* *
*

אָליעק האָט זיך צוגעזעצט צו וואַצעקן.

— ווי פילסטו זיך?

— איך פיל זיך זייער גוט. עס ווילט זיך שוין צוריקפאָרן. נאָר די דאָקטוירים לאָזן נישט. זיי זאָגן, אַז מינדעסטנס נאָך צוויי וואָכן מוז איך זיין אין שפּיטאָל. צו וואָס דאַרף איך נאָך דעם שפּיטאָל. איבערבינדן די וווּנד קען אונדזער באַטאַליאָן־דאָקטאָר אויך.

— קענסט דאָך אָבער נישט צוריקפאָרן מיט אַן אָפענער וווּנד.

— איך פיל זיך זייער שלעכט אין שפּיטאָל, דאָרטן זענען פאַראַן אַזויפיל שווער פאַרווּנדעטע. איך פיל זיך עפּעס מאָדנע אומבאַהאָלפן, ווי שווער קראַנק, ווי עמעצער וואָס האָט שוין גאָרנישט וואָס צו טאָן אין לעבן, ווי נאָר צו קרעכצן. נאָך גוט וואָס עס געפינט זיך דאָ קרישע, מיט וועמען עס איז גוט צו פאַרברענגען. האָסט אַ ווילע חברטע. זע — האָט ער שפּאַסיק צוגעגעבן — אַז עמעצער פון די יאַטן זאָל זי דיר נישט אויס־כאַפּן. זי געפעלט פיל.

— קרישע איז אַ זעלבשטענדיקער מענטש. קיינער קאָן איר נישט אויסכאַפּן — האָט אָליעק קאַלט אָפּגעענטפערט.

וואַצעק האָט אים נייגעריק באַטראַכט.

— דו, זע איך, פילסט זיך גוט אין אַלבאַצעטע.

— נישט גוט און נישט שלעכט. מע האָט מיך געהייסן דאָ בלייבן, בין איך דאָ פאַרבליבן.

אָליעקן האָט שטאַרק אַ שטאָך געטאָן די לעצטע באַמערקונג פון וואַצעקן. פאַר דער קורצער צייט, וואָס ער איז דאָ, האָט ער שוין נישט איינמאָל געהערט די דאָזיקע איראָניע אויף זיין חשבון. אָליעק האָט אָבער זיך נישט געפילט פאַרזינדיקט. אויב מע הייסט אים דאָ בלייבן, איז אַ באַווייז, אַז ער איז דאָ נייטיק. אָבער זיין אייגנליבע האָט שטאַרק געליטן דערפון. אָנשטאָט אָבער אויפצוקלערן די חברים, ווי אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט געטאָן, האָט ער זיך נאָך מער פאַרשלאָסן אין זיך.

דער אָוונט האָט זיך שנעל אָנגערוקט. די מוטערס און די קינדער האָבן שוין פון לאַנג פאַרלאָזט דעם פּאַרק. איינצעלנע פּאָרלעך האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די געדיכטע שאָטנס פון די ביימער. וואַצעק האָט זיך אויפגעהויבן.

— עס איז שוין די צייט פון אָוונט־ברויט. מע דאַרף צוריק גיין אין שפּיטאָל.

אָליעק האָט זיך אויך אויפגעהויבן.

אויפן קעגנאיבערדיקן סקווער איז געווען דער שפּיטאָל. פון די פאַר־מאַכטע לאָדנס האָבן זיך אַרויסגעריסן שוואַכע ליכט־פּאַסן.

— איך קאָן זיך דאָך אַלץ נישט צוגעוווינען צו דער געדיכטער פינצטערניש — האָט זיך וואַצעק אָפּגערופן — דער פאַשיזם האָט פאַר־

אורטיילט מיליאָנען מענטשן אויף פינצטערניש. אויף באַהאַלטן דאָס ליכט אונטער פאַרמאַכטע לאָדנס.

אין אונטערשטן האָל פון שפּיטאָל האָבן זיי באַגעגנט קרישען. זי האָט געטראָגן אַ ווייסן בלאַנקן כאַלאַט. אירע קורץ געשוירענע האָר זענען געווען צעוואָרפן. עטלעכע לאָקן זענען אַראָפּגעפאַלן אויף איר גלאַטן שטערן, צוגעבנדיק איר אַ באַזונדערן חן. קרישע האָט זיי באַגעגנט אַ פריילעכע. זי האָט צו זיי געשריגן פונדערווייטנס:

— דער פליכטלינג איז שוין דאָ. געמיינט אַז דו ביסט שוין אנט־לאָפן אויפן פראָנט. שוין געוואָלט אַרויסשיקן שטעק־בריוו נאָך דיר.

זי האָט זיך וואַרעם באַגריסט מיט בײַרע.

אַליעק האָט זיך שנעל געזעגנט. קרישע האָט אָפּגעפירט וואַצעקן אין אָפּעראַציע־צימער, אויף איבערבינדן אים די וווּנד.

פאָרזיכטיק האָט קרישע אָנגעהויבן פאַנאַנדערצוּוויקלען דעם באַנ־דאַזש.

עס האָט איר אַ שלאָג געטאָן אין געזיכט דער ריח פון בלוט און יאָדינע. לאַנגזאַם האָט זי אַראָפּגעוויקלט די מאַרלע, אַראָפּציענדיק זי פאָרזיכטיק פון דער אָפענער וווּנד.

— נאָך אַ סעקונדע און עס וועט זײַן נאָך אַלעמען. עס טוט שטאַרק ווײ?

— מע קען אויסהאַלטן.

— דו ביסט אַ געדולדיקער. גוט צו האָבן אַזעלכע פּאַציענטן ווי דו.

די וווּנד איז שוין געווען פאַרדעקט. קרישע האָט זי פאַרבאַנדאַ־זשירט. וואַצעקן איז געווען אָנגענעם די באַרירונג פון אירע צאַרטע פינגער.

— איך מוז דיר אָפּצאָלן מיט אַ קאָמפּלימענט. אויב איך בין אַן אָנגענעמער פּאַציענט, ביסטו נאָך אַ מער אָנגענעמע קראַנקן־שוועסטער.

— עס ווילט זיך צעפרידנשטעלן די פאַרוווּנדעטע. מיר שיינט אַלץ, אַז איך קויף זיך מיט עפּעס נישט אויס. איר אויפן פראָנט, איך אין הינטערלאַנד.

— אין די שפּיטעלער איז גוט צו האָבן אַזעלכע שוועסטער ווי דו. דו ברענגסט דאָ מער נוצן ווי אויפן פראָנט.

וואַצעק איז מיט אַ לײַכט געמיט געגאַנגען עסן אָוונט־ברויט.

גערטרודע, אַ פריילעכע, אַ צעיאָכמעטע, איז אַרײַנגעפלויגן אין זאַל.

— איז דער פראַנץ קאָמיש! יעדן טאָג פאַרליבט ער זיך אין אַן אַנ־

דערע פון אונדז. צי האָט ער זיך שוין דערקלערט אין ליבע צו דיר?

— גיין. נאָך נישט. אז דו וועסט אים נמאס ווערן, וועט ער זיך מסתמא דערקלערן אין ליבע צו מיר.

— איך דערלויב, דו מעגסט.

לאַכנדיק האָבן ביידע פאַרלאָזט דעם זאַל.

* *
*

אין שטאַב איז געווען אַ גרויסע באַוועגונג. אויטאָמאָבילן זענען כסדר צוגעפאָרן און אָפּגעפאָרן. אין קאָרידאָר און אויף די טרעפּ איז פול געווען מיט מיליטער־לייט. שרייב־מאַשינקעס האָבן נערוועז געקלאַפּט. די באַזוכער זענען געשטאַנען ביי פאַרשידענע טירן וואַרטנדיק אויף זייער ריי אָנגענומען צו ווערן. דער דיזשורנע, זעענדיק אַנטאָנען אַרויפּ־גיין, האָט אים גלייך אַריינגעלאָזן צו ארסקין. אין קאַבינעט האָט זיך גע־פונען אַ באַזוכער. ער איז געזעסן מיט דער פּלייצע צו דער טיר. אַנטאָן האָט נישט געזען זיין פּנים.

— סאַלוד אַנטאָן. מיר וואַרטן שוין אויף דיר. באַקענט אייך. דאָס איז חבר סקשעטוסקי.

אַ טרוקענע, וואַרעמע האַנט האָט פעסט געדריקט אַנטאָנס פינגער. דער נאָמען איז אים געווען באַקאַנט. אַן ערנסט אויסגעמאַטערט געזיכט מיט גרינע פרעגנדיקע אויגן, וועלכע מאָנען עפּעס און גיבן גלייכצייטיק צו מוט, האָט געקוקט אויף אים.

— נישט געריכט זיך אייך דאָ צו טרעפן — האָט זיך אַנטאָן אָפּ־גערופן.

סקשעטוסקי האָט אַ שמייכל געגעבן.

— מיר אַלע זענען איצט עולה־רגל קיין שפּאַניע. דאָס איז נאַטירלעך. אַ גרוס אייך פון עדמונדן. ער קלייבט זיך צו קומען אַהער. כ'בין צופרידן וואָס איך האָב אייך דאָ געטראָפן.

אַרסקין, צורוקנדיק פאַר אַנטאָנען אַ שטול, האָט מיט פאַרוואורף באַ־מערקט: — איך פיר די גאַנצע צייט אַ שטרייט מיט אַנטאָנען. ער וויל דאָ נישט בלייבן. ער וויל אַנטלויפן אויפן פראָנט.

סקשעטוסקי האָט פרעגנדיק געקוקט אויף אַנטאָנען.

— אַרסקי וויל מיך מיט געוואַלט דאָ פאַרהאַלטן. ער וויל מיך דווקא מאַכן דאָ פאַר אַ קאָמיסאַר. איך האַלט, אַז מע קאָן געפונען אַ צווייטן אויף מיין אָרט דאָ. איך טויג זיך נישט צום לעבן אין שטאַב. אַרסקי האָט סיי ווי נישט קיין נחת פון מיר.

— דו טרייבסט אַביסל איבער — האָט אַרסקי גוטמוטיק געענט־פערט — אַנטאָן זאָגט מיר כּסדר מוסר — האָט ער שמייכלענדיק זיך געווענדט צו סקשעטוסקין — ער האַלט, אַז איך האָב דאָ צוגעקליבן נישט קיין געהעריקע קאַדרען, אַז מען דאַרף דאָ אַדורכפירן אַ רייניקונג. אַביסל איז ער גערעכט. שווער תיכּף צו געפונען די געהעריקע מענטשן, ביי אַזאַ מיש־מאַש פון פעלקער און שפּראַכן. שווער גלייך צו דערקענען זיך אויף יעדן איינעם, יעדער לויבט זיינע מענטשן, וויל וואָס מער פון זיי אַריינשיקן אין שטאַב. דערפאַר טאָקע וויל איך, אַז אַנטאָן זאָל דאָ בלייבן. ער איז נייטיק דאָ נישט בלויז פאַר די פּאָליאַקן, נאָר אויך פאַר אונדז אַלע. פאַר דער קורצער צייט וואָס ער איז דאָ, האָט ער זיך שוין דערוואָרבן אויטאָריטעט.

— ווי איך זע האָסטו שוין גוט באַאַרבעט דעם גאַסט.

— נישט געפערלעך — האָט זיך אָנגערופן סקשעטוסקי — אַרסקי איז נישט אַזאַ גזלן ווי איר מיינט. וועגן אייער פּערספּעקטיוו וועט נאָך זיין צייט צו רעדן. דערציילט בעסער וואָס הערט זיך ביי אונדזעריקע?

— פון פראָנט באַקומען מיר גוטע ידיעות. אונדזער באַטאַליאָן איז די גאַנצע צייט אין פייער. ביי מאַדריד, כּאַראַמאַ און לעצטנס אין גוואַדאַלאַכאַראַ האָבן זיך אונדזערע זייער אויסגעצייכנט. די שטימונג ביי די יאַטן איז זייער אַ גוטע.

— איר, פּאָליאַקן האָט דאָ באַקומען ביי אַלע אַ נאָמען פון אויסגע־צייכנטע זעלנער — האָט אַרסקי צוגעגעבן.

— האָבן מיר געהאַט שטאַרקע פאַרלוסטן?

— זייער, יעדער קאַמף קאָסט אַ סך. מיר האָבן שוין צענדליקער דערהרגעטע און נאָך מער פאַרוווּנדעטע. זיי ווערן זייער שנעל פאַרפולט דורך פריש געקומענע. יעדע וואָך קומען אָן פאַרטיעס קעמפער. הויפּט־זעכלעך פון פראַנקרייך. די פראַנצויזישע עמיגראַציע שטייט אויפן ערשטן אָרט. זי שיקט רעגולער מענטשן, דער עיקר קוילנגרעבער פון נאָרד־פראַנקרייך. די מערהייט פון זיי האָט שוין געדינט אין פּוילישן מיליטער, זייער אויסבילדונג פאַרנעמט נישט קיין סך צייט. עס קומען אויך פריי־

ווילִיקע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע, בעלגיע און אַרגענטינע. פון קאַנאַדע און אַרגענטינע קומען הויפּטזעכלעך אוקראַינער אין ווייסרוסן.

— און פון לאַנד?

— עס קומען אויך פון לאַנד. אָבער נישט אין אַ גענוגנדער מאָס. די חברים האָבן אויסצושטיין ריזיקע שוועריקייטן, ביז זיי דערקלייבן זיך דאָ. אייניקע פאָרן און גייען צו עטלעכע חדשים, זיצן אין געפענגענישן במעט אין יעדן טראַנזיט־לאַנד. איר וועט דאָ טרעפן מענטשן, וועלכע זענען געגאַנגען צופוס במעט דעם גאַנצן וועג פון פּוילן ביז פּאַריז. דער דאָזיקער עלעמענט איז אַ גלענצענדער, אַן איבערגעגעבענער, גרייט אויף אַלעם.

— ווי זעט אויס דער פּאָליטישער צוזאַמענשטעל פון די פרייוויליקע פון פּוילן?

— עס זענען פאַראַן זייער פיל קאָמוניסטן, עטלעכע פּעפּעסאָווצעס, צוויי זענען געבטן אָנגעקומען, איינצעלנע בונדאָווצעס און פּ. צ. עס קומען אויך פון דער פּויערים־פּאַרטיי. מיר האָבן דאָ נישט קיין פּאָליטישע רייבונגען. די יאַטן לעבן זיך דאָ זייער שנעל איין. מיר האָבן אָבער אַנדערע שוועריקייטן.

— וועלכע?

— איינע פון די שווערסטע פּראָבלעמען דאָ איז דאָס טרינקען, שיכורן, הויפּטזעכלעך פון די, וועלכע קומען פון צפון־פראַנקרייך. די מלחמה און דער פראָנט האָבן נאָך מער פאַרשאַרפט דעם אַפּעטיט. דער שפּאַניער איז במעט קיינמאָל נישט שיכור. אויף די גאַסן קאָן מען אָפט טרעפן שיכורע פּאָליאַקן, שיכורע פראַנצויזן, אָבער נישט שפּאַניער. די היגע באַפעלקערונג איז נישט געוווינט דערצו. דאָס קאָן זיך שלעכט אָפּרופן אויף דער באַציונג פון דער באַפעלקערונג צו די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. מיר פירן אַ קאַמף קעגן דעם. עס איז דערביי אינטערעסאַנט, אַז די מערהייט פון די דאָזיקע שיכורים ווייזט זיך אַרויס אויפן פראָנט אַלס העלדישע סאָלדאַטן.

— אין וואָס באַשטייט דאָ אייגנטלעך די פּאָליטישע אַרבעט?

קודם דערציילט מען וועגן שפּאַניע גופא. במעט אַלע געקומענע ווייסן זייער ווינציק פון דעם דאָזיקן לאַנד: קענען נישט זיין געאָגראַפיע, זיינע רייכטימער, פּאָליטישע פאַרהעלטענישן, וואָס פאַרא פּאַרטייען זענען דאָ פאַראַן און וואָס ווילן זיי. אָט דאָס איז דערווייל די אַרבעט.

— איז דאָס געגוג?

— ניין. מען דאַרף אָבער פאַרשטיין די ספּעציפישע פאַרהעלטענישן פון אַלבאַצעטע. די פּריווילעגיע זענען דאָ פאַראַן זייער אַ קורצע צייט. זיי גייען שנעל אַוועק אויפן פראָנט. די דאָזיקע סיטואַציע איז נישט געאייגנט פאַר אַ סיסטעמאַטישער אויפקלערונגס־אַרבעט. אויך נישט אַלע קאָמיסאַרן האָבן די געהעריקע קוואַליפיקאַציעס דערצו. ביי אַזאַ צושטאַנד שפּילט אָפטמאָל אַ ראָל דער צופאַל. נישט יעדער קאָמיסאַר איז אויף זיין אָרט. אַ סך העלפט אונדז צו אין דער אַרבעט די צייטונג און דער ביולעטין, וואָס מיר גיבן אַרויס אויף פּויליש.

— ווי איך זע — האָט זיך סקשעטוסקי אָפּגערופן — פירט איר דאָ אַן ערנסטע אַרבעט, און איר ווילט גאָר אַוועק פון דאַנען.

מען קאָן אָבער דאָ אַוועקזעצן עמעצן, וואָס איז שוין געווען אויפן פראָנט און קאָן זיך שוין אויפן פראָנט נישט אומקערן צוליב זיין אינוואַלידישקייט.

— איך מיין, אַז איר ביידע וועט זיך סוף כל סוף פאַרשטענדיקן — האָט זיך סקשעטוסקי אָפּגערופן — איך וואָלט זיך געוואָלט באַקענען מיט די קעמפער.

— זייער גוט. איבערמאָרגן פאָרט אָפּ פון מאַהאָראַ אַ פּאַרטיע אויפן פראָנט. מאָרגן קומט פאַר אויך אַ מיטינג פון די פּאָליאַקן. עס וואָלט זייער גוט געווען, ווען איר פאָרט צו מיט מיר דאָרטן. איר וועט אַרויסטרעטן. אויף חברה וועט דאָס מאַכן זייער אַ גוטן איינדרוק.

— מיט פאַרגעניגן.

אַנטאָאָן און סקשעטוסקי האָבן זיך געזעגנט מיט ארסקין.

אין דרויסן איז געווען שטאַרק פינצטער. די שמאָלע געסלעך זענען געווען ליידיק פון מענטשן. פון דער ווייטנס האָט זיך דערטראָגן צו זיי דער געדויש פון בולוואַר, דער פרייליכער געלעכטער פון דער יוגנט.

— קומענדיק פון פּאַריז, פון אַזויפיל ליכט און רחבות, מאַכט שפּאַניע ביינאַכט אַ שווערן איינדרוק. ס'איז פינצטער, געהיימנישפול און דראָענד.

— איר וועט דאָ בלייבן?

— איך וואָלט זייער געוואָלט דאָ בלייבן, אָבער צום באַדויערן, וועל איך מוזן זייער שנעל צוריקפאָרן.

זיי זענען געגאַנגען שווייגנדיק. די לופט איז געווען אַ קילע און זייער אַן אָנגענעמע. אַרויפקומענדיק אויפן בולוואַר, האָבן זיי געמוזט גיין זייער

לאַנגזאַם. הונדערטער שפּאַצירנדיקע האָבן איבערפולט דעם סקווער און די אַרומיקע גאַסן. יונגע לייט און מיידלעך געאָרעמט צו זעקס אין אַ רייע האָבן פאַרנומען די גאַנצע ברייט פון בולוואַר.

— ווען נישט די פינצטערניש — האָט זיך אָפּגערופן סקשעטוסקי — וואָלט איך דאָ נישט אָפּגעפילט די מלחמה. אַזאַ געמיטלעכקייט און זאָרג־לאָזע רואיקייט, אַ ווונדערבאַר פאָלק די שפּאַניער.

— מיר שיינט, אַז דאָס איז זייער אַ וויכטיק פּראָבלעם. עס האָט זיינע גוטע זייטן, אָבער נאָך מער שלעכטע. דאָ אין טיפן הינטערלאַנד לעבט נאָך דער שפּאַניער זייער ווייניק מיט דער מלחמה. אים שיינט אַליין, אַז די מלחמה קומט פאַר ערגעץ זייער ווייט, ער וויל האָפן, אַז זי וועט צו זיינע שטאָט־גרענעצן נישט דערגיין. זייער שוואַך גייט אָן די אויפ־קלערונג.

— חבר אַנטאָן.

פון דער פינצטערניש האָט זיך אַרויסגערוקט אַ געשטאַלט און צו־געגאַנגען צו אַנטאָנען. זעענדיק, אַז אַנטאָן גייט מיט עמעצן, האָט ער נישט דרייסט געמאַכט א טריט צוריק.

— וואָס האָסטו געוואָלט? — האָט אים אַנטאָן פאַרהאַלטן.

— איך שטער מסתמא איצט. איך וועל שוין אַ צווייט מאָל דיך אויפזוכן.

— איר שטערט נישט. איר קענט רעדן — האָט זיך סקשעטוסקי אָפּגערופן.

אַנטאָן האָט זיי פאָרגעשטעלט:

— ח' סקשעטוסקי און ח' וואַלט.

וואָלט איז געבליבן שטיין צעמישט. אויף אַזאַ באַגעגעניש האָט ער זיך נישט געריכט. סקשעטוסקי אין שפּאַניע!

אַנטאָן האָט אים צוגעגעבן מוט.

— וואָס האָסטו פאַרלוירן דאָס לשון. איך מיין, אַז ח' סקשעטוסקי קאָן אויך וויסן, וואָס דו ווילסט.

— איך האָב נאָכאַמאָל געוואָלט פרעגן וועגן מיין פאַרטיי־ענין. איר ווייסט דאָך, אין וואָס עס האַנדלט זיך. עס איז מיר קיינמאָל נישט אַזוי שווער געווען ווי דאָ. צו זיין אין שפּאַניע, קעמפן און פילן זיך אויסער די ראַמען פון דער פאַרטיי...

— אין וואָס האַנדלט זיך? — האָט סקשעטוסקי נישט פאַרשטיי־ענדיק געפרעגט.

— וואָלט — האָט אַנטאָן אויפגעקלערט — איז אַן אַלטער פּאַרטיי־חבר. לאַנגע יאָרן געזעסן אין תפיסה. מיט עטלעכע יאָרן צוריק, ווען עס האָט זיך ביי אונדז אָנגעהויבן די טראָצקיסטישע אָפּאָזיציע, איז וואָלט אויף א צייט מיטגעשלעפּט געוואָרן מיט דער דאָזיקער שטימונג. ער איז צוליב דעם אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּאַרטיי. תיכף נאָכדעם האָט ער אויסגעדרוקט זיין באַדויערן, צוריקציענדיק זיך פון זיין נישט ריכטי־קער שטעלונג. ער האָט כסדר דערקלערט דער פּאַרטיי זיין לאָיאַלקייט צו איר און זיך באַמיט ווידער אויפגענומען צו ווערן אין אירע רייען. ער איז געקומען קיין שפּאַניע. מיר האָבן קעגן אים גאָרנישט אויסצוזעצן. ער איז אַ גוטער, דיסציפּלינירטער קעמפער. די גאַנצע צייט באַמיט ער זיך, אַז מען זאָל אים צוריק אויפנעמען אין דער פּאַרטיי.

— אויב ס'וועט אויסקומען צו שטאַרבן, וויל איך שטאַרבן אַלס פּאַרטייער — האָט וואָלט שטיל פאַרענדיקט אַנטאָנס אויפקלערונג.

— וואָס זאָגט איר דערצו? — האָט אַנטאָן זיך געווענדט צו סקשע־טוסקין.

— מען וועט דאַרפן באַטראַכטן די דאָזיקע פראַגע. דאָ אויף דער גאַס וועט מען איר נישט לעזן. עס מוז אנטשיידן דער צ. ק. פּאַל נישט אין מוט. האַלט זיך.

— קאָן איך האָפן אויף אַן ענטפער?

— איך זאָג נישט צו, אַז איר וועט שנעל באַקומען אַן ענטפער, אָבער אַן ענטפער וועט איר באַקומען.

— אַ דאַנק חברים. סאַלוד.

וואָלט איז פאַרשוואונדן אין דער פינצטערניש.ביידע האָבן א לאַנגע צייט געשוויגן. זיי זענען געווען טיף גערירט פון דער דאָזיקער באַגעגעניש. סקשעטוסקי האָט איבערגעריסן דאָס שווייגן.

— מיר ווייסן אַליין נישט ווי שטאַרק מיר זענען. וואָס פאַר אַ טיפע וואָרצלען מיר האָבן געלאָזן אין די געדיכטעניש פון די מאַסן. אפילו פאַר די, פאַר וועמען די פּאַרטיי איז געוואָרן אַ בייזע מאַמע, איז זי דאָך פאַרבליבן אַ מאַמע.

* *
*

צומאָרגנס אינדערפרי איז אַנטאָן און סקשעטוסקי אַרויסגעפאָרן קיין מאַהאָראַ, וווּ עס האָט זיך געפונען דער צוגרייטונגס־לאַגער פון די

פּוילישע פּריוווּיליקע. אַ צעקאַליעטשעטער, זייער שלעכטער צעמענטענער שאָסעי האָט זיי געפירט צווישן שוואַרצע אויסגעטריקנטע פּעלדער און נידעריקע בערגלעך. דער טאָג איז געווען אַ וואַרעמער. די ערד האָט גע־אָטעמט מיט פרילינג. די פויערים מיט זייערע צוויי־רעדער וועגענער און דריי־אייזל געשפּאַן אין דער לענג האָבן זיך לאַנגזאַם געשלעפּט אויפן וועג, באַגריסנדיק זיך וואַרעם מיט די אַדורכפאָרנדיקע. דער שפּאַנישער שאָפער האָט עפּעס נאָכגעשריגן יעדער יונגע פרוי. די פרויען האָבן געלאַכט ענט־פערנדיק אים.

נאָך אַ שעה רייזע זענען זיי אַריינגעפאָרן אין שטעטל און צוגעפאָרן צו די קאַשאַרן. אין דרויסן זענען געשטאַנען פריוווּיליקע מיליטערישע געקליידט. עטלעכע פּאָליאַקן האָבן דערקענט אַנטאָנען און פרייליך אים באַגריסט.

אַנטאָן האָט פאָרגעשטעלט סקשעטוסקין. אַ גרופּע פּאָליאַקן האָט זיי אַרומגערינגלט. עס האָט זיך פאַרפירט אַן אַלגעמיינער געשפּרעך. פון אַלע זייטן זענען געפאַלן פראַגן.

— ווען שיקט מען אונדז אויפן פראָנט? פאַרוואָס האָט מען היינט נישט אַרויסגעגעבן קיין ציגאַרעטן? וואָס הערט זיך אין פוילן? ווען טאַקע זיין אַן אַמנעסטיע?

— ווי אַזוי קען איך אייך ענטפערן, אַז איר רעדט אַלע צוזאַמען — האָט געזאָגט אַנטאָן.

— אויף דעם ביסטו אַ קאָמיסאַר, אַז דו זאָלסט מיטאַמאָל ענט־פערן — האָט גנביש אַ בלישטש געגעבן מיט די אויגן אַ הויכער דאַרער בחור מיט פעסטע מוסקולן.

— רופט אַ פאַרזאַמלונג, וועלן מיר זיך אַדורכרעדן. חבר סקשעטוסקי וועט אייך אָפּגעבן אַ גרוס פון פוילן. מסכים?

אויפן וועג צום מיטינג האָט זיי אָפּגעשטעלט אַ פריוווּיליקער.

— חבר אַנטאָן, זאַלאָשינסקי איז שוין געקומען?

— ניין, מאַטראָס.

— איר זייט אַ מאַטראָס? — האָט זיך סקשעטוסקי פאַראינטע־רעסירט.

— יאָ — האָט אַנטאָן אָפּגעענטפערט — ער האָט אַדורכגעמאַכט אַן אינטערעסאַנטן וועג פון פוילן ביז שפּאַניע. דערציילט — האָט ער זיך געווענדט צום מאַטראָס.

דער מאַטראָס האָט זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן.

— אַז דעם חבר אינטערעסירט, ביטע. איך האָב געדינט אין פּוילישן פלאָט. ווען עס האָט זיך דערנעענטערט דער טערמין פון באַפרייאונג פון מיליטער, האָב איך און זאלאָשינסקי באַשלאָסן צו פאָרן קיין שפּאַניע. מיר זענען צופוס אַוועק קיין גדיניע, זיך צו לאָזן אין וועג. מיר האָבן נישט געהאַט קיין געלט, האָבן מיר אַביסל צוגעהונגערט. ענדלעך איז אָנגעקומען די אַזוי לאַנג דערוואַרטעטע שיף. דאָס איז געווען אַ קליינע ליטווישע שיף, אינגאַנצן פון טויזנט טאָן. די שיף האָט געדאַרפט שטיין אין פּאָרט עטלעכע שעה, כדי אָנצולאָדענען קוילן און ווייטער פאָרן. מיר האָבן לאַנג נישט געטראַכט, נישט געווען קיין צייט דערויף. אָפּוואַרטנדיק אַ פּאַסיקע מינוט, ווען די מאַטראָסן זענען געגאַנגען אויף מיטאָג, זענען מיר אַרויף אויף דער שיף באַהאַלטנדיק זיך צווישן די קוילן. עס איז אונדז געווען זייער אומבאַקוועם, נאָר נישקשה. ביזן אָפּפאָרן פון דער שיף האָבן מיר געלעבט אין שרעק. ענדלעך האָבן מיר געהערט דעם פייף פון דער שיף-סירענע און דאָס אַרויפציען פון אנקער. די שיף האָט אָנגעהויבן צו שווימען. אין דער באַהעלטעניש זענען מיר אָפּגעזעסן הונגעריקע אַ גאַנצע נאַכט. צומאָרגנס אינדערפרי, האָט זיך זאלאָשינסקי געפילט זייער שלעכט. ער איז געווען דערשעפּט פון הונגער און קעלט. איך האָב נישט געטראַכט וועגן דער געפאַר, וואָס דראָט אונדז. איך בין אַרויס אויפן דעק און זיך געמאָלדן. עס האָט זיך אָנגעהויבן די געווייגלעכע צערעמאָניע; די אויספאָרשונג: פון ערשטן מאַטראָס, וואָס האָט מיך געכאַפּט, ביז דעם קאַפּיטאַן. דער קאַפּיטאַן איז זיך מיט אונדז באַגאַנגען מיט חסד. מיר זענען פאַרבליבן אויף דער שיף. מען האָט אונדז אַפילו געגעבן עסן. א מאַטראָס פילט אַ מאַטראָס. אַכט טעג זענען מיר אַזוי געשוומען ביז צום ענגלישן ברעג. אָנקומענדיק קיין ענגלאַנד, האָט אונדז דער קאַפּיטאַן פאַרשלאָסן, כדי מיר זאָלן נישט אַנטלויפן. פינף טעג זענען מיר געווען אַזוי אַרעסטירט. אויפן זעקסטן טאָג איז צו אונדז געקומען דער ערשטער אָפיציר און האָט אונדז מיטגעטיילט די פרייליכע ידיעה, אַז מיר פאָרן נישט צוריק קיין פּוילן, נאָר קיין פראַנקרייך. ווען די שיף איז אָנגעקומען קיין האוור, זענען מיר אנטלאָפן. ס'איז אונדז אָבער נאָכגעגאַנגען דאָס שלימזל. די פראַנצויזישע זשאַנדאַרמעריע האָט אונדז אַרעסטירט, אָננעמענדיק אונדז פאַר שלעפּער. מיר האָבן דאָך נישט געהאַט קיין גראָשן אין קעשענע. אכט טעג זענען מיר אָפּגעזעסן אין אַרעסט. ווען מיר זענען אַרויס אויף דער פריי, האָבן מיר זיך געלאָזט אויף „גאַפּע“ פאָרן קיין פּאַריז. עס איז אונדז געלונגען. מען האָט אונדז נישט אַרעסטירט. אין פּאַריז האָבן מיר עטלעכע

טעג ארומגעבלאָנדזשעט, נעבטיקנדיק אין די פּאַרקן. ביז מיר האָבן צו־פעליק געטראָפן אַ חבר, וועלכער האָט אונדז אַוועקגעפירט אין שפּאַנישן קאָמיטעט. מיר האָבן זיך פאַרלוירן. איך בין שוין דאָ עטלעכע טעג אָבער ווו איז זאַלאַשינסקי?

— ער וועט מסתמא די טעג אָנקומען — האָט אים אַנטאָן געטרייסט.

— איך האָב אַ ביטע.

— וואָס?

— אין פּוילישן פלאָט האָב איך געדינט אין דער אַרטילעריע. איך וואָלט געוואָלט, אַז מען זאָל מיך דאָ שיקן אין דער אַרטילעריע.

— דאָס וועט זיך לאָזן מאַכן.

אַרום זיי איז דערווייל געוואקסן אַ געזעמל. מע האָט זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס דער מאַטראָס האָט דערציילט.

— דו ביסט נישט דער איינציקער, אַלע האָבן מיר וואָס צו דער־ציילן — האָט זיך אָפּגערופן אַ הויכער, דאַרער, מיט קליינע בלאָנדע וואָנצעס און בלויע ערנסטע אויגן — אָט דאָ שטייט מאַיסקי, אַ מיטגליד פון פּ. פּ. ס. וועלכער איז געקומען קיין פּאַריז אונטער אַ שלאָף וואַגאָן. אָט שטייט דאָ אַ חבר — ער האָט אָנגעוויזן אויף אַ יידישן בלאַסן יונג־מאַן — וועלכן די שווייצאַרישע זשאַנדאַרמעריע האָט פיר מאָל צוריק אַריבערגעוואָרפן די גרענעץ און צום סוף איינגעזעצט אויף פיר וואָכן.

— איך וואָלט אייך געוואָלט עפּעס פרעגן — האָט זיך אָפּגערופן אַ יידישער פרייוויליקער — צי וואָלט נישט געווען גוט, ווען מען שאַפט אַ יידישן באַטאַליאָן? עס זענען דאָ פאַראַן אַזויפיל יידישע קעמפער.

אַנטאָן האָט געשוויגן. די דאָזיקע פראַגע איז פאַר אים געווען אומ־דערוואַרט. עס איז פאַר אים געווען פארשטענדלעך, אַז אַלע פון פּוילן, אָן אונטערשיד פון נאַציאָנאַליטעט, זאָלן קעמפן צוזאַמען. אָבער אַ באַ־זונדערן יידישן באַטאַליאָן? ער האָט אָבער דערפילט, אַז דאָס איז אַן ערנסטער ענין.

— פון דעם וועלן מיר נאָך רעדן — האָט ער זיך ענדלעך אָפּגערופן. מען דאַרף דאָס ערנסט באַטראַכטן.

די פאַרזאַמלונג האָט זיך אָנגעהויבן. דער ערשטער האָט גערעדט אַנטאָן. ער האָט געענטפערט אויף אַלע געשטעלטע פראַגן און געמאָלדן, אַז מאָרגן פאָרן זיי אויפן פראָנט. ער האָט אונטערגעשטראָכן די נויטווענ־דיקייט פון דיסציפּלין, פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, גערעדט וועגן שעדלעכ־

קיין פון שיכרות. ער האָט געגעבן אַ קורצן איבערבליק איבער דער סיטו־אַציע אין שפּאַניע.

אַנטאָן איז נישט געווען קיין מאַסן־רעדנער. נאָר זיינע איינפאַכע ווערטער אַרויסגעזאָגטע ערנסט, מיט אַ קלאָרער שפּראַך האָבן שטאַרק געווירקט. די צוהערער האָבן היים אַפּלאָדירט.

אַנטאָן האָט געגעבן דאָס וואָרט סקשעטוסקין.

סקשעטוסקי איז געווען טיף גערירט. די פייערלעכע שטי־מונג פון די פאַרזאַמלטע האָט געווירקט אויף אים. ער האָט זיך געפילט שטאַרק צוזאַמענגעבונדן מיט די דאָזיקע מענטשן, וועלכע גייען מאָרגן אַוועק אין קאַמף.

ער האָט זיי אָפּגעגעבן אַ גרוס פון פּוילן. דערציילט פון די גרויסע שטרייקן, וואָס קומען פאָר אין לאַנד. ער האָט דערציילט וועגן טעראָר, וועגן דער פאַרבינדונג פון דער סאַנאַציע מיט היטלערן, וועגן דער גלאָריע וואָס זיי, די פּוילישע פרייוויליקע אין שפּאַניע פאַרשאַפן דעם פּוילישן פאָלק אין דער וועלט.

די ווירקונג פון דער רעדע איז געווען אַ שטאַרקע. טייל קעמפער האָט געווישט די טרערן. ווען ער האָט פאַרענדיקט, האָבן זיך פּויסטן אַ ריים געטאָן אין דער הייך, און עס האָט אַ דונער געטאָן דאָס געזאַנג פון דעם אינטערנאַציאָנאַל.

קיינעם האָט זיך נישט געוואָלט פונאַנדערגיין. חברה האָט אָנגעהויבן זינגען היימישע פּוילישע לידער, רעוואָלוציאָנערע און פאָלקסטימלעכע.

לאַנג נאָך האָט אין ענגן זאַל אָפּגעקלונגען דאָס געזאַנג פון די קעמפער.

אָפּגעפרישטע האָבן אַנטאָן און סקשעטוסקי פאַרלאָזט די פאַרזאַמ־לונג. אַלע זענען אַרויס זיי באַגלייטן.

ביידע האָבן אַ לאַנגע צייט געשוויגן.

— איך בין דיך אַנטאָן מקנא. דו בלייבסט מיט זיי — האָט סקשע־טוסקי זיך אָפּגערופן.

אַנטאָן האָט גאָרנישט געענטפערט. צופיל האָט ער איצט איבערגע־לעבט, אַז ער זאָל קאָנען וועמען עס איז פון דעם דערציילן.

* *
*

אין שפּיטאָל איז געווען שטיל. עס איז נאָר פאַרבליבן אויף נאַכט־דינסט דער דיזשורנע דאָקטאָר, קרישע און די יונגע שפּאַנישע שוועסטער דאָלאָרעס. וואַצעק און רובין זענען געליגן אויף זייערע בעטן און גע־שמועסט. רובינס ווונד איז שוין געווען כמעט ווי פאַרהיילט .ער האָט שוין אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו גיין, אונטערהינקענדיק נאָך אַביסל. נאָך אַ וואָך — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט — און ער וועט זיך שוין קענען אויס־שרייבן. רובין איז פון דעם געווען זייער צופרידן. זיי האָבן גערעדט פון זייער באַטאַליאָן, דערמאָנט זיך אין פּוילן, אין באַקאַנטע און חברים.

אויפן שכנותדיקן בעטל איז געלעגן אַ זייער שווער פאַרווונדעטער שפּאַניער. ער האָט באַקומען אַ בויך־שאָס. זיין לאַגע איז געווען האָפנונגס־לאָז. ער איז געלעגן אין גרויסער היץ און געשטאַמלט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער. נעבן אים איז געשטאַנען די קראַנקן־שוועסטער דאָלאָרעס, לייגנ־דיק אים אייז אויפן קאָפּ. איר לענגלעך ברוין מאַט געזיכט מיט די לאַנגע וויעס איז געווען שטאַרק באַזאָרגט. זי האָט צערטלעך צו אים גערעדט, ווי מען רעדט צו אַ קינד. דער שווער פאַרווונדעטער האָט נישט געהערט.

מיט אַ וואָך צוריק האָט מען אים דאָ אַהער געבראַכט, זיין לאַגע איז באַלד געווען אַ שווערע. עס איז נייטיק געווען אַ תיכּפדיקע בלוט־טראַנס־פוזיע. דאָלאָרעס האָט נישט קלערנדיק, אָפּגעגעבן איר יונג בלוט דעם אומבאַקאַנטן זעלנער.

זי איז געווען אַ מאַדרידערן. גלייך אין די ערשטע קאַמפן אַרום מאַדריד איז געהרגעט געוואָרן איר ברודער. נאָך דעם איז אויפן פראָנט אומגעקומען איר פאָטער. זי איז אַוועק אין אַ שפּיטאָל אַרבעטן אַלס שוועסטער. דאָלאָרעס איז געווען דער ליבלינג פון גאַנצן שפּיטאָל. בעת דער קראַנקער האָט אָנגעהויבן איינצושלאָפן, איז דאָלאָרעס שטיל אַרויס פון צימער.

וואַצעק און רובין זענען אויך איינגעשלאָפן.

קרישע האָט זיך דערפרייט, ווען דאָלאָרעס איז אריינגעקומען. קרישע האָט שוין פון לאַנג פאַרענדיקט איר ערשטן נאַכט־באַזוך פון אירע פאַר־ווונדעטע. אַליין איז איר געווען אומעטיק.

— אים איז אַזוי שלעכט. ווער ווייסט, צי ער וועט די נאַכט אויס־האַלטן.

קרישע האָט געוווסט פון וועמען זי רעדט.

— דער פּראָפעסאָר האָט פונדעסטוועגן נישט פאַרלוירן די האָפע-
נונג, אויב ער וועט בייקומען דעם קריזיס, איז אַלץ מעגלעך. כאָטש דאָ-
לאָרעס האָט געוווסט, אז דאָס זענען גיכער טרייסט-ווערטער פאַר איר,
איז זי פונדעסטוועגן געוואָרן אביסל היימערער. זי איז געווען דאַנקבאַר
קרישען. זי האָט זי ארומגענומען און אַ קוש געטאָן.

קיין ספּעציעלע אַרבעט ארום די קראַנקע איז שוין נישט געווען. צו
דער צווייטער באַזוך-רונדע פון די פאַרוואונדעטע איז נאָך געווען גענו-
ציים. דאָלאָרעס איז געזעסן צוגעטוליעט צו קרישען, דערציילנדיק איר
פון איר מאַדריד, אין וועלכער זי איז געווען פאַרליבט...

דאָלאָרעס האָט פּלוצים איבערגעריסן. אירע אויגן האָבן זיך ברייט
צעעפנט. זי האָט זיך קראַמפּהאַפט אָנגעכאַפּט אין קרישען. עס האָט זיך
דערהערט א בייזער גערויש פון מאָטאָרן אין דער לופט, וואָס איז מיט
יעדער רגע געוואָרן שטאַרקער.

קרישע האָט אָנגעקוקט פאַרוואונדערט דאָלאָרעס: — וואָס האָסטו זיך
אַזוי דערשראָקן?

וואָס וועט זיין מיט די פאַרוואונדעטע?

דאָלאָרעס האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן. עס האָט זיך געהערט א
שטאַרקער אויפרייס. דאָס גאַנצע הויז האָט זיך אַ טרייסל געגעבן. אין
שפּיטאָל איז געוואָרן א טומל. קרישע און דאָלאָרעס האָבן זיך געלאָזט
לויפן אין די זאַלן פון די פאַרוואונדעטע. אייניקע פון זיי, די לייכטע זענען
שוין געזעסן אויף זייערע בעטן. טייל איז געשטאַנען; די שווער פאַרוואונ-
דעטע האָבן צעעפנט ברייט די אויגן און שטום געקוקט אויף די אַרומיקע.
עטלעכע באַמבעס האָבן אויפגעריסן זייער נאָענט. מיט טראַסק האָבן אַ
קלונג-געטאָן די שויבן. עס איז אָנגעלאָפן דער דיזשורנע דאָקטאָר.

— אַלע פאַרוואונדעטע אין קעלער! — האָט ער באַפוילן. — די לייכטע
העלפן די שווערע — האָט ער צוגעגעבן.

קרישע האָט נישט געפילט קיין שרעק. זי האָט אינגאַנצן נישט גע-
טראַכט פון זיך. זי האָט געאַרבעט פיבערהאַפט ביים אראָפּטראָגן די שווער
פאַרוואונדעטע.

וואַצעק האָט סקעפּטיש באַטראַכט דעם קעלער:

— דאָס איז נישט קיין שוץ — האָט ער געטראַכט — איין באָמבע
פון הונדערט קילאָ מאַכט אַ תל פון דער האַזיקער גאַנצער בודע.

די באָמבאַרדירונג האָט אָנגעהאַלטן. ס'האָבן זיך געהערט כסדרדיקע אויפרייסן. אייניקע ווייט, אייניקע גאָר נאָענט. דער קעלער איז שוין געווען איבערפולט. די איבעריקע האָט מען אַוועקגעלייגט אין פּאַרטער.

* * *

אַנטאָן און סקשעטוסקי האָבן זיך אויפגעכאַפּט נאָך דעם ערשטן אויפרייס. זיי האָבן זיך אין דער פינצטער שנעל אָנגעטאָן. אין האָטעל איז אנטשטאַנען א טומל. מירן האָבן זיך האַסטיק אויפגעפּראַלט. עס האָט זיך געהערט דאָס געוויין פון אויפגעוועקטע קינדער. נערוועזע געשרייען. אַ טופּן פון צענדליקער פיס. אין קאָרידאָר איז געווען פינצטער. מענטשן בלויז אין אונטערוועש האָבן אין שרעק זיך געשטופּט אויף די טרעפּ. די באַדינונג, אַליין שטאַרק דערשראָקן, האָט געבעטן, אַז מען זאָל אראָפּגיין אין קעלער.

אַנטאָן און סקשעטוסקי זענען אַרויס אויף דער גאַס. לכתחילה איז געווען שטאַרק פינצטער. אין דער הויך, אויפן הימל, האָבן געראַנשט די אַעראָפּלאַנען, ס'האָט זיך דערהערט אַ נאָענטער אויפרייס. אינסטינקטיוו זענען ביידע צוגעפּאַלן צו דער ערד. נעבן זיי זענען געפאַלן שטיקער גלאָז פון אויסגעהאַקטע שויבן.

פּלוצים איז דער הימל רויט געוואָרן. פייער-צונגען פון ברענענדיקע הייזער געמישט מיט קנוילן רויך האָבן זיך געריסן אין דער הויך. ס'האָט געהערשט אַן אומבאַשרייבלעכער טומל און צעמישונג. פרויען און קינדער האָבן געליאַרעמט און געוויינט. מע האָט זיך איבערגערופן ביי די נעמען. דאָס איז געווען ניי און גרויזאַם.

אויף די גאַסן זענען אַרומגעגאַנגען וואַכן און עס זענען געלאָפן די אויטאָס, וועלכע האָבן געפירט פאַרוווּנדעטע אין די שפּיטעלער.

קרישע איז געווען אינגאַנצן בלאַס. אירע שטענדיק רויטלעכע באַקן זענען געווען אויסגעלאָשן און באַקומען אַ גרויען קאָליר. מיט אויפגעריסענע אויגן האָט זי געקוקט אויף די פרישע פאַרוווּנדעטע. אַזעלכע ווונדן, אַזעלכע יסורים האָט זי נאָך נישט געזען. שווידערלעך איז געווען דאָס צוויי יעריקע קינד, ביי וועמען די פיאַטעס פון די פיסלעך זענען געווען צע-ריסן, באַגלייט מיט בראַנד-ווונדן ביז איבער די קני. די מוטער אַ לייכט פאַרוווּנדעטע האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ.

דאָלאָרעס האָט געקנייט פאַרן קינד. פון אירע אויגן זענען געריגען גע־דיכטע טרערן.

קרישע האָט זי לייכט באַרירט ביי די אקסלען.

— מען דאַרף פאַרבאַנדאַזשירן די פאַרוואונדעטע. עס קומען אַלץ אָן פרישע.

דאָלאָרעס האָט זיך געהאָרכזאַם אויפגעהויבן.

אין דער נאַכט איז אלבאַצעטע זיבן מאָל באָמבאַרדירט געוואָרן. די שטאָט האָט געקענט אַנטקעגנשטעלן דעם שונא עטלעכע קוילנוואַרפער.

אַלבאַצעטע איז אין איין נאַכט געוואָרן אויס טיף הינטערלאַנד.

קרישע איז אין דער נאַכט עלטער געוואָרן מיט אַ סך יאָרן. שפּאַניע, אָן אָפּגייענדיקע אין בלוט איז געלעגן פאַר איר אַזאַ נאָענטע, אזא אייגענע.

*    *
*

שפּעט ביינאַכט האָט אַ ספּעציעלער צוג אַוועקגעפירט אויפן פראָנט איבער טויזנט פרייוויליקע פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. עס זע־נען אַוועק פאַרטיידיקן מאַדריד: פראַנצויזן און בעלגיער, אַמעריקאַנער און ענגלענדער, פּאָליאַקן און איטאַליענער, דייטשן און עסטרייכער, טשעכן און באַלקאַנער. אויף פאַרשידענע שפּראַכן זענען געהאַלטן געוואָרן רעדעס. אַלע האָבן גערעדט פון איינס, פון קאַמף און נצחון, פון דיסציפּ־לין און איינהייט, פון גרייטקייט צו קעמפן ביזן לעצטן. מענטשלעכע הער־צער האָבן געשלאָגן מיט באגער און האָפענונג, די אַרומיקע לופט איז פאַרטויבט געוואָרן פון לאָזונגען און אויסגעשרייען.

ווען דער לאַנגער צוג האָט גערירט, האָט זיך פון טויזנט ברוסטן אַרויסגעריסן דאָס געזאַנג פון אינטערנאַציאָנאַל. נאָך לאַנג איז אַנטאָן און סקשעטוסקי געשטאַנען אויפן פּעראָן, צוהערנדיק זיך צום געזאַנג, וואָס האָט זיך אַלץ מער פון זיי דערווייטערט.

מידע זענען זיי צוריקגעגאַנגען אין האָטעל.

אין האָטעל זענען שוין אַלע געשלאָפן. סקשעטוסקי האָט זיך גע־לייגט אין בעט און איז תיכף איינגעשלאָפן. אַנטאָן האָט זיך אוועקגעזעצט ביים טיש. ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ בריוו, וואָס אָליעק האָט אים ביי דער באַן געגעבן. דאָס איז געווען אַ בריוו פון מערין. איר ערשטער

בריוו, וואָס ער האָט באַקומען אין שפּאַניע. אומגעדולדיק האָט ער אויפֿ־
געריסן דעם קאָנווערט. ער האָט געלייענט:

„מיין ליבער:

באַקומען דיין ערשטן בריוו. ווי ער האָט מיך דערפֿרייט. שוין געווען
אַזוי אומרואיק ווענן דיר. איך האָב שוין אַזויפֿיל אַדורכגעטראַכט. איצט
איז ווידער אַלץ גוט. פֿאַרוואָס בין איך אַזאַ שוואַכע און אומבאַהאָלפֿענע,
ווען איך טראַכט פֿון דיר?

דו פֿרעגסט, ווי איך האָב פֿאַרברענגט די גאַנצע צייט. נאָך דיין
אָפּפֿאָרן איז מיר געווען זייער אומעטיק. די ערשטע וואָכן האָב איך יעדע
נאַכט אומגעדולדיק געוואַרט, עס האָט זיך מיר אַלץ געדאַכט, אַז דו וועסט
צוריקקומען. ווו איך זאָל נישט האָבן געגאַנגען, האָב איך זיך תמיד גע־
איילט אַ היים. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דו שטייסט ביי דער טיר
און וואַרטסט אויף מיר.

נאָכדעם בין איך אַוועקגעפֿאָרן צו מיינע עלטערן. איך האָב אַזוי
באַדויערט, וואָס דו ביסט נישט געווען מיט מיר. עס איז דאָרטן אַזוי
שיין. שניי, וואַלד, קליינע, מאָלערישע בערגלעך און אַ קאַלטע, אָבער אַזאַ
גוטע זון, אַזאַ וווּנדערבאַרער הימל ביינאַכט.

איך האָב זיך נעענטער באַקענט מיט די פּויערים אין דאָרף. וואָס
פֿאַרא עלענד און נויט עס הערשט צווישן זיי. שרעקלעך. איך האָב זיך
אַזאַ לאַנגע גאָרנישט פֿאַרגעשטעלט.

עטלעכע פּויערים זענען אונדזעריקע. עס איז געווען זייער אינטע־
רעסאַנט צו פֿאַרברענגען מיט זיי. איך האָב זיך אַ סך פֿון זיי געלערנט.
אַ סך זאַכן פֿון זיי געוווּיר געוואָרן.

אָפּטמאָל האָב איך מיט זיי גערעדט פֿון שפּאַניע. זיי ווייסן, אַז עס
קעמפֿט אין שפּאַניע אַ פּוילישער באַטאַליאָן.

מיינע עלטערן ווילן מיך חתונה מאַכן... זיי האָבן געהאַט זייער אַ
טרויעריקע מינע, ווען איך האָב זיי דערקלערט, אַז איך טראַכט נישט פֿון
חתונה האָבן. די מאַמע האָט געוואָרפֿן די גאַנצע שולד אויפֿן טאַטן.
פֿאַרוואָס האָט ער מיר דערלויבט צו פֿאָרן ווייטער שטודירן אין אוניווער־
סיטעט. דער אוניווערסיטעט איז אַלץ שולדיק, ער האָט מיר פֿאַרדרייט
דעם קאָפּ. אָרעמע מאַמע. ווען זי זאָל וויסן, ווער איר טאָכטער איז...
זי וואָלט דעמלט קיין איין נאַכט רואיק נישט געשלאָפֿן.

צוריקקומענדיק אין שטאָט, האָב איך זיך אין אָנהייב געפֿילט זייער
איינזאַם. אומעטום האָב איך זיך דערמאָנט אין דיר. איך האָב זיך נישט

געקאָנט געפונען קיין אָרט. דיין שווייגן האָט מיך אינגאַנצן צערודערט. זע, טייערער, צו שרייבן מיר אָפּט. די אַרבעט איז זייער אַן אינטערעסאַנטע. איך האָב זיך באַקענט מיט איינעם פראַנעק. ער פרעגט זיך כסדר אויף דיר און לאָזט דיך האַרציק גרוסן. ער איז אַזאַ ווילער, פון וואַנען ווייסט ער, אַז מיר קענען זיך? איך האָב אים פון דיר נישט געזאָגט.

איך נעם דיך אַרום פונדערווייטנס און קוש יעדן אבר דיינעם.

זיי געזונט מיין איינציקער.

תמיד דיינע.

מעריי

די לעצטע טעג איז ער געווען אַזוי פאַרנומען, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין צייט צו טראַכטן פון איר. איצט האָבן מיט דער גאַנצער קראַפט אויפגעלעבט אַלע דערינערונגען. ער האָט ווידער איבערגעלעבט אַלע גליקלעכע שעהן פון פאַרברענגען מיט מערין. עס איז אים פון די דאָזיקע דערינערונגען וואַרעם געוואָרן. ער האָט זיך אין דמיון פאַרטראָגן אויף דער באַקאַנטער גאַס, אין איר צימער. צי וועט ער איר נאָך אַמאָל זען? — האָט געגאָגט דער געדאַנק.

אַנטאָן האָט געשריבן אַן ענטפער מערין:

„מיין טייערע:

עס איז איצט שפּעט ביינאַכט. איך האָב נאָר וואָס אַדורכגעלייענט דיין בריוו, ער האָט מיך זייער דערפרייט.

איך בין זייער צפרידן, וואָס דו אַרבעטסט צוזאַמען מיט פראַנעקן. ביי אים וועסטו קענען אַ סך לערנען. גיב אים איבער מיינע האַרציקע גרוסן. זאָג אים, אַז ער זאָל אין מיין נאָמען גרוסן אַנקען.

שרייב מיר גענויער, וואָס הערט זיך אין לאַנד. ווי גייט עס אונדזעריקע?

מיר דאָ טראַכטן כסדר פון אייך. עס בענקט זיך שטאַרק נאָך דיר, טייערע. אי ווי עס ווילט זיך דיך זען, קוקן אין דיינע אויגן, קושן זיי... איך קלייב זיך אינגיכן צו פאָרן אויפן פראָנט. עס ווילט זיך שוין האַלטן אַ ביקס אין דער האַנט, טרעפן זיך מיטן שונא פנים אל פנים.

זיי געזונט טייערע, האַלט זיך גוט,

דיין

אַנטאָן

# 8. מאַדריד

„מאַדריד, דיך וווּנדערבאַרע,
מאַמיטאַ מיאַ,
האָבן זיי געוואָלט נעמען,
דאָך מיט דיינע טרייע זין,
מאַמיטאַ מיאַ,
האָסטו זיך נישט וואָס צו שעמען.
(פון שפּאַנישן ליד „פּראָנצוויזישע בריק“)

אַנטאָנס הייסעסטער ווּנטש איז ענדלעך מקוים געוואָרן. ער האָט אויסגעפּועלט, אַז מען זאָל אים שיקן אויפן פראָנט. יאַנעק, וואָס איז געקומען פון פּוילן, האָט אים פאַרטראָטן. אַנטאָן האָט פריער געוואָלט ווירקן אויף וואַצעקן, אַז ער זאָל פאַרבלייבן אין אַלבאַצעטע. נאָר וואַצעק האָט נישט געוואָלט הערן דערפון. אין אַלבאַצעטע? ווי פאַלט אים גאָר איין אַזאַ געדאַנק, ווי קומט ער צו אַזאַ אַרבעט! ער האָט געדראָט, אַז ער וועט אַנטלויפן פון שפּיטאָל. אַנטאָן האָט געמוזט אים נאָכגעבן. ער איז שוין געווען פאַרצווייפלט. דאָס אָנקומען פון יאַנעקן האָט געראַטעוועט די סיטואַציע.

דער וועג פון אַלבאַצעטע האָט געפירט דורך פלאַכן לאַנד. דורך שוואַרצע, קוים באַאַרבעטע פעלדער און צעוואָרפענע דערפער. דער אָמפאַלט-שאָסיי איז געלאָפן גלייך פאָרויס, פאַרפאַלן ווערנדיק אין דער ווייטקייט. דער טאָג איז געווען אַ זוניקער. דער אויטאָ האָט שנעל געיאָגט די קילאָמעטערס. אָפּפאָרנדיק עטלעכע שעה, האָט דער שאָפער פאַרקערעוועט אויף רעכטס. ער איז אַרויסגעפאָרן אויף זייער אַ שלעכטן וועג, פול מיט גריבער. צענדליקער לאַסט-אויטאָס האָבן קרעכצנדיק, קוים זיך גערוקט פאָרויס.

— דער גלייכער וועג קיין מאַדריד איז געענדיקט — האָט דער שאָ־פער אויפגעקלערט — לינקס שטייען די פראַנקאָ־מחנות. מען מוז איצט מאַכן אַ גרויסן אומוועג פון עטלעכע צענדליק קילאָמעטער, כדי אָנצוקומען קיין מאַדריד.

אַנטאָן האָט זיך דערמאָנט די נאָוועמבער טעג. ער איז נאָך דעמאָלט געווען אין פּוילן. אין אַ רעגנדיקן, פאַרחושכדיקן אָוונט האָבן צייטונגס־יינגלעך אויסגעשריגן איבער די גאַסן די ידיעה, אַז מאַדריד איז געפאַלן. ווי שרעקלעך דאָס איז געווען. מערי האָט זיך צעוויינט. פראַנעק האָט פאַרעקשנט געשוויגן. אַנקע איז געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפענע, געקוקט אויף זיי פרעגנדיק, ווי איז דאָס מעגלעך? ער, אַנטאָן איז דעמאָלט אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. אין זיינע אויערן האָבן נאָך אָפּגעקלונגען די הייזע־ריקע שטימען פון די גאַסן־יינגלעך „מאַדריד איז געפאַלן. פראַנקאָ איז אַריינגעריטן אויף אַ ווייס פערד“.

צומאָרגנס האָט ער פרייער אָפּגעעטעמט. די ידיעה האָט זיך אַרויס־געוויזן אַלס בייזוויליקער ליגן פון די בורזשואַזע טעלעגראַפן־אַגענטורן.

איצט פאָרט ער, אַנטאָן קיין מאַדריד, אין דער שטאָט אַרום וועל־כער עס ווערט אַזוי לאַנג און פאַרביטערט געקעמפט. ווו עס ווערט פאַר־גאָסן אַזוי פיל בלוט. ווי זעט איצט אויס די דאָזיקע שטאָט? אירע פאַר־טיידיקער זענען גרייט צו שטאַרבן איידער צו זען זי אין די לאַפעס פון שונא.

דער וועג איז געוואָרן אַלץ שווערער. פונדערווייטנס האָט אָפּגעהילכט אַ שטאַרקע אַרטילעריע־שיסעריי. עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט, אַ פינ־צטערער, אַ שטערנלאָזער. דער שאָפער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קרייץ־וועג.

— ווי ראַט איר חברים? — האָט ער נישט זיכער זיך געווענדט צו די פאָרנדיקע — לינקס פונדאַנען איז דער וועג קיין מאַדריד. זייער אַ קורצער. ער איז אָבער געפערלעכער. ער געפינט זיך אונטער דעם כסדרדיקן פייער פון דער פאַשיסטישער אַוויאַציע. דער וועג רעכטס איז אַ לאַנגער, אָבער אַ זיכערער.

עס איז געווען שווער צו דעצידירן זיך. פאָרן לינקס האָט מען נאָר געקאָנט ביי אַ גרוואַלדיקער שנעלקייט. אָבער פאָרן שנעל ביי אַ שטאָק־פינצטערניש איז געווען אוממעגלעך. אַלע האָבן געשוויגן. דער שאָפער האָט געלאָזט די מאַשין אויף רעכטס.

דער שאָפער סאנכעז איז אַ מאַדרידער. ער האָט דאָרטן זיין מוטער און אַ מיידל. ער איז געווען גליקלעך, וואָס ער פאָרט קיין מאַדריד. דאָס האָט ער זיך געאיילט אַזוי צו זיין מיידל...

— וואָס איז פון דיר געוואָרן, מאַדריד! — האָט סאנכעז אויסדריי־ענדיק דעם קאָפּ צו די פּאַסאַזשירן אַ זאָג געטאָן — אַזאַ ליכטיקע שטאָט געווען. פּאַר צענדליקער קילאָמעטער ווייט האָט מען זי געזען זיך לייכטן. מאַדרידס ליכט האָט זיך איבערגעווינקען מיט גאַנץ שפּאַניע. איצט איז זי איינגעזונקען אין פינצטערניש. מיר זענען שוין נעבן דער שטאָט, און זי איז נאָך אַלץ פינצטער. וואָס האָבן די פארשאָלטענע געמאַכט פון מיין שטאָט?

די פינצטערע הייזער פון דער פאָרשטאָט זענען געשטאַנען שטיל אין דערשראָקן, טוליענדיק זיך איינע צו דער צווייטער. ערגעץ האָט זיך אויף אַ סעקונדע באַוויזן אין דער פינצטער אַ פלעמל און איז תיכף אויסגע־לאָשן געוואָרן. פון אַ שענק האָט זיך אַרויסגעריסן אויף דער גאַס אַ היי־סער געשרייען פון מענטשן.

דער שאָפער האָט זיך אָפּגעשטעלט. זיי זענען געשטאַנען נעבן אַ הויכער, מאַסיווער מויער, ביים הויז פון קאָמיסאַריאַט פון די אינטערנאַ־ציאָנאַלע בריגאַדעס.

אין קאָמיסאַריאַט האָט געהערשט, נישט קוקנדיק אויף דער שפּעטער שעה, אַ שטאַרקע באַוועגונג. באַזונדערס לעבעדיק איז געווען אין דער אָפּטיילונג פון דער רעדאַקציע. פון אַלע צימערן אויפן ערשטן שטאָק, האָט זיך געהערט אַ קלאַפּן פון שרייב־מאַשינקעס. אַנטאָן איז אַריין אין אַ גרויס צימער. דער זאַל איז געווען זייער אַ לאַנגער, איינגעאָרדנט מיט געשמאַק. דאָס צימער פון רייכן מאַן האָט אַמאָל געמוזט דינען פּאַר אַן עס־צימער פאַר געסט. ברייטע צעעפענטע טירן מיט שפּיגלען האָבן געפירט אין אַ צווייטן צימער, אַ קליינעם סאַלאָן. ביידע צימערן זענען איצט געווען פאַר־וואָרפן מיט ליטעראַטור. ביכער און צייטונגען אויף פאַרשיידענע שפּראַכן זענען געלעגן אויף אַלע טישן, אויף דער ערד און אויף די ביכער־פּאָליצעס. ביי קליינע טישלעך און עלעקטרישע לעמפּלעך זענען געזעסן די רעדאַק־ציע־מיטאַרבעטער: פּאָליאַקן, דייטשן, אַמעריקאַנער. זיי האָבן רעדאַגירט די פראָנט־צייטונגען פון זייערע בריגאַדעס.

אַ דאַרער יונגערמאַן מיט אַ שטאַרק אָפּגעצערט אינטעליגענט גע־זיכט און קלוגע אויגן, באַהאַלטענע אונטער גרויסע ברילן־גלעזער, האָט זיך דערציק באַגריסט מיט אַנטאָנען. ווינאַלד, דער רעדאַקטאָר פון „דאָס־

בראָווישטשאַק“, איז געווען פון פריער אינפאָרמירט וועגן זיין אָנקום. ער האָט אים גלייך איבערגעגעבן די לעצטע ידיעות פון פראָנט, פון די לעצטע קאַמפן ביי מאַדריד. ער איז איצט נישט לאַנג געקומען פון באַטאַליאָן, ווו ער איז געווען אויף אַ באַזוך. ער האָט אויפגעלעבט, זיין געוויינלעכע פלעגמע איז ערגעץ פאַרשווונדן.

— ווי מענטשן וואַקסן! — נעכטיקע קוילנגרעבער, שוסטער און מעטאַל-אַרבעטער, שניידער, אינטעליגענטן זענען געוואָרן אָפיצירן, קאָמענדאַנטן, מיליטערישע ספּעציאַליסטן, פילן זיך זייער גוט אין זייער נייער ראָל, ווי אַלטע פּראָפעסיאָנעלע מיליטער-לייט. די דיסציפּלין אין באַטאַליאָן איז אַ גלענצענדיקע. נאָר — האָט ער צוגעגעבן מיט אומווילן — עס זענען פאַראַן עטלעכע שיכורים. דער באַטאַליאָן האָט מיט זיי כסדר צו טאָן.

אַנטאָן האָט געשמייכלט.

— איך ווייס פון דעם, וויטאָלד. אויך אין אַלבאַצעטע לאָזן זיי פון זיך הערן. דאָך גלייב איך, אַז אויך פון דער דאָזיקער חברה, אַלענפאַלס פון זייער מערהייט, קאָן מען מאַכן ביי א געהעריקער ארבעט גוטע, נוצלעכע קעמפער. איך בין צופרידן, וואָס איך האָב זיך ענדלעך באַפרייט פון אַלבאַצעטע, וואָס איך פאָר צו אונדזערע. איך וואָלט געוואָלט, איידער איך פאָר אין באַטאַליאָן, באַזוכן און באַקענען זיך אַביסל מיט מאַדריד. צי איז דאָס מעגלעך? — האָט אַנטאָן געפרעגט.

— פאַרוואָס נישט. אַ דערלויבעניש פון דער מיליטערישער מאַכט צו באַזוכן דעם מאַדרידער פראָנט וועלן מיר באַקומען. מאַדריד, די שטאָט, וועלן מיר דיר ווייזן מאָרגן. אויף דעם דאַרף מען נישט קיין דערלויבעניש. וועסט דאָ זען זייער אינטערעסאַנטע זאַכן. די דאָזיקע שטאָט מוז מען ליב באַקומען. באַזונדערס די היגע אַרבעטער. איך האָב נאָך אַזאַ אַרבעטער נישט געזען. אַזעלכע האַרציקע מענטשן.

אַנטאָן האָט זיך זייער דערפרייט. זיי האָבן זיך אָפּגערעדט גלייך אויף צומאָרגנס. וויטאָלד האָט אים באַקענט מיט א שפּאַנישער מיטאַרבעטערין פון קאָמיסאַריאַט, מיט קאָנשיטאַ. זי האָט צוגעזאָגט צו קומען צו אַנטאָגען באַלד אינדערפרי און ווייזן אים די שטאָט.

* * *

אַנטאָן האָט זיך זייער פרי אויפגעהויבן. קאָנשיטא האָט שוין גע־וואַרט אויף אים. זי איז געווען א טאָכטער פון אַ מאַדרידער ארבעטער. איר פאָטער איז געווען אויפן פראָנט, אויך איר ברודער. זי אַליין האָט פאַר דער מלחמה געענדיקט אַ גימנאַזיע, געקענט עטלעכע אויסלענדישע שפּראַכן, האָט זי איצט געאַרבעט אין קאָמיסאַריאַט פון די אינטערבריגאַ־דעס אַלס איבערזעצערין. זי איז געווען צופרידן, ווי זי האָט זיך אויסגע־דרוקט, צו זיין אנטאָנס ערשטער ציצעראָן אין מאַדריד. זיי זענען אַרויס אויף דער גאַס. אנטאָן האָט זיך געלאָזט פירן פון איר, ווי אַ קליין קינד, צוהערנדיק זיך די גאַנצע צייט צו אירע אויפקלערונגען. זי האָט גערעדט פון איר שטאָט מיט גרויסער ליבע. זי האָט אים דערציילט פון איר מאַדריד.

— דאָס ערשטע וועל איך אייך פירן אויף דער גאַס, וווּ עס האָט גע־וווינט אונדזער גרעסטער שרייבער, סערוואַנטעס, אויף דער גאַס לעפּא דעל וועגאַ. מיר, מאַדרידער שטאָלצירן מיט אים, מיט אונדזער ערשטן טרוי־מער און באַזינגער פון קאַמף פאַר גערעכטיקייט און פרייהייט.

זיי האָבן אַדורכגעשניטן ברייטע, שיינע בולוואַרן, אריינגעגאַנגען אין שמאָלע ענגע געסלעך. אנטאָן האָט גלייכצייטיק דערזען דאָס אַלטע און נייע מאַדריד. דאָס מאַדריד פון גרויסן מאָדערנעם פּאַרנעס און די נעכ־טיקע פעאָדאַלע שטאָט, ווו מענטשן האָבן געזוכט א שוץ קעגן ריטערלעכן איבערפאַל אין די ענגע גאַסן און הייזער. זיי זענען אַריין אין אַ שמאָל פינצטער געסל. אויף אַ צוויי שטאָקיקער זייער אַלטער מויער איז געווען אויפגעקלאַפּט א מאַרמאָרנער טאָוול, אז דאָ האָט געוווינט און געאַרבעט סערוואַנטעס.

לאַנגזאם האָבן זיי פאַרלאָזט דאָס געסל. ווידער האָבן זיי איינגע־שלונגען די גרויסע בולוואַרן און סקווערן. זיי זענען אַרויס אויף אַ גרויסן פּיר־עקיקן פלאַץ. עטלעכע הייזער זענען געווען האַלב צעשטערט פון דער אַרטילעריע.

— דאָס איז אונדזער באַליבסטער פלאַץ, פּוערטאָ דעל סאָל. די גרענעץ צווישן בורזשואַזן און פּראָלעטאַרישן מאַדריד. אויף דעם פלאַץ האָט פראַנקאָ געהאָפט צו טרינקען קאַווע אין די נאָוועמבער־טעג. מעטואַן און קוואַטראָ קאָמינאָס, די מאַדרידער אַרבעטער־פאָרשטעט, האָבן אים גע־שטערט אין דעם. איר האָט געדאַרפט זען, חבר, אין יענע טעג מאַדריד. אַלע זענען מיר אַרויסגעטרעטן קעגן פראַנקאָ, מענער און פרויען. אונדזער פּאַרטיי האָט דעמלט געציילט אין מאַדריד דריי און צוואַנציק טויזנט

מיטגלידער, איין און צוואַנציק טויזנט פון זיי זענען דעמלט אריינגעטרעטן אין פינפטן רעגימענט. מיר האָבן מאַדריד נישט אָפּגעגעבן. מיר וועלן מאַדריד נישט אָפּגעבן.

אַנטאָן האָט מיט נייגיר באַטראַכט דעם פּלאַץ, פון וועלכן ער האָט אַזויפיל געהערט. דער פּלאַץ האָט געוווּשט פון אויטאָס, טראַמוואַיען און מענטשן. דער סקווער איז געווען דאָס גרויסע האַרץ פון דער שטאָט. פון זיינע אַרטעריעס האָבן זיך געצויגן אין פאַרשידענע זייטן ברייטע וועגן, צונויפברענגענדיק און צעשיידנדיק די ריזיקע קוואַרטאַלן, ראַיאָנען און פאַרשטעט. דאָס מאַדרידער לעבן איז אָנגעגאַנגען נאָרמאַל. מענטשן האָבן זיך ערגעץ געאיילט. גערעדט, געלאָפן ערגעץ צו זייערע באַשעפטי-קונגען. נישט ווייט פון פּלאַץ איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף אויף לעבן און טויט. די איינוווינער האָבן זיך שוין צוגעוווינט צו דער שרעקלעכער מוזיק פון דער שווערער אַרטילעריע. מיט אָפּטימיזם האָבן זיי אַלץ איבערגעטראָגן. לייכט און ערנסט צוזאַמען. אָן שרעק, אָן פּאַניק.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין מיט די הינטער-געסלעך.

— דאָ וועט איר זען דאָס אמתע אַלטע מאַדריד — האָט קאנשיטאַ אויפגעקלערט.

זיי זענען אַריין אין אַ לאַבירינט פון זייער געדרייטע שמאָלע געס-לעך. די הייזער זענען געווען זייער אַלטע און טונקעלע, צונויפגעוואָקסענע, שמאָלע, אָנגעלייגט איינע אין די אַנדערע. די געסלעך האָבן זיך געצויגן באַרג אַרויף, אַראָפּפאַלנדיק פּלוצים אין נידעריקע טאָלן. אויף איינע פון אַזעלכע געסלעך האָט קאנשיטאַ געצויגן אַנטאָנס אויפמערקזאַמקייט.

— דאָ איז אַמאָל געווען אַ קורצע צייט דאָס יידישע געטאָ. איך ווייס נישט, ווען דאָס איז געווען, נאָר יעדער רופט אָן די גאַס „כודיאָ“ *, באַטש קיין יידן וווינען נישט דאָ.

אומעטום האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן די זעלבע אָרעמקייט און ענגשאַפט, שלעכט געקליידעטע מענטשן און אָפּגעצערטע געזיכטער, פיל פרויען אין שוואַרצן געקליידעט זענען געשטאַנען פאַר זייערע הייזער, אי-בעררעדנדיק זיך געמיטלעך. קינדער האָבן געלאַכט און געשפּילט זיך אין מיטן גאַס. כמעט אין יעדן געסל האָבן זיך אָנגעזען סימנים פון צעשטע-רונג. איינגעפאַלענע הייזער, אָנגעוואָרפענע קופּעס ציגל און שטיינער. ביי איינע אַזאַ חורבה זענען זיי געבליבן שטיין. עס האָט אַרויסגעשטאַרצט

* יידישע

אַ שטיק וואַנט, מען האָט געזען די העל-בלויע טאַפּעטן פון דער אינע-ווייניקסטער זייט, דער קעלער איז געווען טיף אַרויסגעריסן, אויף זיין דעק האָבן זיך געוואַלגערט שטיקער פאַרניכטעטע מעבל.

— דאָס איז געשען ערשט איירנעכטן ביינאַכט — קאָנשיטאַס שוואַרצע אויגן זענען נאָך מער פאַרפינצטערט געוואָרן — אין מיטן שלאָף האָט זיי געטראָפן דער טויט. קיינער איז נישט אַרויס א גאַנצער פון די דאָזיקע חורבות.

ביידע זענען שוין געווען מיד פון לאַנגן שפּאַציר. זיי זענען צוריק-געגאַנגען אין קאָמיסאַריאַט.

קאָנשיטא האָט דערציילט פון די נאָוועמבער-טעג אין מאַדריד.

— אַ שאָד וואָס מען האָט אויפגעלייזט די פרויען-באַטאַליאָנען. וואָס מען נעמט נישט מער קיין פרויען אין מיליטער. אַ חודש צייט בין איך געווען אַ מיליציאָנערין. איצט בין איך געוואָרן א שרייבערין — האָט זי מיט ביטול צוגעגעבן.

* *

*

נאָך מיטאָג, דער שפּאַנישער שאָפער האָט זיך גלייך אָריענטירט, אַז ער פירט אַ גאַסט, וועלכער איז דאָס ערשטע מאָל אין מאַדריד. ער האָט כסדר אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו אַנטאָנען, אָנווייזנדיק אים אויף יעדן באַמערקווערטן קעגנשטאַנד. ער איז געפאָרן לאַנגזאַם.

זיי זענען אַדורכגעפאָרן דעם שענסטן פּאַרק פון מאַדריד — פּאַרק רעטי טיראָ. אַ בלישטשענדיקער אַספאַלט-שאָסיי האָט אַדורכגעשניטן זיינע צענטראַלע אַלייען. אויף דער הויפּט-אַלייע זענען געלעגן אויסגעלייגט ווי אין אַ מוזיי אויטאָמאָבילן, אויטאָבוסן און קאַמיאָנען. צעהאַקטע, צעבראָכענע, מיט אויסגעריסענע געדערים, אַראָפּגענומענע פּוס, זיי זענען געלעגן אויסגעלייגט אין גלייכע שורות, דערציילט אויף שטום-לשון פון טויזנטער אומגעקומענע לעבנס.

דער אויטאָ איז אַרויסגעפאָרן פון דער מערב-זייט פון פּאַרק און גלייך אַריינגעפאַלן אין צענטר פון דער פאַרטיידיקונג פון מאַדריד. פעסט געבויטע, הויכע, פון צעמענט און שטיין געגאָסענע באַריקאַדן האָבן פאַרשטעלט דעם וועג, לאָזנדיק נאָר אַ שמאָלע, געדרייטע עפענונג פאַר די אויטאָמאָבילן און קאַמיאָנען. די שטיינערנע באַריקאַדן האָבן געהאַט שמאָלע צעעפנטע לעכער פאַר די קוילנוואַרפער. די נעץ פון די פאַרפעסטיקונגען איז געוואָרן אַלץ געדיכטער. וואָס נעענטער עס איז געוואָרן דער פראָנט, זענען די באַריקאַדן-נעסטן געוואָרן אַלץ שטאַרקער, בלינדאַזשירטער, געשיצט פון טיפע אַנטי-טאַנק גריבער.

אַנטאָן האָט געשטוינט. ער האָט געזען פאַר זיך דאָס ערשטע מאָל אין לעבן אַזאַ שטאָט, וו יעדע גאַס, יעדעס הויז האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ נישט צוטריטלעכע פעסטונג. דער שאָפער האָט געגעבן אַ ברייטן שמייכל.

— פראַנקאָ וועט זיך דאָ די ציין צעברעכן, מאַדריד וועט ער נישט נעמען.

פון דערווייטנס האָט געווונקען צו זיי מיט אירע אויגן־לעכער די רי־
זיקע טעלעפאָן־געביידע.

— יעדע נאַכט — האָט וויטאָלד אויפגעקלערט — ווערט פון בערגל
טערא דע קאראפידאס, וואָס געפינט זיך אין די הענט פון די פאשיסטן, געשאָסן אויף דער טעלעפאָן־געביידע מיט דער שווערסטער אַרטילעריע, סיסטעמאַטיש ווערט זי רואינירט. די טעלעפאָן־צענטראַלע גיט זיך אָבער נישט אונטער. די אַרטילעריע־קוילן רייסן זיך אַריין אין איר אינעווייניק, נעמען פון איר ארויס די געדערים, אָבער דאָס הויז האַלט זיך, די אַרבעט אין דער צענטראַלע גייט אָן.

זיי זענען אַריינגעפאָרן אויף דער גראַנד וויאַ, אויף דער גאַס פון דער צענטראַלער טעלעפאָן־געביידע. אַנטאָן האָט באַוואונדערט דעם רי־
זיקן אינוואַליד, וועלכער האָט זיך מיט זיין שיינעם קאָפּ שטאָלץ געריסן צום הימל. די אונטערשטע שטאָקן זענען געווען געשיצט מיט געדיכטע הויך אָנגעוואָרפענע איינס אויף די אַנדערע זעק מיט זאַמד. אויפן טראָ־
טואַר און אויף דער גאַס נעבן הויז זענען געלעגן אָנגעוואָרפן שטיקער גלאָז פון דער נעכטיקער נאַכט־באָמבאַרדירונג. אַרום זענען אַלע עלע־
גאַנטע געשעפטן פון דער גאַס געווען אָפן, איבערפולט מיט קונים. פאַרביי זענען אין גאַייל געפלויגן אויטאָמאָבילן. די פריילעכע מאַדרידער קינדער האָבן זיך נאָכגעיאָגט די טראַמוואַיען, געפאָרן אויף איין רעדל, געכאַפּט אַ באָל און געזונגען „מאַמיטא מיא“.

צווישן דער געדיכטעניש פון די הויכע הייזער האָט דאָס אויג כסדר זיך אָנגעטראָפן אויף ליידיקע נאַקעטע פּלעצער. שנעל האָבן זיך געביטן די גאַסן. אַנטאָן האָט נישט באַוויזן רעכט זיך אומצוקוקן. ריזיקע מאַסיווע געביידעס, ברייטע רחבותדיקע בולוואַרן און שמאָלע ענגע געסלעך, גרוי־
סע עלעגאַנטע קאַפע־הייזער און פינצטערע שמוציקע הייזער פון די אונ־
טער־גאַסן. די שטאָט האָט געלעבט מיט איר ריזן אָטעם, האָט געשמעקט מיט אייל פון די רעסטאָראַן־קיכן און מיט רויך פון די פאַבריקס־קוימענס.

זיי האָבן שנעל אויסגעמיטן דעם צענטראַלן פּלאַץ פּלאַזא דעל ביל־
באַאָ, דעם טריומף־טויער אַלס אָנדענק פון נצחון איבער נאַפּאָלעאָנען, זיך אָפּגעשטעלט ביי דער סטאַטוע סיבילעס, דער געטין פון פרוכטבאַרקייט. זיי זענען אַדורכגעפאָרן די שענסטע אַלייע פון מאַדריד, פּאַסעאָ דע פּלאַ־
זיא און באַוואונדערט ריזיקע געביידעס, געבויט מיט גרויס געשמאַק.

— דאָס איז געווען — האָט וויטאָלד אויפגעקלערט — דער שענסטער עלעגאַנסטער האָטעל פון מאַדריד, האָטעל דע פּאַלאַס, איצט איז דער האָטעל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריזיקן שפּיטאָל מיט דריי טויזנט בעטן.

פאָרזיכטיק האָט זיך דער אויטאָ אַדורכגעשניטן דורך אַ באַריקאַדן-געץ. זיי זענען אַריינגעפאָרן אין באַרימטן אַרבעטער-קוואַרטאַל טעטואַן. דער גאַנצער קוואַרטאַל האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פעסטונג. אומעטום שטיינערנע באַריקאַדן, אויף די קרייץ-וועגן, אין מיטן גאַס, ביי יעדן אַריינגאַנג און ארויסגאַנג פון די געסלעך. יעדער שפּאַן ערד דאָ האָט געאָטעמט מיט כוח און פעסטקייט. פון אַלע הייזער האָבן אַראָפּגעשריגן קאָלירטע פּלאַקאַטן מיט פאַרשידענע לאָזונגען פון קאָמוניסטן, אַנאַרכיסטן, סאָציאַליסטן און די פּראָפאַריינען.

אין טעטואַן האָט די פאַרוויסטונג אָנגענומען אַ מער שרעקלעכן אויסזען. אויף דער דאָזיקער אַרבעטער-פאָרשטאָט האָט זיך דער פאַשיזם באַזונדערס פאַרגומען, שטרעבנדיק צו פאַרניכטן די אויפשטאַנד-נעסט פון שפּאַנישן פאָלק. טעטואַן האָט אממערסטן געליטן פון דער באָמבאַרדירונג. אַ באַזונדערס שטאַרקן איינדרוק האָט געמאַכט די צעשטערטע געביידע פון פּלאַזאַ דע טאָראָס, דעם שטאָלץ פון מאַדריד, דעם אמפיטעאטראַלן צירק, ווו עס פלעגן פאָרקומען די אָקסן-קאַמפן. איצט האָט ווי אויסגעשריגן מיט צער און פארביטערניש די נאַקעטע געוואָרענע געשענדעטע ערד.

טעטואַן האָט זיך שוין צוגעוווינט צו די כסדרדיקע נאַכט-באָמבאַרדירונגען, צום טויט און פאַרוויסטונג. פון די פענצטער זענען אַראָפּגעהאָנגען ווי מיט יאָרן צוריק אויסגעוואַשענע שטיקער וועש, פרויען האָבן פון די אָפענע פענצטער אומגעדולדיק גערופן פון דער גאַס די קינדער אין שטוב אַריין. נאָר די גאַס האָט געאָטעמט מיט דער מלחמה.

דער אויטאָ האָט זיך פארקערעוועט אין דער מערב-ריכטונג פון דער שטאָט. פון דערווייטנס האָבן אָפּגעהילכט איינצלנע ביקסן-שאָסן, אַ געבייזער פון אַ קוילנוואַרפער. זיי זענען אַדורך דורך אַ געדיכטער באַריקאַדן-נעץ און אַרויסגעפאָרן אויף אַן אָפענער לאַנד-פלאַד, פאַרקערעוועדיק זיך צו דער נאָענטסטער הויכקייט, פון וואַנען עס האָט זיך געזען דער פראָנט פון קאסא דעל קאמפאָ. אַנטאָן האָט נישט געקענט אָפּרייסן זיינע אויגן פון בילד. ער האָט געזען אין טאָל גרינע צעוואָרפענע בערגלעך, ביימער, ווייסינקע הייזלעך, אספאַלט-שלאַנגען. ערגעץ פון א הייזקע

האָט ארויסגעשלאָגן צום הימל אַ געדיכטער רויך פון אַ קוימען. גרויע, דינע רויך־וואָלקנדלעך האָבן זיך באַוויזן אויפן פעלד און פארשווּנדן, נישט דערגייענדיק צו דער הימל־ווייטקייט. פון דערווייטנס האָט זיך געזען דער פראָנט.

וואָס מער זיי האָבן זיך דערנעענטערט, אַלץ שטאַרקער זענען געוואָרן די פארפעסטיקונגען, אַלץ מער האָט מען געזען פאַרניכטעטע הייזער. די באַריקאַדן זענען דאָ געווען געבויט ענג, איינע נעבן די אַנדערע, נישט צוטריטלעך. אומעטום זענען געווען אויסגעשטעלט מיליטער־וואַכן. זיי זענען אַריינגעפאָרן אויף א ברייטן אויסגעפלאַסטערטן בולוואַר. פון זיינע ביידע זייטן זענען געווען געמויערטע, גרויע, שטיינערנע ווענט, געשניצטע און באהאַנגענע מיט פאַרשידענע סקולפטור־בילדער. זיי זענען געווען אויפן בולוואַר, וועלכער האָט געפירט צום נייעם קעניגלעכן פאַלאַץ פון מאַדריד. דער נייער פאַלאַץ איז געלעגן עטוואָס אַראָפּ אין טאָל. אַ מאיעסטעטישער, גראַנדיעזער, איצט פאַראיינזאַמט, פאַרלאָזט. זיינע הונדערטער שויבן האָבן געלויכטן אין דער זון מיט אַ מאטן גלאַנץ. דער פאַלאַץ איז געשטאַנען אויף דער גרענעץ פון צוויי, אויף לעבן און טויט קעמפנדיקע וועלטן.

עס האָט געהערשט ווי אַ שטילער אָפּמאַך צווישן ביידע צדדים: צו שוינען דעם דאָזיקן היסטאָרישן מאָנומענט. דער קעניגלעכער פאַלאַץ האָט אַמווייניקסטן געליטן פון דער פאַשיסטישער באָמבאַרדירונג. דערפאַר אָבער האָט פראַנקאָ שוין נישט געשוינט די אַרומיקע הייזער. די איינוווינער פון אַרום האָבן שוין פון לאַנג פאַרלאָזט די הייזער, פון וועלכע עס זענען נאָר פאַרבליבן רואינען. הוילע נאַקעטע ווענט, מיט אויפגעריסענע פענצטער און טירן. אויף איינציקע פאַרניכטעטע געשעפטן זענען נאָך געהאָנגען די גאַנץ פאַרבליבענע, באַגילדעטע שילדן. פון א האַלב אַראָפּגעריסענעם פענצטער איז אַראָפּגעהאָנגען אַ שטיק טיולענער, דינער פאָרהאַנג און א באַגילדעטע פויגל־שטייג. די הייזער האָבן נאָך געאָטעמט מיטן נעכטיקן לעבן.

דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַנטאָן און וויטאָלד זענען אַרויסגעגאַנגען, זיי זענען אַרויפגעקראָכן אויף דער שטיינערנער וואַנט און אַראָפּגעקוקט אין טאָל, אויף די פראָנט פאָזיציעס. זיי האָבן נישט באַוויזן אַראָפּצוקריכן, ווי עס האָבן זיך דערהערט עטלעכע ביקסן־שאָסן.

— דאָס האָבן אייך די פאשיסטן מכבד געווען, לאָמיר בעסער שנעלער פונדאַנען אָפּפאָרן — האָט זיי געאיילט דער שאָפער.

זיי זענען פאַרבייגעפאָרן דעם נייעם קעניגלעכן פּאַלאַץ און פּאַרקן־דעוועט אין אַ זייטיק געסל, וואָס האָט זיך געצויגן באַרג אַראָפּ. אומעטום האָבן זיך געזען די זעלבע חורבות. צווישן זיי איז געשטאַנען, ווי אַ יורד דער אַלטער קעניגלעכער פּאַלאַץ. דעם דאָזיקן פּאַלאַץ האָט שוין פּראַנקאָ נישט געשוינט. זיין רעכטער פליגל איז אַן אויסגעהוילטער געשטאַנען אַ צעהאַקטער פון דער פאַשיסטישער אַרטילעריע.

* *
*

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ ברייטער און דיקער, מיט דאָפּלטע ווענט באַריקאַדע. די וואַך האָט געפאָדערט אַ דורכפאַר־שיין. וויטאָלד האָט באַוויזן די דערלויבעניש, מען האָט זיי אַדורכגעלאָזט.

— דער דאָזיקער קוואַרטאַל איז פאַרן קריג געווען איינער פון די שענסטע און רייכסטע אין דער שטאָט. איצט קוק זיך צו, ווי ער זעט אויס — האָט וויטאָלד זיך געוואָנדן צו אַנטאָנען.

אימהדיק האָט זיי באַגעגנט דער אויסגעשטאָרבענער קוואַרטאַל אַ־גולעם. זיי זענען אַרויס פון אויטאָ און זיך געלאָזט צופוס. הויל, פרעמד האָבן אָפּגעקלונגען זייערע טריט אויף דעם שטיינערנעם ברוק. וו דאָס אויג האָט נאָר געקוקט, האָט זיך געזען שרעקלעכע פאַרוויסטונג.

וויטאָלד האָט נישט געקענט באַהאַלטן זיין אויפרעגונג.

— איך האָב שוין אַ סך געזען אין מיין לעבן. חדשים געווען אויפן פראָנט. געווען פאַרווונדעטע, געזען טויטע, געהרגעטע קינדער, וויינענדיקע מאַמעס, פאַרניכטעטע דערפער, איך האָב שוין געזען אַ סך גרויל אין מיין לעבן, נאָר אַזעלכעס האָב איך נאָך נישט געזען. איך האָב נישט גע־זען, אז אַ טויטע שטאָט זאָל קענען וויינען.

אַנטאָן האָט געהאַט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געגאַנגען אויף אַ לויה פון אַ שטאָט. ברייטע און שמאָלע גאַסן, אַלע זענען זיי געווען פאַר־וויסט און אויסגעשטאָרבן. די הייזער צעלעכערט. גאַנצע קוואַרטאַלן צע־שטערט און פאַרוויסט. מען האָט גלייך דערקענט, וועלכעס הויז איז צע־שטערט געוואָרן פון אַרטילעריע, וועלכעס איז פאַרניכטעט געוואָרן דורך אַוויאַציע. ברייטע ריזיקע לעכער אין פראָנט פון די הייזער — דאָס זענען געווען צעשטערונגען פון אַרטילעריע־קוילן; אויפגעריסענע גערערים דורכן דאַך ביזן קעלער, מיט הוילע ווענט — דאָס איז געווען פאַרניכטונג פון אַ לופט־באָמבע.

— אין משך פון דורות האָבן מענטשן געזאַמלט זייער האָב און גוטס. אין איין נאַכט איז דאָס אַלץ הרוב געוואָרן צוזאַמען מיט זייערע לעבנס. דאָ האָט געוווינט דער מיטלשטאַנד. די דאָזיקע מיטל־שיכטן האָט פראַנקאָ מיט זיין באַרבאַריזם אויפגערייצט קעגן זיך, קעגן פאַשיזם.

זיי זענען ווייטער געגאַנגען. פאַריתומט זענען געשטאַנען די גאַנץ געבליבענע הייזער מיט אויסגעהאַקטע שויבן און געטוליעט זיך אומבאַ־האָלפן צו די חורבות. אומעטום זענען געווען די פענצטער אויפגעפּראַלט. אינעווייניק, וווּ דאָס אויג האָט נאָך געקענט אַריינדרונגען, האָט מען געזען צעהאַקטע מעבל, קיך־געשיר, צעשעדיקטע פּיאַנינאָס, אַ צעשטערטע שטוב און א גאַנץ געבליבענער באַגילדעטער שפּיגל, אַ צעריסענע פרויען־בלוזקע און אן אָפּגעריסענער קאָפּ פון א וואַנט־פּאָרטרעט, צעבראָכענע קינדער־שפּילצייג.

די אויסגעשטאָרבענע גאַסן זענען געווען ריין און ציכטיק. די זאָרג־פעליקע האַנט פון דער מאַדרידער שטאָט פאַרוואַלטונג האָט געהיט די ריינקייט פון דער אויסגעשטאָרבענער שטאָט.

פּלוצים האָבן זיך דערטראָגן צו זיי די קלאַנגען פון ליסטס ראַפּ־סאָדיע. אויף דער גאַס ביי א האַלב איינגעפאַלן הויז איז געשטאַנען אַ מיליטער וואך; איינער פון די סאָלדאַטן האָט אויסגעשפּילט אויף אַ פּיאַ־נינע, וועלכע איז געשטאַנען אויף דער גאַס, די וווּנדערבאַרע טענער פון ליסטן. די אַרומיקע מיליטער־מענטשן האָבן זיך שטילערהייט צוגעהערט צום שפּילן. די מוזיק איז איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ שטאַרקער ביקסן־שיסעריי, ווייטער איז שוין געווען געפערלעך צו גיין, זיי האָבן זיך גע־פונען נאָענט פון די פאַשיסטישע פּאָזיציעס.

זיי האָבן זיך פאַרקערעוועט אויף לינקס און צוגעקומען צום „הויז פון די בלומען". אַמאָל זענען טוריסטן פון דער גאַנצער וועלט געקומען אָנקוקן דאָס דאָזיקע איינציקע הויז אין אייראָפּע. די פּראַכטפולע מויער, פאַסאַדן, ווענט, פענצטער, זענען געווען איינגעטונקען אין בלומען פון פאַרשידענע סאָרטן און קאָלירן. איצט זענען זיי געשטאַנען פאַר א חורבה. אָרעמע רעשטלעך זענען נאָך פאַרבליבן פון דער אַמאָליקער שיינקייט.

אַנטאָן און וויטאָלד האָבן געשוויגן און געלאָזט זיך צום אַרויסגאַנג פון דער אויסגעשטאָרבענער שטאָט. נעבן לעצטן וואך־פּאָסטן האָט זיך צעוואָיעט אַ גרויסער שוואַרצער הונט.

# 9. דאָס טאָג־בוך פון אַ געפאַלענעם

אין אָוונט זענען זיך ביי וויטאָלדן אין צימער צוזאַמענגעקומען עט־לעכע מיטאַרבעטער פון קאָמיסאַריאַט, פּאָליאַקן און דייטשן. דער הויכער בלאָנדער דייטשער לייטנאַנט, וואַלדעמאַר האָט געבראַכט עטלעכע פלע־שער ווייַן. כואַנאַ, דאָס שפּאַנישע פּויליש־יידישע מיידל האָט געבראַכט קאָניאַק; מען איז געזעסן ענג איינער נעבן צווייטן אויפן בעט און אויף די דריי שטולן. געטרונקען, געזונגען און גערעדט. ליזאַ, אַ בלאָנדע דייטש־קע מיט בלויע אויגן מיט אַן אויסגעטרוקנט שאַרף געזיכט, האָט נישט געקענט טרינקען. פון אומגעוויינטקייט האָט זיך אַביסל געדרייט אין קאָפּ. זי איז געוואָרן סענטימענטאַל. מיט אַ שוואַכער שטימע האָט זי געזונגען צאַרט לאָרעליי. זי האָט אינדערמיט אָפּגעהאַקט.

— זיי האָבן אַלץ פאַרניכטעט, די באַרבאַרן. אַפילו אונדזער שענסטע פּאָעזיע, האָבן זיי פאַרטריבן — ווידער זענען אונדזערע לעבעדיקע און טויטע שרייבער, פּאָעטן, דענקער און געלערנטע אין גלות. דער האַקן־קרייץ גייט אונדז נאָך, אויך דאָ, אין שפּאַניע פאַרפאָלגט ער אונדז.

— וואָס ביסטו טרויעריק געוואָרן, ליזע — האָט האַנס זי גוטמוטיק אַרומגענומען — מען דאַרף נישט אומעטיק זיין. מיר האָבן אויסגעהאַלטן קאָנצענטראַציע־לאַגער, וועלן מיר אויך דאָס אויסהאַלטן.

האַנס האָט אַרויפגעשאַרצט דעם אַרבל פון דער רעכטער האַנט, וויזנדיק אַ רויטע בלוטיקע וואונד; זיי האָבן דערזען אויפן הוילן פלייש אַן אויסגעברענטן האַקן־קרייץ.

— דאָס האָב איך אַן אָנדענק פון דער געסטאַפּאָ — האָט האַנס זיך ביטער צעלאַכט — מיט אַ גליענדן אייזן האָבן זיי מיר אויסגעברענט דעם האַקן־קרייץ. דו ביסט קענגן אונדז, קעגן אונדזער פירער — האָבן זיי מיר געזאָגט — טאָ טראָג אייביק דעם האַקן־קרייץ מיט זיך. איך טראָג אים. אין קאָנצענטראַציע־לאַגער האָט ער מיר געברענט און נישט געלאָזט

צו רו, ביז איך בין אַנטשלאָפֿן און געקומען אַהער. אונדזער קאַמף, ליזע, איז נאָך נישט צו ענדע. מיר וועלן זיך נאָך טרעפֿן מיט זיי.

— דו געדענקסט האַנס — האָט זיך ליזע אָפּגערופֿן — די מערץ־טעג אין וועדינג. מיר האָבן דעמאָלט נישט געגלייבט, אַז אַלץ איז שוין פֿאַרלוירן. מיר האָבן געמיינט, אַז עס וועט שנעל פֿאַריבער, און די נאַציס וועלן ליידן אַ מפּלה. מיר האָבן געאַרבעט פֿיבערהאַפֿט. וועדינג איז געווען רויט. יעדע שטוב האָט אונדז אויפֿגענומען, אויסבאַהאַלטן.

— איך האָב זיך נישט געקענט צוגעוויינען צו דער עמיגראַציע — האָט זיך וואַלדעמאַר געקלאָגט — איך האָב זיך געשטיקט אין גרויסן פּאַריז. אַרבעטסלאָזיקייט, הונגער, קליינע זאָרגן, וועלכע פֿאַרביטערן דאָס לעבן, נישטיקע עמיגראַציע־קריגערייען, אויסזיכטסלאָזיקייט, אַלץ איז אַזוי דערעסן געוואָרן. איך האָב ערשט אויפֿגעלעבט, קומענדיק קיין שפּאַניע. דאָ איז קאַמף, דאָ איז גראַנדיעזער פֿאַרמעסט. איך פֿיל זיך ווידער נוצלעך און נייטיק. איך בין געוואָרן אַ נייער מענטש, איך בין ווידער געבוירן געוואָרן.

— און מיר בענקט זיך זייער שטאַרק נאָך אונדזער דייטשלאַנד — האָט עמא געזאָגט — ווען נישט שפּאַניע, וואָלט איך צוריקגעפֿאָרן, זאָלן זיי טאָן מיט מיר, וואָס זיי ווילן.

— איך האָב אויפֿגעהערט צו בענקען — האָט כואַנא באַמערקט — אַמאָל, אין די ערשטע יאָרן פֿון עמיגראַציע, האָב איך נישט געקענט פֿאַרגעסן וואַרשע, געמיינט, אַז איך וועל נישט אויסהאַלטן. ביסלעכווייז האָב איך זיך צוגעוווינט צו נייע לענדער, צו נייע געוווינהייטן און באַדינגונגען, איך בין געוואָרן גייסטיק שטאַטלאָז, אַן אמתע וואַגאַבונדין. ערשט אין שפּאַניע האָב איך דערפֿילט, אַז איך האָב ווידער באַקומען אַ היים. פֿונדאַנען וועל איך שוין ווייטער נישט פֿאָרן. דאָ בלייב איך. איך האָב ליב באַקומען דאָס דאָזיקע מערקווירדיקע פֿאָלק. איך פֿיל זיך דאָ זייער גוט.

— אַלע פֿילן מיר זיך דאָ גוט — האָט וויטאָלד זיך אָפּגערופֿן — נאָר מיר שיינט, אַז מיר לעבן צופֿיל אָפּגעזונדערט פֿון די שפּאַניער. מיר האָבן צופֿיל אויטאָנאָמיע, מיר זענען געוואָרן ווי אַ באַזונדערע מלוכה. איך וואָלט געוואָלט מער דערנעענטערונג, מער צוזאַמענלעבן.

— אין אַ געוויסער מאָס איז דאָס ריכטיק — האָט וואַלדעמאַר מסכּים געווען — אַ טייל אונדזערע האַלט זיך אָפּגעזונדערט, באַטראַכט זיך ווי אויסדערוויילטע. מיר מוזן צוגעבן, אַז עס געפֿונען זיך צווישן אונדז

אַזעלכע, וועלכע האַלטן זיך העכער פון די שפּאַניער, באַטראַכטן זיך פאַר עפּעס בעסערס. דאָס איז אַ נישט געזונטע, געפערלעכע דערשיינונג.

— מיט וואָס דערקלערסטו דאָס? — האָט אַנטאָן געפרעגט.

— שפּאַניע אין אַלגעמיין איז געווען אַ זייער אָפּגעשטאַנען לאַנד. עס געפינען זיך נאָך דאָ זייער פיל אַנאַלפאַבעטן. די אינטערבריגאַדיסטן שטייען אין אַלגעמיין אויף אַ העכערן קולטורעלן ניוואָ. דערפון שיינט מיר נעמט זיך די נישט געזונטע דערשיינונג, וואָס אַ טייל פון אונדזערע באַטראַכטן זיך פאַר עפּעס בעסערס.

— דערצו קומט נאָך צו דער מאָמענט — האָט וויטאָלד צוגעגעבן — וואָס אַלע, כמעט אַלע אינטערבריגאַדיסטן זענען אָדער מיטגלידער פון מאַרקסיסטישע פּאַרטייען אָדער זייערע סימפּאַטיקער. אין שפּאַניע זענען פאַראַן זייער פיל אַנאַרכיסטן. זיי זענען נאָך גענוג שטאַרק. פאַר דעם דורכשניטלעכן אינטערבריגאַדיסט איז דער אַנאַרכיסט אַ פרעמדע, נישט פאַרשטענדלעכע דערשיינונג; דאָס ווירקט אויך אין אַ געוויסער מאָס אויפן צוזאַמענלעבן.

— איינע פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען — האָט וויקטאָר באַמערקט — איז די קעגנזייטיקע באַציונג מיט די אַנאַרכיסטן, זיי זענען אַ באַדייטנדיקער כוח, זיי האָבן שטאַרקע איינפלוסן. מען דאַרף זיך וואָס ענגער פאַרבינדן מיט זיי. צום באַדויערן, פאַרשטייען דאָס נישט נאָך פיל סאָציאַליסטן. לאַרגאָ קאַבאַליעראָס פּאָליטיק איז זייער אַ שלעכטע, זי קען נאָך אויפרייסן דעם פאָלקס-פראָנט.

— צווישן די אַנאַרכיסטן זענען פאַראַן פיל אומפאַראַנטוואָרטלעכע עלעמענטן, אַפילו שעדלעכע — האָט געזאָגט וואַלדעמאַר — איר ווייסט, וואָס זיי טוען אָפּ אין אַראַגאָן? זיי שפּילן דאָרטן צוזאַמען מיט די פאַשיסטן אין פוטבאָל, אויף זייער פראָנט איז די גאַנצע צייט שטיל, אָנשטאָט צו קומען צו הילף מאַדריד, מאַכן זיי גאָר וואָפנשטילשטאַנד מיט פראַנקאָס סאָלדאַטן.

— מען קען נישט וואַרפן די שולד אויף אַלע אַנאַרכיסטן, דאָס זענען נאָר איינצלנע אומפאַראַנטוואָרטלעכע גרופן — האָט האַנס באַמערקט — ביי אַ קלוגער פּאָליטיק, אַן איינהייטלעכער, קאָן מען לייכט אויפלעבן דעם אַראַגאָנער פראָנט, די מאַסע איז אומעטום קעמפעריש, נאָר איינצעלנע עלעמענטן זענען שעדלעך, אַזעלכע וועסטו אומעטום געפינען.

— די מאַדרידער אַנאַרכיסטן זענען גאַנץ אַנדערש — האָט זיך אָפּגערופן כואנא — זיי קעמפן מיט אונדז צוזאַמען, לעצטנס זענען דאָ גישט פאַראַן צווישן אונדז קיין ערנסטע רייבונגען.

דאָס געשפּרעך האָט זיך איבערגעוואָרפן פון איין טעמע אויף דער צווייטער.

דער ווייַן האָט געטאָן זיינס. די שטימונג איז געוואָרן אַ מונטערע, עמאַ און כואנא האָבן אָנגעהויבן צו זינגען שפּאַנישע פאָלקס־לידער. מען האָט נאָך אַביסל פאַרבראַכט. ס'איז געוואָרן שפּעטלעך. מען איז זיך צעגאַנגען.

*           *
*

אַנטאָנען האָט זיך נישט געוואָלט שלאָפן. די איבערלעבענישן פון היינטיקן טאָג זענען געווען צו שטאַרק. וויטאָלד האָט דאָס באַמערקט.

— אויב דו ווילסט נאָך נישט שלאָפן, וועל איך דיר געבן עפּעס איבערצולייענען.

ער האָט אַרויסגענומען פון שרייב־טיש אַ פאַרבלוטיקטן קאָנווערט. בעת די לעצטע קאַמפן איז אומגעקומען א יונגער מיצקעוויטשאַנער, בינקאָ. פאַרן טויט האָט ער אָנגעהויבן צו שרייבן א טאָג־בוך, מען האָט אים געפונען ביי אים אין דער בוזעם־קעשענע. לייען עס, עס איז זייער אינטערעסאַנט.

אַנטאָן האָט פאָרזיכטיק אויפגעעפנט דעם פאַרבלוטיקטן קאָנווערט, איבערגעמישט עטלעכע טונקעלע פאַרבלוטיקטע בלעטלעך און אָנגעהויבן לייענען.

*           *
*

שפּעט אין אָוונט.

מיר זענען אויף אָפּרו. די יאַטן זענען געווען מיד פון עטלעכע טעג אומאויפהערלעכע קאַמפן. דער לעצטער מאַרש, וואָס האָט געדויערט עטלעכע טעג, האָט אונדז נאָך מער אויסגעמאַטערט. דאָס דאָרף, וווּ מיר געפינען זיך, איז אַ געוויינלעך שפּאַניש דאָרף. די פּויערים האָבן אונדז זייער גוט אויפגענומען. דערוויסנדיק זיך, אַז מיר זענען פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס, זענען זיי געקומען אונדז באַגריסן. געפרעגט, צי מיר דאַרפן נישט עפּעס. זיי האָבן צוגעזאָגט צו פאַרקויפן אונדז די פּראָדוקטן, וועלכע מיר וועלן דאַרפן.

איך און זבאָשינסקי שטייען אײן ביי איינעם פון די פויערים. דער אַלטער איז זייער אַ גוטמוטיקער, מיט אַ צעקנייטשט, אויסגעטרוקנט פאַרמעט=געזיכט. אין פּאָליטיק אָריענטירט ער זיך שוואַך, ער האָט אָבער שטאַרק פיינט פראַנקאָ, ווייל ער איז מיט די גראַנדן. ער האַסט אויך שטאַרק די גלחים, אָנרופנדיק זיי בלוט=זויגער. ער קען נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס מיר זענען געקומען פון אַזוי ווייט צו קעמפן פאַר שפּאַניע. דער דאָזיקער אַלטער האָט קיינמאָל אין לעבן נישט געזען מאַדריד, נישט געזען כמעט קיין איין גרויסע שפּאַנישע שטאָט.

די טאָכטער, אַ יונגע, פולבלוטיקע שפּאַניערין קוקט אויף אונדז מיט אינטערעס און נייגיר. עס ווילט זיך איר, ווייזט אויס, פאַרפירן מיט אונדז אַ געשפּרעך, נעענטער זיך באַקענען, נאָר זי האָט מורא פאַר דער מוטער, וועלכע טרעט נישט אָפּ פון איר. דערפאַר אָבער איז דער יונגער אַלפרעדאָ פון דער ערשטער מינוט געוואָרן זייער היימיש מיט אונדז. קוקט אויף אונדז מיט זיינע גרויסע ברענענדיקע אויגן, אויף אונדזערע ביקסן. ער וויל אַוועק פון דער היים, אָנשליסן זיך אין דער פאָלקס=ארמיי. ער האָט אונדז דאָס געזאָגט בסוד.

מיט זבאָשינסקין האָב איך זיך זייער גוט איינגעלעבט. צום אָנהייב האָב איך אים אַפילו חושד געווען אין אַנטיסעמיטיזם. מיר האָט געשיינט, אַז ער טרינקט צופיל. איך האָב אים געפּלעגט אויסמיידן. מיט אַ וואָך צוריק זענען מיר צוזאַמען געלעגן אין שוצגראָבן. דער קאָמענדאַנט האָט אויסגערופן פרייוויליקע אויף אַן אויסשפּיר=פּאַטראָל, גאָנסיאָרעק, זבאָשינסקי און איך האָבן זיך אָפּגערופן. עס איז געווען אַ שטאַרק פינצטערע נאַכט. די געגנט איז אונדז געווען אומבאַקאַנט. מיר האָבן נישט געוווסט גענוי, ווו עס געפינען זיך די פאַשיסטן. דאָס האָבן מיר טאַקע געדאַרפט אויסגעפונען. שטיל זענען מיר געקראָכן איבער די בערג, צוהערנדיק זיך צום מינדעסטן שאָרך.

פּלוצים האָבן מיר פונדערווייטנס דערהערט אַ באַוועגונג, ווי עס וואָלטן געגאַנגען פיל מענטשן. די באַוועגונג איז געקומען פון צוויי זייטן. מיר האָבן זיך אין דער שטיל בעראַטן און באַשלאָסן צו צעטיילן זיך: זבאָשינסקי און גאָנסיאָרעק האָבן זיך געלאָזט אויף רעכטס, איך אויף לינקס. אָפּגייענדיק אַ שטיק וועג, האָב איך אויפגעהערט צו הערן וועלכן עס איז נישט גערויש. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אונדזער געהער, ווי עס טרעפט אָפט אין די בערג, האָט אונדז אָפּגענאַרט, ס'איז נישט געווען קיין

גערויש פון צוויי זייטן, נאָר פון איין זייט. מיך האָט אָנגעהויבן צו באַאומ־רואיקן דער גורל פון מיינע חברים. איך האָב זיך שנעל אומגעקערט, אָנ־הייבנדיק צו גיין אין דער ריכטונג, וווּ זיי זענען אַוועק. פּלוצים האָב איך דערהערט א שוואַך קרעכצן, איך האָב פאַרגעסן אין דער געפאַר און שנעל זיך געלאָזט לויפן אין דער ריכטונג, פון וואַנען עס האָט זיך דערטראָגן די מענטשלעכע שטים.

אין דער פינצטער איז שווער געווען עפּעס צו זען. צו מיר איז אָבער דערגאַנגען דער אָפּהילך פון אַ שטילן געהאַנגל. שוואַרצע שאָטנס האָבן זיך גישט ווייט פון מיר האַסטיק באַוויגן. איך בין פאַרזיכטיק צוגעשפּרונגען צום אָרט פון געראַנגל. איך האָב דערקענט גאַנסיאָרעקן. ער איז געלעגן אויף דער ערד און זיך געראַנגלט מיט אַ פאַרשוין. צוויי אַנדערע האָבן געשלאָגן זבאַנשינסקין. איך האָב זיך תיכף אָריענטירט, אַז דאָס זענען פאַשיסטן. זיי האָבן מיך נישט באַמערקט. מיט איין שטאַרקן קלאַפּ פון מיין ביקסן־קאָלבע אין קאָפּ איז איין פאַשיסט מיט אַ קרעכץ אומגעפאַלן. דער צווייטער איז צעטומלט געוואָרן, האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס געווער און אויפגעהויבן די הענט אין דער הייך. דעם דריטן האָבן מיר מיט כוח אַנטוואָפנט. מיר האָבן זיי אַלע פאַרנומען מיט זיך. זבאַנשינסקי האָט גע־האַט אַ פּנים פול מיט ביילן און סיניאַקעס.

זבאַנשינסקי האָט כמעט דעם גאַנצן וועג געשוויגן. ווען מיר זענען שוין צוריקגעקומען צו אונדזערע און אָפּגעגעבן אַ ראַפּאָרט פון געשע־ענעם, איז זבאַנשינסקי צוגעגאַנגען צו מיר אויסשטרעקנדיק די האַנט.

— זיי מוחל, חבר, איך האָב דיך געהאַלטן פאַר אַ פּחדן.

איך האָב אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט.

— פאַרוואָס האָסטו אַזוי געטראַכט?

ער האָט געשוויגן.

איך האָב גערן אָנגענומען זיין אויסגעשטרעקטע האַנט.

ער האָט מיר דערציילט פון זיין לעבן. געבוירן געוואָרן אין אַ פּויליש דאָרף. מיט פופצן יאָר צוריק איז ער געקומען קיין פראַנקרייך, געוואָרן א קוילנגרעבער. ער איז אַן אומפּאַרטייאישער. ער איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס איז דאָ אַהער געקומען. וועגן יידן האָט ער געהערט פיל שלעכטס. דער עיקר, אַז זיי זענען פּחדנים.

ער האָט זיך שטאַרק צוגעבונדן צו מיר.

מאָרגן גייען מיר ווידער אויפן פראָנט. היינט האָט מען געטיילט קאָ־ניאַק און קאָנסערוון.

* *
*

אָפּרו אין דאָרף...

באַקומען היינט אַ בריוו פון רעגינען. איר בריוו האָט אויף מיר גע־מאַכט זייער אַ שווערן איינדרוק. זי האָט טענות צו מיר, פאַרוואָס איך האָב זי אָפּגענאַרט, פאַרוואָס האָב איך איר נישט געזאָגט, אַז איך פאָר קיין שפּאַניע, נאָר קיין פּאַריז. צי האָב איך נישט צו איר קיין צוטרוי? איך האָב טאַקע געמיינט, אַז זי וועט זיך אנטקעגנשטעלן. איך בין זיך מודה, אַז איך קען נישט די פּסיכיק פון פרויען.

רעגינעס בריוו האָט מיך שטאַרק צערודערט. זי שרייבט נישט קיין גוטע ידיעות פון דער היים. די מאַמע איז געפערלעך קראַנק. דער טאַטע איז אָן אַרבעט. זיי הונגערן. דער טאַטע איז בייז אויף מיר, וואָס איך האָב זיי פאַרלאָזט. אַ שאָד די אַלטע מאַמע. אַ סך חברים, שרייבט זי, זענען אַרעסטירט. אַנדערע באַהאַלטן זיך אויס, ווי גוט האָב איך געטאָן, וואָס איך בין געקומען דאָ. איך בין געוואָרן אַ ניי געבוירענער, מיט אַ ביקס אין דער האַנט. די ערשטע צייט האָט מיך נאָך דאָס פייער געשראָקן. איצט פיל איך זיך גוט און רואיק. איך האָב נאָר איין באַגער, שלאָגן וואָס מער די פאַשיסטן.

טייערע יאַטן האָבן מיר דאָ. מען קען זיך פון זיי אַ סך לערנען. נעכטן איז הערשל פאַרוואונדעט געוואָרן אין אַן אַטאַקע, ווען די מאַראָקאַנער האָבן אונדז אָנגעגריפן. ער האָט באַקומען אַ לייכטן שאָס אין האַלדז. פון ווייטיק האָט ער אַרויסגעלאָזט די ביקס פון דער האַנט. די פאַשיסטישע אַטאַקע איז אָפּגעשלאָגן געוואָרן מיט גרויסע פאַר זיי פאַרלוסטן. הערשל, אַ פאַרבלוטיקטער איז צוריקגעלאָפן אויפן פעלד. איך האָב אים אָנגע־כאַפּט ביי דער האַנט.

— ווי לויפסטו, ביסט דאָך פאַרוואונדעט?

ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון מיר און מיט אַ וויינענדיקער שטימע אויסגעשריגן:

— איך האָב פאַרלוירן מיין ביקס, איך מוז זי געפינען.

* *
*

אין שוצגראָבן:

באַקומען היינט א בריוו און אַ בילד פון רעגינען. ווי שיין זי איז געוואָרן. עס ווילט זיך מיר זי שטאַרק זען. ווען וועט דאָס געשען? איך האָב א געפיל, אַז איך וועל זי שוין מער קיינמאָל נישט זען. יעדן טאָג זענען מיר אין קאַמף. מיר האָבן אַזויפיל פאַרלוסטן... דאָס שרעקט מיר נישט. איך טראַכט נישט פון טויט. איך טראַכט נאָר פון קאַמף. צי קען נאָך זיין אַ גרעסערע פרייהייט, ווי אָפענער קאַמף מיטן שונא!

זבאָשינסקי האָט באַקומען אַ בריוו פון זיין פרוי. ער האָט אים מיר געוויזן. ער האָט זייער א ווילע פרוי.

*　　　*

*

אין צוג.

מיר פאָרן אויף א נייעם אָפּשניט פון פראָנט. מיר ווייסן נאָך נישט וווּ. אויפן גאַנצן וועג האָבן מיר געזונגען.

עס איז געווען זייער אַ פינצטערע נאַכט. שטיל אָן גערויש, אָן געזאַנג האָבן מיר זיך גערירט אין ווייטערדיקן וועג. מיר זענען צוגעקומען צו אַ סטאַציע. מען האָט אונדז געהייסן פאָרזיכטיק זיך רוקן פאָרויס. נישט ווייט שטייען שוין די פאַשיסטן.

מיר האָבן באַקומען די אויפגאַבע צו פאַרנעמען די פּאָזיציעס איידער עס וועט ווערן טאָג, צו באַפעסטיקן זיך, אַז די פאַשיסטן זאָלן אונדז נישט באַמערקן. פאָרויס האָט מען אַרויסגעשיקט אַן אויסשפּיר=אָפּטיילונג. אונדזער פּאַטרולקע האָט אָנגעהויבן פּריצייטיק צו שיסן — א צרה מיט א טייל אונדזער חברה, עס בייסן זיי שטענדיק די הענט — די שיסעריי האָט אַליאַרמירט די פאשיסטן. זיי האָבן געעפנט אויף אונדז א פאַרניכטנדיק פייער. דאָס האָט אביסל באַשווערט אונדזער פאָרויסגיין.

ביי דער אייזנבאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף אויף האַנט=גראַנאַטן. אין אַ קורצער צייט האָבן מיר שוין געהאַט זיבן טויטע. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז אויב מיר ווילן פאָרויסגיין, מוזן מיר קודם כל פאַרנעמען די פראַכט=סטאַציע, וווּ עס האָבן זיך פאַרפעסטיקט די פאַשיסטן.

אייזנבערג האָט זיך אויפגעהויבן און איז צוגעגאַנגען צום קאָמיסאַר. ער האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל אים דערלויבן צו אַטאַקירן די נעסט פון די פאשיסטן. נישט קוקנדיק אויפן שרעקלעכן פייער פון שונא, האָט ער זיך צוגערוקט צו דער סטאַציע, פונוואַנען די פאַשיסטן האָבן אונדז

באַשאָסן פון אַ קוילנוואַרפער און זי באַוואָרפן מיט האַנט־גראַנאַטן. דאָס פייער פון די פאַשיסטן איז אַביסל שטילער געוואָרן. אָבער אינקורצן האָט זיך עס ווידער פאַרשטאַרקט.

אייזנבערג האָט זיך ווידער איפגעהויבן. דאָס מאָל האָט ער גענומען מיט זיך זיבן האַנט־גראַנאַטן. באַאומרואיקט פון זיין דרייסטן שריט, האָט אים דער קאָמיסאַר געוואָלט פאַרהאַלטן, נאָר אייזנבערג האָט אים נישט געהערט.

מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָבן מיר זיך אַלע צוגעקוקט צו אייזנ־בערגן. ער האָט זיך פאָרזיכטיק צוגעשאַרט צו דער מויער און דורך אַן עפענונג אין דער וואַנט אַריינגעוואָרפן אהין אַלע זיבן גראַנאַטן. דאָס פייער פון שונא איז אַנטשוויגן געוואָרן. עס האָט זיך געעפנט די טיר פון דער פראַכט־סטאַציע און עס זענען פון איר אַרויסגעגאַנגען מיט אויפגע־הויבענע הענט זיבן פאַשיסטן. זיי זענען געווען זייער איבערגעשראָקן און געשריגן: „זאָל לעבן רוסלאַנד“.

די סטאַציע איז געוואָרן דעראָבערט.

עטלעכע טעג נאָכדעם האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל צו אַטאַקירן אַ באַרג. מיר האָבן אים שנעל איינגענומען. אונדזער אַרטילעריע, מיי־נענדיק אַז אויפן באַרג געפינען זיך נאָך די פאַשיסטן, האָט אונדז אָנגע־הויבן שטאַרק צו באַשיסן. מיר האָבן נישט געהאַט קיין פעלד־טעלעפאָן און נישט געקאָנט צווישן געבן אונדזערע. מיר האָבן פרובירט אַרויסהענ־גען אַ רויטע פאָן אַלס צייכן, אַז אויפן באַרג זענען פאַראַן רעפּובליקאַנער, נאָר עס האָט גאָר נישט געהאָלפן. אַזוי זענען מיר שעהן געלעגן אונטערן שרעקלעכן פייער פון דער אייגענער אַרטילעריע. אין דער דאָזיקער שרעק־לעכער נאַכט איז אומגעקומען אונדזער העלדישער חבר אייזנבערג.

* *
*

פאַר דער אַטאַקע.

מיר זענען גרייט. מיר וואַרטן מיט אומגעדולד אויפן באַפעל אַרויס־צוטרעטן. אַרום אונדז איז זייער שטיל. די בערג שטייען רואיקע און קוקן אויף אונדז ווי שטומע עדות. עס איז זייער הייס. שווער צו טראָגן דעם העלם אויפן קאָפּ. נישט ווייט פון אונדז שטייען די פאַשיסטן. מיר וועלן זיי פון דאַנען אויסרויכערן. נאָך דער אַטאַקע וועט מען דאַרפן אָנשרייבן אַן ענטפער רעגינען. די קאָמפּאַניעס הייבן זיך אויף... שוין צייט.

*　　*
*

ווייטער איז געווען לייזדיק. בינקאָ האָט שוין נישט באַוויזן צו ענדיקן...

אַנטאָן האָט געקוקט אויפֿן בילד פֿונעם שיינעם מיידל. אין דער זייט איז דאָס בילד געווען אַדורכגעשאָסן. אויף דער צווייטער זייט איז געווען אָנגעשריבן: „מיין ליבן, אויף אייביק געטריי! רעגינע.

די נאַכט־שטילקייט איז איבערגעריסן געוואָרן פֿון אַ שטאַרקער אַרטילעריע־שיסעריי.

## 10. אין אונטערערדישע שוצגראָבנס פון מאַדריד

דער שטאַב פון דער דיוויזיע האָט זיך געפונען האַרט נעבן פראָנט. פון די פענצטער פון שטאַב האָט מען געזען די גאַנצע פּאַנאָראַמע פון צפון־פראָנט פון מאַדריד. די רויטע ווענט פון דער אַמאָליקער אוניווערסיטעט־געביידע זענען שוין געווען דורכגעשאָסן און צעשטערט.

אין שטאַב פון דער דיוויזיע איז אָנגעגאַנגען אַ פיבערהאַפטע אַרבעט. דער פּאָליטקאָמיסאַר פון דער דיוויזיע האָט זייער פריינדלעך אויפגענומען אַנטאָנען און וויטאָלדן, דאָס איז געווען אַ מיטליעריקער מענטש מיט אַ ברייט געזיכט און גרויסע אויגן־גלעזער. ער האָט זיי אינפאָרמירט וועגן דער אויפקלערערישער אַרבעט אין די שוצגראָבנס. אונטערן כסדרדיקן פייער פון שונא לערנט זיך די אַרמיי, דעריאָגט פיבערהאַפט די פארלוירענע צייט. עס זענען פאַראַן קורסן פאַר אַנאַלפאַבעטן, אָפיצירן, אונטער־אָפיצירן, פּאָליטקאָמיסאַרן. ער האָט זיי געוויזן די דיוויזיע און ברי־גאַדע־צייטונגען.

אינמיטן געשפרעך זענען אַריינגעקומען צוויי אָפיצירן. דער קאָמיסאַר האָט זיי פאָרגעשטעלט.

— דאָס איז דער קאָמיסאַר פון דער בריגאַדע און דער חבר איז דער פאַרבינדונגס־אָפיציר פון דער דיוויזיע. זיי וועלן אייך ווייזן אונדזער פראָנט.

אַנטאָן און וויטאָלד האָבן זיך האַרציק געזעגנט מיטן דיוויזיע־קאָמיסאַר און זיך געלאָזט פירן פון זייערע באַגלייטער.ביידע זענען געווען מאַדרידער.

זיי זענען אַדורכגעגאַנגען שטילע, פאַרוואָרפענע געסלעך. פון ביידע זייטן זענען געשטאַנען אויסגעשטאָרבענע ווילעס. זעלנער האָבן אייליק פאַרוואָרפן פרישע טעלעפאָן־דראָטן.

— דאָרטן געפונען זיך שוין די פאַשיסטן — האָט דער קאָמיסאַר אָנגעוויזן אויף אַ קליין ווייס הייזל, וואָס איז געליגן פון זיי קוים אויף אַ פופציק מעטער.

די שמאָלע געסלעך האָבן זיך פּלוצים אָפּגעהאַקט, פאַרפאַלן געוואָרן אין די נאַקעטע שטיקער אויסגעגראָבענע ערד.

נעכטן האָט אַ גאַנצן טאָג שטאַרק גערעגנט, די ערד איז געווען לייִמיק און זייער קלעפּיק, די פיס זענען כסדר געזונקען אין פייכטן ליים.

זיי האָבן זיך פאַרקערעוועט אין אַ האַלב איינגעפאַלן הויז. פאַר זיי־ערע אויגן האָט זיך געעפנט אַ שמאָלער, זייער טיפער אַריינגאַנג. זיי זענען אַריין אין דער ערשטער ליניע פון די שוצגראָבנס. זיי האָבן געמוזט שטאַרק איינבייגן די קעפּ, כדי נישט אָנצוקלאַפּן זיך אין ערדישן סופיט. עלעקטרישע לעמפּלעך האָבן קאַרג באַלויכטן דעם וועג. דער לאַבירינט פון די גראָבנס האָט זיך אַלץ טיפער פאַרצויגן אונטער דער ערד, געפאַלן שאַרף אַראָפּ און זיך פּלוצים אויפגעהויבן.

זיי האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף אַ גרופּע סאַפּערן. די סאָלדאַטן האָבן זיך אויסגעגליכן.

— סאַלוד חברים! — עס האָבן זיי באַגריסט אויפגעהויבענע פויסטן. באַגאַרטלטע מיט האַנט־גראַנאַטן, ענערגישע, מוטיקע, מיט מונטערע פּנימער האָבן געשמייכלט פרייליכע, מאַדרידער אַרבעטער.

זיי זענען פאַרפאַלן געוואָרן אין לאַבירינט פון די אונטערערדישע איינריכטונגען, וווינונגען פאַר סאָלדאַטן און אָפיצירן, שפּייז־צימערן, לייען־זאַלן, פעלד־שפּיטעלער און ביבליאָטעקן. כמעט אויף יעדן בעט און סופיט זענען געהאָנגען האַנט־גראַנאַטן, דערנעבן זענען געליגן גראָבע ביכער, און סאָלדאַטן אויסגעצויגענע אויף זייערע פעלד־בעטן האָבן געשמאַק געלייענט. אויף טייל טישלעך זענען געשטאַנען בלומען.

עס איז געווען זונטיק און דער באַטאַליאָן־פריזירער האָט היינט גע־האַט אַ סך אַרבעט. זיין ראַזיר־מעסער איז שנעל געפלויגן איבער די געזיכטער. אַן אמתע פריזיר־שטול און אַ גרויסער באַגילדעטער סאַלאָן־שפּיגל אַרויסגעשלעפּט פון ערגעץ אַ חרוב געוואָרן הויז האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ ווירקלעכן פריזיר־אַנשטאַלט.

אויף אַ וואַנט פון אַ גראָבן איז געהאָנגען אַ גרויסע, איינגעראַמטע אין אַ גלאָז אויפשריפט: „זאָל לעבן דער פאָלקס־פראָנט“. אונטער דעם

גלאָז זענען געהאָנגען פיר פּאָרטרעטן, דער סימבאָל פון פאָלקס־פראָנט אין שפּאַניע: אזאנא, איגלעזיאָס, דורוטי, דיאז.

— האָ רעדט זייער שטיל, חבר, מיר געפינען זיך אינגאנצן עט־לעכע מעטער פון די פאשיסטן. מיר הערן, ווען זיי רעדן, זיי הערן, ווען מיר רעדן.

זיי האָבן געקוקט אויף די פאַשיסטישע גראָבנס, כמעט מיט די הענט צו דערלאַנגען.

— אזוי נאָענט און אַזוי ווייט — האָט וויטאָלד אַ פליסטער געטאָן.

פונעם נאָענטסטן אָבסערוואַציע־פּונקט האָבן זיי געקוקט אויפן פראָנט. רעכטס איז געשטאַנען אַ קליין ווייס הייזל, האַלב צעשמעטערט, דאָרטן זענען געשטאַנען די אַפריקאַנישע מאַורן. לינקס, אונטערן שוץ פון אונטערערדישע גראָבנס, געדעקט מיט ביימער זענען געלעגן די איטאַל־יענער.

זיי האָבן פּאַרלאָזט די גראָבנס. נאָך לאַנג האָט אָפּגעקלונגען אין זייערע אויערן דאָס קלאַפּן פון לאָמען און אייזן.

זיי זענען אַרויס אויף אַן אָפן פעלד, איינגעטעמענדיק מיט דער פולער ברוסט די פרישע לופט. די ערשטע און צווייטע פייער־ליניע איז געווען אונטער זיי.

פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי. עס האָבן אָנגעהויבן שטעפּן קוילנוואַרפער, ביקסן־סאַלוועס זענען געוואָרן אַלץ שטאַרקער. אין דער לופט האָבן זיך אויפגעריסן גרויסע קיילעכדיקע באַלן פון אַנטי־אַעראָ־קוילן. איבער די פאַשיסטישע פּאָזיציעס האָט הויך און מאַיעסטעטיש אַרומגעקרייזט אַן אויספּיר־אַעראָפּלאַן פון דער פאָלקס־רעפּובליק.

* *
*

זיי זענען אַרויס אויף אַ ליידיקער גאַס. קעננאַיבער האָט זיך גע־רויטלט אַ לאַנגע, געמויערטע הויכע וואַנט, וועלכע האָט אַרומגערינגלט „קאַרסעל מאָדעל" — די גרעסטע, איצט האַלב־צעשמעטערטע תפיסה פון אַמאָליקן שפּאַניע.

זיי האָבן פאַרשפּאָרט צו זוכן דעם טויער. אַן אַרטילעריע־קויל פון שווערן קאַליבר האָט געמאַכט אַ טיפע עפענונג אין דער וואַנט. דער תפיסה־הויף איז געשטאַנען פוסט. עס האָבן זיך געוואַלגערט ליידיקע

פּאַטראָנען, פּאַרזשאַווערטע פּושקעס פון קאָנסערוון. אַלע שויבן זענען געווען אויסגעהאַקט. דורכן אַדורכלעכערטן דאַך האָט פריי אַריינגע־בלאָזן דער ווינט.

זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם געוועזענעם תפיסה־שפּיטאָל און פאַרקערעוועט זיך אויף רעכטס, צו דער גראַנדיעזער אימהדיקער געביידע פון דער תפיסה.

זיי האָבן זיך געפונען אין אַ ברייטער, הויכער, פינסטאָקיקער האַליע. געבונדן מיט אייזערנע שמאָלע באַלקנס, פון ביידע זייטן ווענט זענען אין סימעטרישער אָרדענונג געווען אויסגעשטעלט שמאָלע איינצל־קאַמערן, ווי אייזערנע שטייגן פאַר חיות. די טירן זענען באַשטאַנען פון אייזערנע קראַטן. אין דערמיט האַליע איז געשטאַנען אַ מעטאַלענער אָבסערוואַציע־פונקט. דאָס וועכטערישע מעכאַניזירטע אויג פון דער תפיסה, פון וואַנען מען האָט געקענט אַריינקוקן און זען, וואָס עס טוט זיך אין יעדער קאַמער, יעדע באַוועגונג פון אַרעסטירטן.

אין אָבסערוואַציע־פונקט זענען פון צייט צו צייט געשטאַנען קוילנ־וואַרפער, פון וועלכע מען האָט געקאָנט דירעקט אַריינשיסן אין יעדער איינער פון די דריי טויזנט קאַמערן. אַזוי האָט אויסגעזען די מאָדערנע תפיסה אין שפּאַניע.

די באַגלייטער האָבן זיי אַריינגעפירט אין עטלעכע קאַמערן. ביידע זענען זיי אין כיל ראַבלעססעס צייטן געווען געסט פון די דאָזיקע „וווינונ־גען". זיי האָבן זי איצט אויסגעזוכט. דער פאַרבינדונגס־אָפיציר איז געווען אַ פּראָפעסאָר. מען האָט זיך אין אים נוקם געווען, ווי אין אַן אינטעלי־גענט, וועלכער האָט זיך פאַרבונדן מיטן פאָלק.

— אין תפיסה־וועזן האָט די שפּאַנישע רעאַקציע אונדז איבערגע־יאָגט — האָט אַנטאָן מיט אַ שמייכל באַמערקט — אין פּוילן האָבן מיר נאָך נישט אַזאַ מאָדערנע תפיסה.

עס איז שוין געווען גוט טונקל, ווען אַנטאָן און וויטאָלד האָבן זיך אומגעקערט צוריק אין שטאָט.

## 1. דער בית־עולם פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס

די באַגעגעניש איז געווען אַן אומדערוואַרטע און זייער אַ האַרציקע. וולאַדעק איז אַריינגעפאַלן אין צימער, צוגעשפּרונגען צו אַנטאָנען, וועל־כער איז נאָך געלעגן אין בעט, און אים אַרומגענומען.

— דו דאָ? — האָט איינער דעם צווייטן באַגריסט.

וולאַדעק האָט געשיינט. זיינע לאַנגע בלאָנדע האָר האָבן זיך אים אַראָפּגעלאָזט איבערן נאַקן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין רייט־הויזן, וואָס האָבן נאָך לענגער געמאַכט זיינע לאַנגע פיס. פון דעם קאָלנער פון דער מאַרינאַרקע האָבן אַראָפּגעבלישטשעט צוויי גאָלדענע גאַלאָנען.

— דו ביסט שוין לייטענאַנט? — האָט אַנטאָן געפרעגט.

וולאַדעק האָט דערציילט פון באַטאַליאָן, פון די לעצטע קאַמפן אויפן באַראַמאַ־פראָנט. דער באַטאַליאָן איז איצט אויף קורצן אָפּרו.

— וואָס טוט וואַצעק, דוד, דאַניעל?

— דאַניעל איז געוואָרן קאָמיסאַר פון אַ קאָמפּאַניע. ער איז איינער פון די בעסטע קאָמיסאַרן. די יאַטן האָבן אים זייער ליב. אברהם איז שוין סערזשאַנט. דאָס איז זייער אַ העלדישער בחור. ער וועט שנעל ווערן אָפיציר. וואַצעק האָט זיך געריסן צוריק צו זיין קוילנוואַרפער. מיר ווילן אים מאַכן פאַר אַ קאָמיסאַר, נאָר דער חברהמאַן וויל נישט הערן דערפון. איך האַלט, אַז ער איז נישט גערעכט. ער האָט זייער אַ גרויסן אויטאָריטעט צווישן די קעמפער. נאָר ער איז צו באַשיידן. דוד איז רעדאַקטאָר פון אַ קאָמפּאַניע־צייטונג, אַ וווילער, פעיקער חבר. דו געדענקסט זבישעקן? ער איז אויך סערזשאַנט, האָט דערפאַרונג, גע־דינט אין דער פוילישער אַרמיי.

— וואָס טוט אָליעק?

— ער איז אין דער קאָמפּאַניע, העלפט צו אין דער רעדאַקציע־אַרבעט. ער קען שרייבן.

אַנטאָן האָט זיך שנעל אָנגעטאָן.

זיי זענען געפֿאָרן קיין פֿוענקאַראַל. אויף דעם קליינעם דאָרפֿישן בית־עולם פֿון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס.

אין אַ קאַלטן, טריבן נאָוועמבער־פֿרימאָרגן פֿון 1936 זענען צווישן די פֿאַרטיידיקער פֿון דער אוניווערסיטעט־שטאָט געפֿאַלן פֿיר קעמפֿער פֿון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס: איין פֿראַנצויז, איין דייטש און צוויי איטאַליענער. זיי זענען געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויף אַ קליינעם דאָרפֿס־בית־עולם אונטער מאַדריד. די דאָזיקע פֿיר געפֿאַלענע זענען געווען די ערשטע „איינגוויגער" פֿון אינטערנאַציאָנאַלן בית־עולם אויפֿן מאַדרידער פֿראָנט.

די דאָרפֿס־געמיינדע פֿון פֿוענקאַראַל האָט דאָס באַטראַכט אַלס כּבֿוד פֿאַר זייער דאָרף.

דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ הויכער, רויטער ציגל־מויער. ווען זיי זענען אַדורך דעם אַריינגאַנג, האָבן זיי דערזען אַ פּירקאַנטיקן פּלאַץ. אין לאַנגע גלייכע שורות האָבן זיך געצויגן קבֿרים, אויף וועלכע עס זענען געלעגן דינע ווייסע מאַרמאָר־טאָוולען. אויף פֿיל פֿון זיי איז געווען די אויפֿשריפֿט: „אומבאַוווּסט". ביי אַ טייל איז געווען צוגעגעבן דאָס וואָרט: פּאָליאַק, דייטש, פֿראַנצויז, איטאַליענער, פּאַלעסטינער. נאָמענלאָזע שטיינער האָבן זיי אָנגעציילט פֿינף און פֿופֿציק. עס האָט זיי פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ. אַנטאָן האָט זיך דערמאָנט אין די בריוו פֿון טייל עלטערן און פֿרויען, וועלכע האָבן שוין חדשים נישט באַקומען קיין ידיעות פֿון זייערע נאָענטע...

זייער אויג האָט צוגעצויגן אַ ברייטער מאַרמאָר־שטיין, וועלכער איז געלעגן אינמיטן בית־עולם. אויפֿן שטיין איז געווען אויפֿגעשריבן דער נאָמען פֿון אַ שפּאַניש קינד, וואָס איז אומגעקומען פֿון אַ לופֿט־באָמבע. דער דאָזיקער שטיין האָט דערציילט וועגן דער גרויזאַמקייט פֿון דער מלחמה, וואָס איז דורכן פֿאַשיזם אָנגעוואָרפֿן געוואָרן דעם שפּאַנישן פֿאָלק.

פֿאַרזיכטיק זענען זיי געגאַנגען צווישן די קבֿרים, לייענענדיק די נעמען. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביים קבֿר פֿון דעם קאָמענדאַנט אַנטעק קאָכאַנעק, דעם יוגאָסלאַווישן רעוואָלוציאָנער, ביי דער מצבֿה פֿון אַביסיניער אַכמעד בין יאָסיף, וועלכער איז געקומען קיין שפּאַניע צו פֿאַרמעסטן זיך מיטן איטאַליענישן פֿאַשיזם, מיטן שונא פֿון זיין געשענדעט פֿאָטערלאַנד.

אויף דער צענטראַלער וואַנט פון בית־עולם איז געהאָנגען אין דער מיט אַ ברייטער מאַרמאָרנער טאָוול. עס איז געווען אָנגעשריבן אויף איר אין פראַנצויזיש:

„די פרייוויליקע פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס געפאַלן ווי העלדן פאַר דער פרייהייט פון שפּאַנישן פאָלק, פאַרן ווילזיין און פראָגרעס פון דער מענטשהייט".

נעבן דער דאָזיקער אויפשריפט איז געהאָנגען אַ רויטע לייוונט מיט אַ סערפּ און האַמער.

* *
*

עס איז שנעל צוגעפאַלן דער אָוונט. מאַדריד איז איינגעהילט גע־וואָרן אין געדיכטער פינצטערניש. די טראַמוואַיען זענען געפאָרן אונטער געדעקטע בלויע פייערן. אויף די גאַסן האָט געהערשט אַ שטאַרקע באַ־וועגונג. טויזנטער מענטשן האָבן איבערפולט די גאַסן און קאַפע־הייזער. אומעטום האָט זיך געהערט פריילעכער, זאָרגלאָזער געלעכטער, דער ליידנ־שאַפטלעכער רוף פון דער יוגנט, ווי עס וואָלט איינגאַנצן נישט געווען קיין פראָנט, ווי דער טויט וואָלט נישט געלויערט אויף די איינוווינער טאָג און נאַכט.

זיי זענען אַריין אין טעאַטער „קאַלדעראָן". זיינע אַלע זעקס שטאָק זענען געווען איבערפולט. ציווילע און מיליטער־לייט האָבן פריילעך גע־שמועסט און גערויכערט. איבערגעשריגן זיך. אויף דער סצענע איז געזעסן אַ קליינער בלאָז־אָרקעסטער מיט איין פידלער, וועלכער איז גע־ווען גלייכצייטיק דיריגענט.

דער פּראָגראַם פון אָוונט איז געווען לייכטער וואָדעוויל. שנעל האָבן זיך געביטן די נומערן פון געזאַנג און טענץ.

די טענצערינס זענען אַרויסגעשוווּמען אויף דער סצענע גראַציעז, ווי נאָר די שפּאַנישע טענצערינס קענען. זיי האָבן גלייך מיט זייער באַ־ווייזן זיך אויף דער בינע באַהערשט דעם זאַל. מיט יעדער מינוט איז געוואַקסן די הייטערקייט, ביז זי איז אַריבער אין באַגייסטערונג. דאָס פּובליקום האָט אָנגעהויבן צו וואַרפן אויף דער סצענע שאָקאָלאַד, צי־גאַרעטן. איין אַרמייער האָט אַפילו אַראָפּגענומען פון זיך זיין לעדערנע קורטקע און געוואָרפן אַ טענצערין.

נאָך די טענצעריגס האָבן זיך באַוויזן זינגער. צעצויגענע, גאָרגלגעדרייטע, אָפּגעהאַקטע, אומעטיקע לידער האָבן מיט זייער פֿאָלקלאָרישן חן אָנגעפּולט אַלע ווינקלעך פֿון טעאַטער.

אויף דער סצענע האָט זיך באַוויזן אַ דיקע הויכע זינגערין. זי איז שוין געווען זייער אַלט, געטראָגן אויף זיך אַ ברייטן נאַציאָנאַלן שפּאַנישן שאַל, אירע באַוועגונגען זענען געווען זיכערע, נאָר איר שטימע איז שוין געווען הייזעריק און געשפּאָלטן. אַנטאָן איז זיכער געווען, אַז דאָס פּובליקום וועט זי אויספֿייפֿן. דאָס איז אָבער נישט געשען. די זינגערין האָט געוווסט מיט וואָס צו נעמען דעם עולם. זי האָט אַ זינג געטאָן: „איך בין אַ פֿרוי פֿון מאַדריד, איך האָב ליב מיין שטאָט, פֿאַר איר בין איך גרייט צו שטאַרבן“. די דאָזיקע ווערטער האָבן פֿאַרגיטיקט אַלץ. דאָס טעאַטער איז עלעקטריזירט געוואָרן. איך האָב ליב מאַדריד...

אויף דער סצענע האָט זיך באַוויזן אַ יונגער זינגער אין דער באַגלייטונג פֿון אַ גיטאַריסט. דער זינגער האָט געהאַט אַן אָנגענעמע, זיסע טענאָר-שטימע. ער האָט געזונגען פֿאַרשידענע פֿאָלמענגאָס, די גיטאַרע האָט באַגלייט מיט וויינענדיקע טענער. דאָס פּובליקום האָט מיטגעהאָלפֿן, אויסשרייענדיק כסדר „אָ ליי!“ אויף אַ מינוט איז דער זינגער געבליבן שטיל. דער גיטאַריסט האָט אָנגעהויבן לאַנגזאַם צו באַרירן מיט זיינע לאַנגע פֿינגער די גיטאַרע. דער זינגער איז צו אים צוגעשטאַנען. ער האָט געזונגען אַן אַסטוריש פֿאָלקס-ליד. דער זאַל האָט אויסגעשטורעמט „וויוואַ לאַ אַסטוריאַ!“. אַנטאָן און וולאַדעק זענען מיטגעריסן געוואָרן. זיי האָבן געהערט ווי מאַדריד רופֿט שטורמיש איר העלדישע טאָכטער אַסטוריע.

## 12. בריוו

באַראַמאַ־פּראָנט. 16־טער מאַי, 1937.

ליבע דינע!

דריי וואָכן דיר נישט געשריבן. די גאַנצע צייט זענען פאָרגעקומען הייסע קאַמפן. די פּאָסט איז זעלטן אָפּגעגאַנגען. היינט באַקומען פון דיר עטלעכע בריוו מיט אַמאָל. אַ דאַנק די פאַריזער חברים פאַר זייער געדענקען אין מיר, דאָס פּעקל וואָס זיי האָבן מיר צוגעשיקט, האָב איך באַקומען און געטיילט חברים דאָס נאַשוואַרג.

זיי נישט, מיין טייערע, אומרואיק, ווען איך שרייב דיר נישט אָפט. דאָ איז פראָנט, **נישט תמיד קאָן מען שרייבן,** אָבער שטענדיק געדענק איך אין דיר. **איך ווייס, ווי דו האָסט** מיך ליב, ווי דו טראַכסט פון מיר, דאָס גיט מיר צו כוח און זיכערקייט. פאַר דער דאָזיקער צייט האָב איך זיך באַמיט צו שרייבן אַ טאָג־בוך. איך שיק עס דיר איבער. פון דעם דאָזיקן טאָג־בוך וועסטו באַקומען אַ באַגריף פון דעם, וואָס מיר לעבן דאָ לעצטנס איבער.

שרייב אָפט מיין טייערע. יעדער בריוו דיינער איז פאַר מיר אַ גרויסע פרייד און דערקוויקונג.

זיי מיר האַרציק געגריסט און געקושט,

דיין

עזרא

## פון מיינע נאָטיצן

4־טער מאַי.

אַ גאַנצן טאָג זענען מיר פאַרנומען געווען ביים אויסבעסערן די שוצגראָבנס. עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט. עס איז געוואָרן שטאַרק פינצטער. אונדזער ראַדיאָ רעדט צו די פאַשיסטן. זיי טומלען. אונדזער ראַדיאָ שפּילט דעם אינטערנאַציאָנאַל. מיר זינגען מיט.

צווייַ בייַנאַכט.

עס קומט פאָר די טוישונג פון די וואַכן. אַ פּאָר מינוט שפּעטער הערן מיר אַ שטימע: „קאַמאַראַדאָ, נאָ טיראַ" * מיר שפּרינגען אַלע אויף פון די ערטער. מיר ווייסן שוין, אַז דאָס זענען איבערלויפער. מיר האָבן זיך נישט טועה געווען. צוויי שפּאַניער פון דער פראַנקאָ-אַרמיי זענען אַריבערגעלאָפן צו אונדז. דעם דריטן האָבן די פאַשיסטן באַמערקט און דערשאָסן.

מיר האָבן ברידערלעך אויפגענומען די איבערלויפער און זיי איבערגעפירט אין שטאַב פון באַטאַליאָן. אין אַ האַלבער שעה אַרום איז געקומען צו אונדז דער קאָמענדאַנט פון באַטאַליאָן צוזאַמען מיט די צוויי שפּאַנישע איבערלויפער. זיי האָבן געהאַלטן צוויי גראַמאָפאָן-הילכערס. זיי האָבן גערופן די פראַנקאָ-סאָלדאַטן, זיי זאָלן נאָכטון זייער ביישפּיל.

* *

*

5-טער מאַי.

באַלד אין דער פרי האָט די פאַשיסטישע אַרטילעריע געעפנט אַ שטאַרק פייער אויף אונדזערע פּאָזיציעס. נעבן אונדזערע גראָבן רייסן בסדר אויף שראַפּנעלן. איין שראַפּנעל איז אַריינגעפאַלן צו אונדז אין שוצגראָבן. צום גליק האָט ער נישט אויפגעריסן. מיר האָבן אים אויפגעהויבן און אויפמערקזאַם באַטראַכט. ער איז פון איטאַליענישער אויסאַרבעטונג. מען האָט אים אַוועקגעטראָגן אין שטאַב. דאָרטן ליגן שוין אַ סך אַזעלכע נישט אויפגעריסענע האַרמאַטן-קוילן. אין די איטאַליענישע מיליטער-פאַבריקן געפונען זיך חברים, וועלכע זאָרגן דערפאַר, אַז די פאַשיסטישע קוילן זאָלן נישט אויפרייסן.

אונדזערע טאַנקן באַוואַרפן די פאַשיסטישע שוצגראָבן מיט פייער. אַ ביסל שפּעטער באַווייזט זיך אונדזער אַן אַוויאָן און באָמבאַרדירט די פאַשיסטישע ליניעס. די פאַשיסטן האָבן געעפנט אַ שטאַרק פייער אויפן אַוויאָן. נאָר אונדזער לופט-פויגל פּאַרלירט זיך נישט, ער באַשיסט געדיכט די פאַשיסטישע פּאָזיציעס, וואַרפט אַראָפּ עטלעכע באָמבעס, וועלכע רייסן אויף מיט שטאַרקער קראַפט, און פאַרשווינדט.

---

*) חבר, שיס נישט.

נאָכמיטאָג האָט אונדז ווידער באַשאָסן די פאַשיסטישע אַרטילעריע. אונדזער אַרטילעריע ענטפערט. מיר האָבן נישט קיינע פאַרלוסטן. עס הייבט אָן צו ווערן פינצטער. מיר האָבן באַקומען אַ ידיעה, אַז די פאַשיסטן קלייבן זיך אונדז צו אַטאַקירן. מיר האָבן געמאַכט אַלע צוגרייטונגען. זיי האָבן אָבער נישט אַטאַקירט. פאַרוואָס, ווייסן מיר נישט.

* *
*

6־טער מאַי.

פאַרנאַכט האָבן די פאַשיסטן אָנגעהויבן צו באַשיסן אונדזערע פאָזיציעס. זיי שיסן אין דער ריכטונג, וווּ עס שטייען אונדזערע טאַנקן. נאָר אונדזערע טאַנקן זענען גוט געדעקט און האָבן נישט קיין פאַרלוסטן.

די נאַכט איז זייער אַ פינצטערע. די וואַכן זענען פאַרדאָפּלט. מיר באַקומען אַ באַפעל נישט צו שלאָפן, ווייל די פאַשיסטן גרייטן אַן אַטאַקע. אַרום צוועלף אַ זייגער ביינאַכט האָט מען געהערט אַ העפטיקע שיסעריי אויפן רעכטן פליגל, וועלכער איז באַזעצט דורכן באַטאַליאָן פראַנקאָ־בעלזש. מיר ענטפערן מיט אַ געדיכט פייער. די שיסעריי דויערט מער ווי אַ שעה.

אין דער פרי זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז די פאַשיסטן האָבן פּרובירט אַטאַקירן דעם באַטאַליאָן פראַנקאָ־בעלזש, נאָר דאָס פייער פון פראַנקאָ־בעלזש האָט זיי געצוווּנגען זיך צוריקצוציען.

* *
*

7־טער מאַי.

עס זענען דערגאַנגען צו אונדז ידיעות וועגן די געשעענישן אין באַרצעלאָנע פון טראָצקיסטישן אויפשטאַנד. עס הערשט ביי אונדז אַ געוואַלדיקע אויפרעגונג קעגן זיי. מיר זענען אַזוי צערודערט פון דער ידיעה פון טראָצקיסטישן פוטש, אַז מיר שענקען נישט קיין אויפמערקזאַמקייט דער פאַשיסטישער אַרטילעריע. פאַרנאַכט האָט אונדזער אַרטילעריע אָנגעהויבן צו באַשיסן די פאַשיסטישע פאָזיציעס. מיר נוצן אויס די פינצטערניש פון דער נאַכט און גראָבן ווייטער, אויסברייטערנדיק

אונדזער ליניע. אין אַ פּאָר טעג אַרום, וועלן מיר שוין האָבן אַ נייע ליניע. דאָס וועט אונדז געבן אַ מעגלעכקייט צו רוקן זיך פאָרויס.

די פאַשיסטן באַמיען זיך צו שטערן אונדזער אַרבעט. זיי האָבן אונדז אַ גאַנצע נאַכט באַשאָסן פון זייער אַרטילעריע. יעדער חבר האָט צוליב דעם געהאַט אין דער נאַכט דריי שעה וואַך. אין אַזעלכע נעכט איז די לאַגע זייער אַן אָנגעשטרענגטע. אַזוי ווי עס איז שטאַרק פינצטער קוקט מען נישט דורך די אָבסערוואַציע־פענצטער, נאָר איבער די זאַמד־זעק.

* *
*

8־טער מאַי.

באַלד אין דער פרי האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו ברענען די זון. עס איז אַ טרוקן און ווינטיק וועטער. מיר זענען זיכער, אַז היינט וועט רעגענען. איינס אַ זייגער נאָכמיטאָג איז אַריבערגעלאָפן צו אונדז אַ שפּאַניער. מיר באַוווּנדערן זיין העלדישקייט, אינמיטן העלן טאָג! ער האָט ריזיקירט מיט זיין לעבן. ער איז געלאָפן צו אונדז, האַלטנדיק די הענט אין דער הייך. געשריגן „וויוואַ לאַ רעפּובליקאַ, וויוואַ רוסיאַ, קאַמעראַדאָ, נאָ טיראָ!" מיר האָבן דעם גאַסט זייער גוט אויפגענומען. ער דערציילט אונדז פון טעראָר, וואָס הערשט ביי פראַנקאָ. די אָפיצירן זענען פאַלאַנגיסטן אָדער פּאָרטוגעזער. מיר האָבן זיך אָפּפאָטאָגראַפירט מיטן איבערלויפער.

די טעלעפאָן־אָפּטיילונג פון אונדזער באַטאַליאָן פאַרלייגט מיקראָפאָנען איבער דער גאַנצער פראָנט־ליניע. דאָס איז אַ סימן, אַז היינט ביינאַכט וועט מען פון גאַנצן פראָנט אַגיטירן די סאָלדאַטן פון פראַנקאָ. דער ערשטער רעדט דער שפּאַנישער איבערלויפער. ער ווענדט זיך מיט אַ רוף צו די שפּאַנישע סאָלדאַטן, אַז זיי זאָלן אַריבער אויף דער זייט פון דער רעפּובליק.

שפּעט אין אָוונט הייבט אָן צו יאָגן אַ שטאַרקער ווינט. גלייך ברעכט אויס אַ שטאַרקער רעגן. מיר גרייטן זיך צו דער אַטאַקע פון די פאַשיסטן. זיי עפענען אויף אונדז אַ שטאַרק אַרטילעריע־פייער. צו קיין אַטאַקע איז נישט דערגאַנגען. עס איז קאַלט. עס רעגנט שטאַרק. אָנגע־

שטרענגסטע און מידע װאַרטן מיר אויף דער זון, װעלכע זאָל אויסטרו־קענען אונדזערע אַדורכגעװייקטע קליידער.

* * *
*

9־טער מאַי.

ביינאַכט איז קאַלט און זייער פינצטער. די יאַטן, װעלכע האַלטן נישט װאַך, האָבן זיך געלייגט שלאָפן. אַרום צװעלף אין אָװנט זענען מיר אַלע אויפגעװעקט געװאָרן פון אַ שטאַרקער שיסעריי. אַן אַ קאָמענדע פאַרנעמען מיר תיכף אונדזערע פּאָסטנס. די קאַנאָנאַדע פאַרשטאַרקט זיך. ספּעציעל געדיכט איז די שיסעריי אין דער ריכטונג פון שאָסיי מאַד־ריד — װאַלענסיאַ. דאָס פייער איז שרעקלעך, עס שיינט אונדז, אַז פון אונדזערע שוצגראָבנס װעלן פאַרבלייבן בלויז ליידיקע גריבער.

נאָך אַ האַלבער שעה פון דער העפטיקער קאַנאָנאַדע האָבן אונדזערע טאַנקן געעפנט אַ שטאַרק פייער אויף די פאַשיסטישע פּאָזיציעס, צװינ־גענדיק דעם שונאס אַרטילעריע אַנטשװיגן צו װערן. עס איז שטיל געװאָרן אויפן פראָנט. מיר האָבן אַראָפּגענומען די פאַרשטאַרקטע װאַכן. מידע זענען מיר אַנידערגעפאַלן אויף דער האַרטער ערד און תיכף אַנט־שלאָפן געװאָרן. דאָס מאָל זענען מיר מער נישט געשטערט געװאָרן.

* *
*

10־טער מאַי.

אַ גאַנצן טאָג איז פאָרגעקומען אַ געװיינלעכער אַרטילעריע־דועל. אונדזערע טאַנקן האָבן גענומען אַ זייער אינטענסיװן אָנטייל. װידער זענען מיר אַליאַרמירט געװאָרן, אַז עס גרייט זיך אַ פאַשיסטישע אַטאַקע. זי איז נישט פאָרגעקומען. אינדערפרי זענען מיר געװאָר געװאָרן, אַז איין חבר איז לייכט פאַרװונדעט געװאָרן, אַז די פאַשיסטן האָבן װידער פּרובירט צו אַטאַקירן פראַנקאָ־בעליזש, נאָר זיי זענען אָפּגעשטויסן געװאָרן.

*    *
*

11=טער מאי.

אַ גאַנצן טאָג איז געווען רואיק. מיר האָבן דאָס אויסגענוצט און זיך גוט אויסגעשלאָפן. מיר האָבן ווייטער געגראָבן די פאַרבינדונגס־ליניע. אַלע זענען איצט פרייליך געשטימט. עס איז נאָך פאַרבליבן אינגאַנצן ביי אַ 2 — 3 מעטער, מאָרגן וועלן מיר זיך שוין קענען די־רעקט פאַרבונדן מיט דער צווייטער קאָמפּאַניע.

נאָכמיטאָג איז לייכט פאַרוואונדעט געוואָרן אין קאָפּ אַ חבר. ער האָט באַקומען תיכף די ערשטע הילף און איז איבערגעשיקט געוואָרן אין שפּיטאָל. איך האָף, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט ער צוריקקומען אין דער קאָמפּאַניע.

ביינאַכט האָט אונדז אויפגעוועקט אַ שטאַרקע שיסעריי. מיר זענען אַלע אויפגעשפּרונגען פון אונדזערע ערטער. מיר זענען געווען זיכער, אַז די פאַשיסטן אַטאַקירן אונדז. עס האָט זיך ווידער געענדיקט מיט גאָרנישט. די פאַשיסטן — ווייזט אויס — האָבן אונדז געוואָלט אויספּרו־בירן. זיי איבערצייגן זיך, אַז זיי וועלן אונדז תמיד טרעפן גרייט.

*    *
*

12=טער מאַי.

באַלד אין דער פרי ביים גראָבן די נייע ליניע איז פאַרוואונדעט געוואָרן אַ יוגאָסלאַווישער חבר. ער איז גלייך איבערגעפירט געוואָרן אין שפּיטאָל. זיין וווּנד איז זייער אַ שווערע.

מיר געוווינען זיך אַלץ מער צו צו דער פאַשיסטישער שיסעריי. מיר לייגן שוין מער נישט קיין אַכט אויף איר. אונטער דער מוזיק פון דער כסדרדיקער קאַנאָנאַדע און אויפרייסנדיקע שראַפּנעלן פאַרנעמען זיך די חברים מיט זייערע טאָג־טעגלעכע אַרבעטן. טייל לייענט, אַנדערע לער־נען זיך שפּאַניש, טייל בעסערט אויס זייערע שוצגראָבנס.

ביינאַכט איז אונדזער נייע ליניע פאַרטיק געוואָרן. די שטימונג איז געווען אַ פייערלעכע. דריי חברים האָבן זיך געמאָלדן פרייוויליק, אַז זיי ווילן אין דער נאַכט זיך צורוקן צו די פאַשיסטישע פּאָזיציעס און

באַוואַרפן זיי מיט האַנט־גראַנאַטן. מע פּרובירט זיי אָפּרעדן. נאָר זיי האַלטן זיך ביי זייעריקס. שטיל האָבן זיי זיך אַרויסגערוקט פון די שוצגרובנס און קריכנדיק אויפן בויך האָבן זיי זיך דערנעענטערט צו די פאַשיסטישע פּאָזיציעס. ווען זיי זענען שוין געווען זייער נאָענט, האָט זיך פּלוצים באַוויזן די לבנה און זיי באַלויכטן. די פאַשיסטן האָבן זיי באַמערקט. זיי זענען אַרונטערגעפאַלן אונטער אַ מערדעריש פייער און האָבן זיך געמוזט צוריקציען. נאָך גוט, וואָס קיינער פון זיי האָט נישט געליטן.

* *
*

13־טער מאי.

באַלד אינדערפרי האָט אַ חבר באַקומען אַ בויך־שוס. נישט קוקנדיק אויף אים, אַז ער איז געשטאָרבן. די פאַשיסטן, זעענדיק, אַז אונדזער ליניע איז פאַרענדיקט, האָבן געעפנט אויף איר אַ שטאַרק אַרטילעריע פייער. איין שראַפּנעל איז אַריינגעפאַלן צו אַ חבר אין זיין גרובן. ער איז געלעגן און געלייענט. ער איז צעריסן געוואָרן אויף שטיקער. דער פאַרלוסט פון די דאָזיקע צוויי חברים האָט געשאַפן ביי אונדז אַ געדריקטע שטימונג. דער דאָזיקער פאַרלוסט טוט באַזונדערס וויי, וואָס די צוויי חברים האָבן גראָד זיך געקליבן נאָכמיטאָג צו פאָרן אויף אַ טאָג קיין מאַדריד.

שטיל פלעכטן מיר אַ קראַנץ פאַר די געפאַלענע. מיר האָבן געטראַכט פון די, וואָס וועלן שוין מער קיינמאָל נישט צוריקקומען צו אונדז...

* *
*

## אַהיים און פון דער היים

פראָנט, 16־טער מאי.

זיי מוחל, וואָס איך האָב דיר שוין אַזוי לאַנג נישט געשריבן. דער באַטאַליאָן און זיינע זאָרגן נעמט צו אַזויפיל צייט, אַז איידער

מען קוקט זיך אום, גייט אַוועק דער טאָג. ווען נישט דו, וואָלט איך אינגאַנצן פאַרגעסן אין דער איבעריקער וועלט. איך פיל זיך אַזוי, ווי איך וואָלט מיין גאַנץ לעבן געווען אויפן פראָנט. איך אינטערעסיר זיך איצט בלויז מיט מיליטערישע פּראָבלעמען, ווי איך וואָלט פון געבוירן אָן געווען אַ מיליטער־מאַן. מיר געפונען זיך נאָך אַלץ אונטער מאַדריד. מיר שיינט, אַז אינקורצן וועט זיך דער אַקטיווער פראָנט איבערוואַרפן ערגעץ אַנדערש. איינס איז פאַר מיר קלאָר, פראַנקאָ וועט מאַדריד נישט נעמען. מיר שיינט, אַז די פאַשיסטן האָבן זיך אויך אין דעם איבער־צייגט. זיי וועלן מסתמא פּרובירן זייער מזל ערגעץ אַנדערש. מיר שיינט, אַז פראַנקאָ וועט אָנגרייפן אויפן צפון, אויפן לאַנד פון די באַסקן און אַסטוריע. דאָרטן זענען מיר צום שוואַכסטן. קאַטאַלאָניע שווייגט נאָך אַלץ. אפשר איצט, ווען עס איז שוין אונטערדריקט געוואָרן דער טראָצ־קיסטישער פּוטש, וועט זיך קאַטאַלאָניע אַ ריר טאָן.

איך דערמאָן זיך, אַז ווען איך בין נאָך געווען אין לאַנד, בין איך אָפטמאָל געווען אומגעדולדיק. אונדז האָט זיך פונדערווייטנס גע־דאַכט, אַז די רעפּובליק דאַרף אַנדערש האַנדלען. איצט זייענדיק אויפן אָרט זע איך, ווי מיר האָבן נישט געקענט די היגע פאַרהעלטענישן, אַז עס איז זייער שווער צו אורטיילן פונדערווייטנס. נישט אַלץ, וואָס עס ווילט זיך, קען מען אַדורכפירן. עס ווירקן דאָ פאַרשידענע כוחות.

אונדזער באַטאַליאָן וואַקסט זיך שנעל פאַנאַנדער. מיר האָבן שוין זעקס קאָמפּאַניעס. אין קורצן וועט מען מסתמא דאַרפן שאַפן אַ פרישן פּוילישן באַטאַליאָן.

מיר האָבן געהאַט אַ גרויסן יום־טוב אין באַטאַליאָן. מיר האָבן באַקומען אַ פאָן פון פּוילן, פון אונדזער פּאַרטיי. עס האָט געהערשט ביי אונדז אַ גרויסע פרייד. דאָס לאַנד געדענקט אין אונדז! מיר האָבן אַרויסגעשיקט אַ מאַניפעסט צום פּוילישן פאָלק. איך בין זיכער, אַז אונדזער קאַמף דאָ וועט צעמענטירן און פאַרשטאַרקן דעם פאָלקס־פראָנט אין פּוילן. מיר האָבן אויך געהאַט דאָ פאַרשטייער פון פּ.פּ.ס. און „בונד“. מיר האָבן זיי זייער וואַרעם אויפגענומען. זיי האָבן צוגע־זאָגט צו פּאָפּולאַריזירן אונדזער קאַמף אין פּוילן, מיר וועלן זען, צי זיי וועלן האַלטן וואָרט?

איך פיל זיך פולשטענדיק געזונט. איך בענק שטאַרק נאָך דיר. שרייב אָפט. מיר אינטערעסירט אַלץ, באַזונדערס וואָס דו טוסט. ווי לעבט זיך דיר? צי זעסטו דודס שוועסטער? דוד שיקט דיר האַרציקע

גרוסן. ער איז געזונט, פילט זיך גוט. ער איז געוואָרן רעדאַקטאָר פון אַ קאָמפּאַניע־צייטונג. אַ וווילער יאַט.

איך קוש דיך

דיין

וולאַדעקי.

*　*
*

וואַרשע, 20־טער מאַי.

מיין האַרציקער.

שוין לאַנג נישט באַקומען פון דיר קיין ידיעה. איך בין שוין אַ ביסל אומרואיק. דו האָסט דאָך צוגעזאָגט צו שרייבן אָפט. איך האָף, אַז מיט דיר איז גאָרנישט געשען. דיין בריוו פון מאַדריד האָט מיך זייער דערפרייט. ווי איך בין דיר מקנא. מיר איז מאַדריד, וועלכע איך האָב קיינמאָל נישט געזען, אַזוי נאָענט און טייער, ווי זי וואָלט געווען מיין שטאָט. ווען איך דערמאָן זיך אין שפּאַניע, ווערן קליין און וואָכעדיק אונדזערע ליידן דאָ. כאָטש זיי זענען נישט אַזעלכע קליינע.

שפּאַניע הייבט אָן אַלץ מער צו פאַראינטערעסירן די אַרבעטער און היגע אינטעליגענץ. עס גייט נישט אַדורך קיין איין פאַרזאַמלונג, וווּ מען זאָל נישט אָננעמען אַ באַגריסונגס־רעזאָלוציע פאַר שפּאַניע. עס ווערט געזאַמלט געלט. נאָר די אַרבעט אַרום שפּאַניע ווערט זייער באַשווערט דורך דער מאַכט.

אונדזער חברה רייסט זיך צו פאָרן. נאָר עס איז זייער שווער. פאַריקע וואָך האָט זיך אַ גרופּע פּעפּעסאָווצעס פון דעם זשאָליבאָזשער ראַיאָן געוואָנדן צום קרייז־קאָמיטעט פון פּ.פּ.ס., אַז מען זאָל זיי שיקן קיין שפּאַניע. די פירער האָבן זיי נישט פריינדלעך אויפגענומען, געגעבן פוילע תרוצים. דאָס האָט אַרויסגערופן אַן אומצופרידנהייט. אייניקע פּעפּעסאָווצעס ווענדן זיך צו אונדז, מיר זאָלן זיי איבערשיקן.

אין אַלע ראַיאָנען זענען אַנטשטאַנען שפּאַנישע הילפס־קאָמיטעטן, באַזונדערס אַקטיוו איז לעצטנס געוואָרן אונדזער אינטעליגענץ. דער ערשטער מאַי איז אַדורך אונטערן צייכן פון שפּאַניע, פון אייגנהייטס־פראָנט. די מאַסע איז געווען אייננהייטלעך. עס האָט געהערשט אַן אויסגע־

צייכנטע קאַמפּס־שטימונג. די אויסרופן פאַר שפּאַניע האָבן גאָרנישט אויפגעהערט.

איך האָב געטראַכט פון דיר און אונדזערע אין שפּאַניע. איך בין געוואָרן אַ קענערין פון דער געאָגראַפיע פון שפּאַניע. איך האָב געקויפט אַ מאַפּע און פאָלג נאָך אייערע קאַמפן.

יענע וואָך האָב איך אַרויסבאַגלייט עטלעכע חברים צו אייך. איך האָב זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן דיך אָפּגעבן אַ גרוס פון מיר. דו וועסט זיי זיכער זען. נעם זיי גוט אויף.

לעצטנס הערשט ביי אונדז זייער אַ געדריקטע שטימונג. עס גייען אַרום פאַרשידענע נישט קאָנטראָלירטע, זייער שלעכטע קלאַנגען, איך וויל זיי נישט איבערחזרן. איך האָב מורא צו טראַכטן פון דעם. עס נעמט אָן אַ גרויל... צי זאָל דאָס זיין אמת? צי איז מעגלעך, אַז די פּראָוואָקאַציע זאָל האָבן אַזוי ווייט אַריינגעדרונגען?...

איך זע זייער אָפט אסתרן. זי איז געוואָרן אַן אקטיוויסטקע. מיר רעדן זייער אָפט מיט איר פון דודן. זי איז אויסגעוואַקסן, נישט צו דערקענען, זי שטאָלצירט מיט איר ברודער. זי האָט מיט עטלעכע טעג צוריק געשריבן. זיין מוטער איז געזונט. זי מיינט אַלץ, אַז דוד געפינט זיך אין פאַריז. עס זאָל נאָר מיט אים גאָר נישט פּאַסירן. פאַר דער אַלטער וואָלט דאָס געווען אַ שרעקלעכער קלאַפּ.

נו, פאַר היינט וועט זיין גענוג. מאָרגן פאָר איך אַרויס אויף עטלעכע וואָכן. שרייב מיר אויפן אַלטן אַדרעס. מען וועט מיר די בריוו איבערשיקן. פון וועג וועל איך דיר שרייבן.

איך קוש דיך, מיין איינציקער,

דיין

יאַדזיעי.

* *
*

שפּיטאָל בעניקאַסין, 25־טער מאַי.

מיין טייערער דוד.

איך געפין זיך שוין דאָ עטלעכע טעג. איך בין אנטציקט פון דער דאָזיקער געגנט. איך האָב גאָר נישט געוווּסט, אַז בעניקאַסין איז אַזוי שיין. אַרום ליגט דער ים. ער ליגט צופוסנס פון אונדזערע ווילֿיעס.

אַמאָל איז דאָ געווען דער רייכסטער קוואַרט פון די שפּאַנישע גראַנדן און בורזשואַזיע. זיי האָבן זיך דאָ אויסגעבויט פּרעכטיקע ווילעס און פאַרברענגט דאָ לאַנגע חדשים. איצט זענען אַלע ווילעס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסן שפּיטאָל, ספּעציעל פאַר די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. די ווילעס האָט מען געגעבן פאַרשידענע נעמען: דימיטראָוו, טעלמאַן, ראָזאַ לוקסעמבורג א. א. איך ליג אין דער טעלמאַן ווילע. עס איז אויך פאַראַן אַ ווילע אויפן נאָמען פון האָמבראָווסקי. עס זענען אויך פאַראַן שפּאַנישע פאַרוווּנדעטע. די באַהאַנדלונג דאָ איז זייער אַ גוטע.

מיין ווונד הייבט זיך אָן ביסלעכוויַיז אויסצוהיילן. צום באַדויערן מוז איך נאָך ליגן און קאָן באַוווּנדערן די שיינע לאַנדשאַפט נאָר פון מיין פענצטער, וואָס גייט אַרויס צום ים. די דאָקטוירים זענען אינטערנאַציאָנאַלע, די קראַנקן-שוועסטער זענען אינטערנאַציאָנאַלע און שפּאַניערינס. די נידעריקע באַדינונג איז אינגאַנצן אַ שפּאַנישע. ווען נישט ברכה, וואָלט איך זיך שוין פאַרליבט דאָ אין אַ שפּאַניערין, זי איז זייער אַ שיינע און איבערגעגעבענע צו אונדז אַלע.

איבערהויפּט אָטעמט בעניקאַסין מיט מעדיצינען, ריינער לופט, ים און... ליבע. אונדזער חברה פאַרליבט זיך גלייך אין די סאַניטאַרינס, אין די באַדינערינס. אַ גאַנצן טאָג הערט מען נאָר געשפּרעכן, ווער אין וועמען עס האָט זיך פאַרליבט. אַפילו אונדזערע שווער פאַרוווּנדעטע קאָנען נישט ביישטיין דעם נסיון. אַ שאָד, וואָס דו ביסט נישט דאָ (איך מיין געזונטערהייט) זיכער וואָלט אַ שפּאַניערין געווונען דיין בהוריש האַרץ.

מיין נישט אָבער, אַז מען פאַרנעמט זיך דאָ בלויז מיט ליבע. עס גייט אויך אָן אַ שיינע קולטור-אַרבעט. עס קומען פאָר רעפעראַטן, מיר באַקומען די ציַיטונגען פון דער גאַנצער וועלט.

מיר זענען דאָ געווען זייער צופרידן פון באַזוך פון דער דעלעגאַציע פון אונדזער באַטאַליאָן. די דעלעגאַטן האָבן אונדז אַלע געבראַכט מתנות, דער עיקר ציגאַרעטן. דאָס געהאַלט, וואָס מיר האָבן באַקומען, איז דער חברה שטאַרק צונוץ געקומען, דערהויפּט די, וועלכע האָבן ליב אַ טרונק צו געבן. מיר האָט אַממערסטן דערפרייט דער לעבעדיקער גרוס פון אייך. עס ווילט זיך שוין ווידער זיין מיט אייך צוזאַמען.

איך האָב דאָ געטראָפן אונדזער געוועזענעם קאָמענדאַנט סטעפאַנסקי. ער איז שוין געזונט און פאָרט מאָרגן אַוועק נאָך אַלבאַציעטע.

איך האָב באַקומען אַ בריוו פון ברכהן. זי ווייסט שוין, אַז איך בין אין שפּאַניע. ווייזט אויס, אַז איר איז געווען אַ ביסל פּאַראַדאָקסיק, איך האָב דאָס אַרויסגעלייענט פון צווישן די שורות. אָבער דירעקט האָט זי מיר גאָרנישט געזאָגט. ס'איז גוט, וואָס מיינע עלטערן האָבן זי גענומען צו זיך.

איך בין מיד און קאָן מער נישט שרייבן,

סאַלוד

## דיין אברהם

* *
*

ירושלים, 25-טער אַפּריל.

טייערער עלישע.

דיין בריוו האָט אונדז זייער דערפרייט און גלייכצייטיק פאַרשאַפט גרויס טרויער. מיר זענען שטאָלץ מיט אונדזערע פּאַלעסטינער אין שפּאַניע. מיר רעדן פיל פון אייך. פאַריקע וואָך איז אָפּגעפאָרן צו אייך יוכבד און בנימין. נאָך אַנדערע קלייבן זיך צו פאָרן. איר זייט דאָ זייער [illegible] געוואָרן. אַפילו אונדזערע קעגנער רעדן פון אייך מיט אָנערקענונג. דו קענסט דאָך אונדזערע פּאַלעסטינער, זיי אימפּאָנירט שטאַרק העלדישקייט און מוט.

מיט ווייטיק האָבן מיר אויפגענומען די ידיעה וועגן טויט פון יהודהן. מיר האָבן זיך לאַנג געוואַקלט, ביז מיר האָבן זיך דעצידירט צו דערציילן פון דעם זיין פאָטער. אויף מיר איז געפאַלן די מיסיע צו דערציילן אים.

איך האָב זיי געטראָפן אַלע אין שטוב. דער אַלטער יחזקאל האָט באַלד דערקענט אין מיין מינע, אַז עפּעס איז געשען. ער איז צוגעגאַנגען האַרט צו מיר און שאַרף געפרעגט:

— וואָס איז מיט מיין יהודהן?

די ווערטער האָבן מיר געשטיקט אין האַלדז. איך האָב געוואָרפן אַ זייטיקן בליק אויף דער אַלטער מאַמען. איך האָב קוים אַרויסגעשטאַמלט:

— יהודה איז העלדיש געפאַלן. מיר זענען שטאָלץ מיט אים!

גרוס האַרציק אַלע אונדזערע יאַטן. מיר פירן דאָ אַדורך אַ גרויסע זאַמלונג פאַר שפּאַניע. מיר פאַרגעסן נישט אין אייך אויף קיין איין מינוט.

האַלט זיך שטאַרק!

דיין

בן אביגדור.

*   *

*

פראָגט, 16־טער מאי.

טייערע זאָשקע.

דיין לעצטן בריוו באַקומען. גיב איבער מיין האַרציקן דאַנק די חברים פאַר זייער גרוס. דאָס איז גוט, עס גיט צו מוט.

איך בין זייער צופרידן, וואָס דו האָסט ענדלעך באַקומען אַרבעט. עס זאָל נאָר לאַנג דויערן. ווען מיר זיי רואיק. איך פיל זיך זייער גוט. איך בין געזונט, איך דין אין אַ קוילנוואַרפער־אָפּטיילונג. אַלע יאַטן זענען צוגעקליבענע, איינס און איינס. איך האָב זיך זייער גוט מיט זיי איינגעלעבט. אָ, ווען איך וואָלט זיך געקאָנט פילן אַזוי פריי, ווי אַמאָל... ווי גליקלעך איך וואָלט געווען.

איך האָב דאָ געטראָפן זייער פיל אַלטע חברים. זיי איז באַקאַנט מיין פאַרטיי־לאַגע. זיי רעדן נישט מיט מיר פון דעם. דאָס איז פאַר מיר נאָך ערגער.

אין אַלבאַציעטע האָב איך געערעדט וועגן דעם מיט פאַראַנטוואָרט־לעכע חברים. זיי האָבן צוגעזאָגט איבערצושיקן מיין ענין אין צ. ק. צוגעזאָגט אונטערצושטיצן מיין ביטע. אפשר וועט שוין איצט נעמען אַ סוף צו מיינע לײדן.

זאָשקע טייערע, ווי דאָס מאַטערט און פייניקט. איך פיל זיך אַלס קאָמוניסט, דאָס געפיל וועט מיר קיינער נישט צונעמען. מיט טויזנטער פעדעם בין איך פאַרבונדן מיט דער פּאַרטיי. דאָך בין איך מחוץ למחנה. איך באַשולדיק נישט קיינעם אין מיין לאַגע. איך וויים, איך בין אַליין שולדיק. אַ קאָמוניסט דאַרף זיך נישט וואַקלען. באַזונדערס האָב איך דאָס פאַרשטאַנען אין שפּאַניע. דערפאַר מוט עס נאָך שטאַרקער וויי.

זעכצן יאָר בין איך געווען אין דער פּאַרטיי. וואָס בין איך דען

אויסער אירע רייען? גאָר נישט. די חברים באַציען זיך גוט צו מיר, אָבער איך קאָן זיך נישט באַרואיקן און וועל נישט רוען, ביז איך וועל נישט ווערן צוריק אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי.

דאָ איז שפּאַניע האָב איך זיך נאָך מער איבערצייגט ווי געפערלעך עס זענען די טראָצקיסטן. דער באַרצעלאָנער פּוטש זייערער איז געווען אַ מעסער אין רוקן פון דער פאָלקס־רעפּובליק. אָבער איך בין דאָך קיינ־מאָל קיין טראָצקיסט נישט געווען. איך בין נאָר אַ קורצע צייט גע־גאַנגען צוזאַמען מיט דער אָפּאָזיציע, וועלכע האָט זיך שפּעטער אַרויס־געוויזן אַלס טראָצקיסטישע. מיין שולד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס איך האָב זיך נישט גלייך געכאַפּט, אַז זיי זענען טראָצקיסטן.

זאָשקע, ווי טייער מיר צאָלן פאַר אונדזערע פעלערן.

מיר זענען אויף קורצער אָפּרו. נעכטן האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ צו־זאַמענטרעף מיט דער באַפעלקערונג. דאָס איז געווען אַן אמתער יום־טוב. נאָכמיטאָג האָבן מיר צוזאַמענגענומען אַלע קינדער פון דאָרף, גע־טיילט זיי שאָקאָלאַד, צוקערלעך און שפּילצייג, וואָס מיר האָבן איינגע־קויפט אין מאַדריד. די קינדער זענען געווען גליקלעך.

אונדזערע יאַטן זענען געווען נאָך מער צופרידן. ספּעציעל פילבאַר זענען געווען די יעניקע, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט קינדער אין דער היים. די קינדער פילן תיכף אָפּ די באַזונדערע צערטלעכקייט, לאָזנדיק זיך פּיעשטשען. אַלטע, באַוואַקסענע דאָמבראָווסטשאַקעס, פון וועמען עס האָט זיך נאָך געפילט דער רויך פון פולווער, האָבן געטאַנצט און געפרייט זיך צוזאַמען מיט די קליינע קינדער. דאָס איז געווען אַ וווּנדער־באַר, רירנד בילד.

אין אָוונט האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ געמיינזאַמע פאַרווייַלונג מיט דער דערוואַקסענער באַפעלקערונג. עס איז געקומען דאָס גאַנצע דאָרף מיטן אַלקאַזאָ *. מען האָט געטרונקען, געזונגען צוזאַמען שפּאַנישע פּוי־לישע און אוקראַינישע לידער, געטאַנצט, דערציילט פון פּוילן, פון שפּאַ־ניע. עס איז געווען אַן אמתע פאַרברידערונג.

אונדזער יוגנט איז געווען אַ ביסל אומצופרידן, וואָס די שפּאַנישע מיידלעך — אַלע אַזעלכע שיינע — ווילן נישט טאַנצן מיט זיי. דאָס שפּאַנישע מיידל טאַנצט נאָר מיט איר חתן. טאַנצן מיט אַ פרעמדן הייסט קאָמפּראָמיטירן זיך. אין דאָרף ווערן נאָך שטאַרק אָפּגעהיט די

* בירגערמייסטער

אַלטע טראַדיציעס און מנהגים. אונדזערע דאַן־זשואַנען האָבן נעבעך געמוזט זיך אונטערגעבן. די מיידלעך האָבן געטאַנצט איינע מיט די צווייטע, אונדזערע האָבן אויך געטאַנצט איינער מיטן צווייטן, קלאָגנדיק זיך, אַז זיי עסן ברויט מיט ברויט. דאָס האָט אָבער נישט געשטערט דער אַלגעמיינער גוטער שטימונג.

היינט האָב איך מיט נאָך אַ חבר געמאַכט אַ ווייטן שפּאַציר אין די בערג. ווי שיין שפּאַניע איז! אַזאַ וווּנדערבאַר לאַנד, אַזויפיל זון. ליכטיקייט, בלויקייט און גרינס. עס איז דער שענסטער פרילינג, וועלכן איך האָב אין מיין לעבן געזען. די ערד, די ביימער, די בערג, אַלץ אָטעמט מיט פרילינג. שמעקט און בליט. מאַלעריש זענען דאָ די דערפער, וועלכע ליגן צופוסנס פון די בערג. דער דריי־אייזל שפּאַן, דער פויער מיט זיין צוויי־רעדער וואָגן און די גלעקלעך אויף דעם האַלדז פון אייזל, ווי אין טיפן מיטלאַלטער. שיין און הארמאָניש זענען די שפּאַנישע לידער. אַ שאָד, וואָס איך קען נאָך נישט קיין שפּאַניש.

וואָס הערט זיך איצט אין וואַרשע?

איך קוש דיך שטאַרק. דיך, מיין איינציקע, וועלכע איז מיר געבליבן געטריי אין מיינע שווערסטע מינוטן, וועלכע האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו גלויבן אין מיר.

דיין,

וואלט.

* *

*

פּראָנט, 27־טער מאי.

ליבער פראַנעק.

איך האָב דיר ביז איצט נישט געשריבן, ווייל איך האָב געוואָלט זיכער זיין, אַז מיינע בריוו זאָלן דערגיין צו דיר... איצט האָב איך שוין איינגעשטעלט די נייטיקע ליניע. איך וויל נישט דו זאָלסט שרייבן דירעקט, דו וועסט שרייבן קיין פּאַריז, אויף דעם אַדרעס, וואָס איך גיב דיר אָן; זיי ווידער וועלן שוין מיר איבערשיקן דיינע בריוו. און דאָס זעלבע מיט מיינע בריוו צו דיר. ס'וועט געדויערן עטוואָס לענגער, אָבער דערפאַר זיכערער.

איך פיל זיך גוט, בין געזונט, מיינע אַלע האָפענונגען זענען דער־פילט געוואָרן. איך בין אין פוילישן באַטאַליאָן, בין שוין געוואָרן סער־זשאַנט. מיר פילן זיך אַלע, ווי איין גרויסע משפחה. אין אונדזער באַ־טאַליאָן איז פאַרטראָטן גאַנץ פוילן: פּאָליאַקן, אוקראַינער, ווייסרוסן און יידן; אַרבעטער, פויערים און אינטעליגענטן.

צווישן אונדז הערשט דאָ די אמתע איינהייט. איינער פאַר אַלע, אַלע פאַר איינעם. ווען ביי אונדז אין פוילן וואָלט געהערשט איינהייט, וואָלטן מיר שוין לאַנג אַ סוף געמאַכט מיט דער סאַנאַציע. איך בין דאָ צוזאַמען מיט קאָמוניסטן.

צום ערשטן מאי האָבן מיר, דאָמבראָוושטשאַקעס, אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צום פּוילישן פאָלק, איך שיק אים דיר איבער.

ביי אונדז שמועסט מען שטאַרק, אַז עס גרייט זיך ביי אייך אַן אַלגעמיינער שטרייק פון די פויערים. איך בין נייגעריק צו וויסן, צי איז ער שוין פאָרגעקומען.

די פאַשיסטן רופן אונדז „די רויטע טייוואָלאָנים", זיי האָבן מורא פאַר אונדז. דאָרטן, וו עס קעמפן די דאָמבראָוושטשאַקעס, וואַרפן זיי זייערע בעסטע קרעפטן. פראַנקאָ האָט דאָ אַהערגעבראַכט ווילדע מאַראָ־קאַנער, די באַנדיטן פון פרעמדן לעגיאָן, איטאַליענער און דייטשן. דאָס שפּאַנישע פאָלק איז מיט דער רעפּובליק.

איך בין דאָ געווען אין אַ דאָרף. די פויערים האָבן מיך אַרומגע־רינגלט און זיך אינטערעסירט מיטן לעבן פון די פויערים ביי אונדז אין פוילן. זייער יוגנט איז אַוועק אויפן פראָנט, פעלט איצט אויפן דאָרף אַרבעטס־הענט. מיר האָבן אין דער צייט פון אָפּרו געהאָלפן זיי ביי אַ טייל פעלד־אַרבעטן. די פויערים זענען געווען גערירט און בײַשט גע־ווסט מיט וואָס אונדז אָפּצודאַנקען.

צי ווייסטו אפשר, וואָס עס הערט זיך ביי מאַרישקען? שיק איר איבער אַ גרוס פון מיר. זאָל זי מיר דורך דיר אָנשרייבן אַ פּאָר ווערטער. שרייב מיר פון אַלץ, וואָס עס הערט זיך ביי אייך. אַ האַרציקן גרוס דיין מאַמען.

סאַלוד און וויקטאָריאַ

דיין זבישעק.

* *
*

מאַדריד. 29־טער מאַי.

טייערע באַשקע און יחיאל:

איך געפין זיך שוין זייט עטלעכע טעג אין מאַדרידער שפּיטאָל אויף ערהאָלונג. די צווייטע וואָך פאָר איך צוריק אין באַטאַליאָן.

אין שפּיטאָל האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט נעענטער זיך צו באַקענען מיט די שפּאַנישע פּאַרהעלטעגישן. דער שפּאַניער איז פון דער נאַטור אַן ענטוזיאַסט. איך האָב דאָ אַ סך זאַכן אָנגעהויבן אַנדערש צו פאַרשטיין. ביז גישט לאַנג צוריק האָב איך, ווי אַלע בונדיסטן אין לאַנד געהאַלטן די קאָמוניסטן פאַר די צעברעכער פון דער איינהייט פון אַרבעטער־קלאַס. דאָ האָב איך געענדערט מיין מיינונג. די מערהייט פון מיינע נייע פריינד זענען קאָמוניסטן, און זיי זענען די איינציקע, וועלכע זענען שטאָל און אייזן פאַר דער איינהייט. צום אָנהייב האָב איך זיך געפילט אַ ביסל אומבאַקוועם. אָבער איצט האָבן זיך איינגעשטעלט די בעסטע באַציונגען, חברישע. זיי זענען אמתע קעמפער, וועלכע זענען גרייט יעדע מינוט צו שטאַרבן פאַר דער פרייהייט פון שפּאַניע. אמת, עס הערשט נאָך ביי זיי געגוג סעקטאַנטישקייט, אומצוטרוי צו אַנדערע אַרבעטער־פאַרטייען. אָבער צו איז אַלץ אין אָרדענונג ביי אונדז, ביי די סאָציאַ־ליסטישע פאַרטייען? צי איז אַמאָל נישט דער סאָציאַליסטישער אָפּאָר־טוניזם די מוטער פון קאָמוניסטישן סעקטאַנטיזם?

מיר טוט זייער וויי, וואָס אונדזערע חברים קומען כמעט נישט דאָ אַהער. איך האָב זיך דאָ זייער גוט צוזאַמענגעלעבט מיט די פּאָליאַקן. די מערהייט איז פון פראַנקרייך. אַ טייערער עלעמענט. קיין נאַציאָנאַלע רייבונגען זענען נישט פאַראַן.

מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען מיר איבערגעשיקט אין שפּיטאָל די נאָמינאַציע אויף סערזשאַנט. דער באַטאַליאָן האָט געדענקט אין מיר, כאָטש איך בין נישט איצט אויפן פראָנט. דאָס האָט מיך טיף גערירט. מיר גייט נישט אין דער ראַנגע. איך בין נישט געקומען קיין שפּאַניע נאָך שליפעס. עס האָט מיך אָבער שטאַרק דערפרייט די אויסצייכענונג, דאָס געדענקען אין מיר, דאָס נישט מאַכן קיין אונטערשיד.

איך וואַרט שוין אויפן אויסשרייבן מיך פון שפּיטאָל.

שרייבט חברים. איך בין דאָ ווי אַלע אָפּגעריסן פון לאַנד. די „פאָלקס צייטונג" קומט דאָ אָן נישט רעגולער. וואָס הערט זיך ביי

אייך? וואָס הערט זיך אין פּאַריין? ווי פאַרברענגט איר אייער צייט, צי קלייבט איר זיך ערגעץ אַרויסצופאָרן אויף זומער?

איך גרוס אייך און אַלע חברים

אייער

# רובין

* * *

פּראָגט. 5-טער יוני.

מיין טייערער אברהם:

דיין בריוו באַקומען. ער האָט מיך זייער דערפרייט. אַז דו קענסט שוין שרייבן איז גוט. איך האָף, אַז דו וועסט שנעל געזונט ווערן. איך בין לעצטנס זייער פאַרנומען. איך שלאָף זייער ווייניק. איך בין רעדאַק-טאָר פון דער צייטונג פון דער זעקסטער קאָמפּאַניע. אונדזער צייטונג גייט אַרויס אָפט. אַלע ליבן זי. אַנטאָן העלפט אונדז צו זייער אַ סך. ער איז נישט לאַנג צוריק געקומען אין באַטאַליאָן. ער האָט תיכף גע-וואונען אויטאָריטעט און צוטרוי. מען רעכנט זיך זייער שטאַרק מיט אים. ער איז גלייך געוואָרן קאָמיסאַר פון אונדזער קאָמפּאַניע. איך האַלט אים פאַרן בעסטן און פעיקסטן קאָמיסאַר ביי אונדז. פיל שטאַרקער פון קאָמיסאַר פון באַטאַליאָן, וועלכער האָט זיך אָפּגעזונדערט ווי אַ גרויסער „פירער" פון די מאַסן און מען זעט אים קיינמאָל נישט. איך האַלט נישט פון אַזעלכע קאָמיסאַרן.

די יאַטן זענען זייער צופרידן מיט אַנטאָנען. דער — זאָגן זיי — איז אַן אייגענער. עס זענען צוגעקומען אַ סך פרישע יאַטן. עס זענען אויך פאַראַן עטלעכע באַקאַנטע פון וואַרשע. עס איז דאָ פאַראַן וואָלט. ער האַלט זיך זייער גוט, נאָר גייט אַרום שטענדיק טרויעריק. איך וואָלט געוואָלט, אַז זיין פּאַרטיי-ענין זאָל וואָס שנעלער דערליידיקט ווערן. אַלע דאָ האַלטן מיר, אַז ער האָט שוין גענוג געליטן. נאָר צום באַדויערן איז עס נישט אָפּהענגיק פון אונדז.

מיטן אָנקום פון אַנטאָנען און דער מיטהילף פון וולאַדעקן הייבט זיך אָן אויפצובויען די פּאַרטיי-אַרבעט, וועלכע איז ביז לעצטנס געווען גענצלעך פאַרנאַכלעסיקט. איך האָב שוין פריער — ווי דו ווייסט — נישט איינמאָל גערעדט פון דעם. אַלע זענען דאָ אָרגאַניזירט, די שפּאַני-

שע קאָמוניסטן, סאָציאַליסטן, די אַנאַרכיסטן, נאָר אין אונדזער באַטאַליאָן איז דאָס געווען שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט. האָבן מיר דאָך רעכט ווי אַנדערע צו זיין אָרגאַניזירט אין אַ קעמערל, פאַרשטייט זיך, אַלס טייל פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון שפּאַניע. איצט האָט זיך די דאָזיקע פראַגע אַ ביסל גערירט פון איר טויטן פּונקט. איך האַלט עס פאַר זייער וויכטיק.

דער ביישפּיל בראָנעק איז דער בעסטער באַוויז, ווי נייטיק עס איז די אָרגאַניזירונג פון אונדזערע אייגענע מענטשן. דער דאָזיקער פאַרשוין האָט אונדז קאָמפּראָמיטירט. שוין ביי אַראַגאַנדאַ, ווי דיר איז באַוווסט, האָט ער דעזערטירט. ער האָט דעמלט באַקומען אַ לייכטע שטראָף. ער האָט צוגעזאָגט זיך אויסצובעסערן. מיט צוויי וואָכן צוריק האָט ער מיט נאָך איינעם ווידער אַמאָל דעזערטירט. די יאַטן זאָגן, אַז ער איז אַנטלאָפן קיין פראַנקרייך. אַ פאַרשיווייעץ!

די יאַטן פרעגן זיך אָפּט נאָך דיר. באַזונדערס זבישעק. ער האָט דיך זייער שטאַרק ליב. קיין גרויסע פאַרלוסטן האָבן מיר לעצטנס נישט געהאַט. וואַצעק איז שוין צוריקגעקומען. פול מיט הומאָר ווי תמיד.

איך האָב באַקומען אַ בריוו פון אסתרן. די מאַמע מיינט, אַז איך בין אין פּאַריז. איך שיק איר פונדאַנען בריוו, געצייכנטע פּאַריז.

עס איז שוין שפּעט. איך מוז נאָך שרייבן אַן אַרטיקל פאַר דער צייטונג.

ווער שנעל געזונט. האַלט זיך און פאַרבייט נישט אַזוי שנעל ברכהן אויף דיין שפּאַניערין. אויף איר וועט זיך שוין מסתמא עמעצער אַנדערש מרחם זיין.

סאַלוד אי וויקטאָריאַ.

דיין

דוד.

* *

*

מאַדרידער פראָנט. 1=טער יוני.

ליבער פראַנעק!

איך קום תיכף נאָך דיין בקשה, וואָס דו האָסט מיר איבערגעשיקט דורך מערין און שרייב דיר. איך בין זייער צופרידן, וואָס מערי אַר=

בעט אונטער דיין אָנפירונג. איך וואָלט געוואָלט הערן דיין מיינונג וועגן איר.

דו ווילסט וויסן, וואָס עס הערט זיך אין שפּאַניע און ביי אונדז. איך ווייס באמת נישט, פון וואָס אָנצוהייבן. איך פאַרשטיי, אַז אייך אינ־טערעסירט שטאַרק דער רעגירונגס־קריזיס אין שפּאַניע. איך שטעל זיך פאָר, ווי אונדזערע קעגנער האָבן אויפגעהויבן אַ ויצעקו. דאָ איז דער קריזיס שוין פאַרביי.

דאָס ווייטערדיקע בלייבן ביי דער מאַכט פון לאַרגאָ קאַבאַלעראָ האָט געדראָט מיט אַ קאַטאַסטראָפע, מיטן פאַרשפּילן דעם קריג און ממילא די רעוואָלוציע. די מערהייט פון די סאָציאַליסטן, די פירער פון די אַנאַרכיסטן זענען געווען קעגן לאַרגאָ קאַבאַלעראָ, פּונקט ווי מיר. זיי האָבן זיך שנעל איבערצייגט, צו וואָס זיין פערזענלעכע אַמביציע קאָן דערפירן. ער האָט זיך געהאַלטן אומצוטריטלעך. ער האָט זיך באַ־טראַכט פאַר אַ זשעני, אַלס אַן אַלץ־ווייסער, אַלץ־קענער. ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט פאַרעטערישע גענעראַלן, אַרויסווייזנדיק צו זיי אומ־באַגרענעצטן צוטרוי. ער איז געווען טויב און בלינד, נישט געזען זייער כסדרדיקן פאַראַט.

לאַרגאָ קאַבאַלעראָ האָט זיך באַטראַכט פאַר אַ מיליטערישן ספּעציאַ־ליסט, נישט האָבנדיק קיין אַנונג אין מיליטערישע ענינים. לעצטנס האָט ער זיך אָנגעהויבן אויפצופירן ווי אַ זעלבסטהערשער. דאָס האָט אַרויס־גערופן צו אים די גרעסטע אָפּאָזיציע פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי גופא, פון נעגרינען א. א.

די לעגענדע פון קאַבאַלעראָס לינקייט איז שוין פון לאַנג אויסגע־רונען. דאָס ווייסן שוין איצט אַלע דאָ. אַ לינקער און דערלאָזט נישט אויסבילדן אַן איינהייטלעכע אַרמיי. אַ לינקער, וואָס האָט מורא פאַר יעדן שאָטן. ניין! דאָס איז נישט געווען אַ לינקער טוער. ער האָט זיך איינגאַנצן פאַרגעסן און געפירט די רעפּובליק צום אָפּגרונט.

דער פאָלקס־פראָנט אין שפּאַניע איז נישט געבראָכן. פאַרקערט, ער איז נאָך קיינמאָל נישט אַזוי שטאַרק געווען ווי איצט, אַזוי אייניק און צעמענטירט. עס איז מעגלעך, אַז קאַבאַלעראָ און זיינע אָנהענגער זאָלן אָנהייבן אַ קאַמף קעגן דער רעגירונג. ער שטיצט זיך אויף די שפּיצן פון אַ טייל פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען, איך גלייב אָבער נישט, אַז ער זאָל באַווייזן עפּעס ממשותדיקס אויפצוטאָן. די מאַסן וועלן

מיט אים נישט גיין. דער פּאום * איז קאָמפּראָמיטירט און צעשמעטערט אַלס פּאַרטיי.

דאָס וויכטיקסטע פּראָבלעם איז די באַציונג צו די אַנאַרכיסטן. זיי זענען נאָך אַלץ אַ מעכטיקער כּוח. זיי זענען באַזונדער שטאַרק אין אַראַגאָן און קאַטאַלאָניע, האָבן זייער גרויסע איינפלוסן אין אַסטוריע און אין אַנדערע ערטער. זיי האָבן שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע. אָבער עס איז שוין איצט זייער שווער צו רעדן פון די אַנאַרכיסטן, נישט אונטערשטרייכנדיק דערביי די אידעאָלאָגישע ענדערונגען, וועלכע זיי האָבן לעצטנס אַדורכגעמאַכט. ביסלעכווייז הייבן אָן זייערע פאַראַנטוואָרטלעכע טוער צו ענדערן זייער באַציונג צו דער אַרמיי. די מערהייט אַנאַרכיסטן איז שוין דערפאַר, אַז מען דאַרף שאַפן אַ רעגולערע איינהייטלעכע אַרמיי. זיי אָנערקענען איצט, אַז דער קאַמף קעגן פאַשיזם איז דאָס וויכטיקסטע פּראָבלעם, וואָס שטייט פאַרן שפּאַנישן פאָלק. זיי האָבן אַ סך געענדערט זייער ניהיליסטישע באַציונג צום פּראָבלעם מלוכה, פון וואָס זיי האָבן פריער נישט געוואָלט הערן. זיי אָנערקענען שוין איצט, אַז אין קאַמף קעגן פאַשיזם דאַרף מען האָבן אַ צענטראַליזירטע שטאַרקע מאַכט. עס האָט זיך געשאַפן די באַזע פאַר צוזאַמענאַרבעט.

אָבער אין די אונטערשטע אַנאַרכיסטישע רינגען איז ווייט נישט אַלץ אין אָרדענונג. אין זייערע רייען האָבן זיך אַריינבאַקומען נישט קאָנטראָלירטע עלעמענטן, אַגענטן פון פראַנקאָ. זיי זוכן, וואָס אַן אמת, אומעטום זיך אַריינצובאַקומען, נאָר אַמלייכטסטן קומט עס זיי אָן ביי די אַנאַרכיסטן, ווו עס עקזיסטירט נישט קיין קאָנטראָל, ווו יעדער דעמאַגאָג, וואָס וואַרפט עטלעכע רעוואָלוציאָנערע פראַזן, ווערט גלייך אָנגענומען. די דאָזיקע עלעמענטן, דעקנדיק זיך מיט דער אַנאַרכיסטישער פאָן, טוען אומגעשטערט זייער פאַרעטערישע אַרבעט.

טייל גרופּן, וועלכע רופן זיך אַנאַרכיסטן און האָבן באמת מיט אַנאַרכיזם גאָרנישט צו טאָן, טוען אָפּ שעדלעכע טאַטן אין אַראַגאָן. זיי האָבן דאָרטן צוזאַמען מיט די פּאומיסטן, וועלכע פילן זיך גוט נאָר אין אַזאַ געזעלשאַפט, פאַראַליזירט און פונאַנדערגעלייגט דעם פראָנט. אונטער אולטראַרעוואָלוציאָנערע פראַזן, טעראָריזירן זיי די אָרטיקע פּויערים, צווינגענדיק זיי צו קאָלעקטיוויזאַציע, קעגן דעם ווילן פון די פּויערים. אַזוי ארום האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ טייל פון די פּויערים קעגן

* טראָצקיסטישע אָרגאַניזאַציע.

דעו׳ רעפּובליק. די דאָזיקע ווילדע מעשים האָבן שוין צו טייער געקאָסט
דעו׳ רעפּובליק. נישט איין מפּלה האָבן מיר צו פאַרדאַנקען די דאָזיקע
עלעמענטן.

איצט טרעט צו דער פאָלקס=פראָנט און די רעגירונג ענערגיש צו
ליקווידירן די דאָזיקע ווילדע מעשים. וואָס שנעלער עס וועט געשען,
אַלץ בעסער וועט זיין. דאָס דאָזיקע פּראָבלעם ווערט באַשווערט מיט
דעו׳ אומפאַרשטענדלעכער האַנדלונג פון די סאָציאַליסטן לגבי די אַנאַר=
כיסטן. די סאָציאַליסטן ווילן נישט הערן פון ענגער צוזאַמענאַרבעט
מיט די אַנאַרכיסטן, פון אַריינציען זיי אין דער רעגירונג. זיי דראָען
דערביי מיט דער דימיסיע פון זייערע מיניסטאָרן. עס דערמאָנט מיך
אַביסל אין די צווישן=פּאַרטייאישע באַציונגען ביי אונדז אין פּוילן. פּאַרטיי=
אַמביציע, אַלטע חשבונות, פאָראורטיילן פאַרשטעלן אָפּטמאָל די וויכ=
טיקסטע פּראָבלעמען, שטערן דער פאַרווירקלעכונג פון דער אמתער אייג=
הייט. דאָס איז, לויט מיין מיינונג, איינע פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען.
וואָס שנעלער זיי וועלן געלעזט ווערן, אַלץ שנעלער וועט געווינען ווערן
דעו׳ קריג.

מיר קענען דאָ זייער אַ סך לערנען אין דער פּויערים=פראַגע. דאָ
זענען די פעאָדאַלע איבערבלייבענישן נאָך געווען פיל שטאַרקער ווי ביי
אונדז. דאָ האָט די קירכע אַלס ווירטשאַפטלעכער פאַקטאָר געשפּילט
זייער אַ גרויסע ראָל. דער קלער האָט פאַרמאָגט די גרעסטע פּריצים, באַנ=
קירן און וווכערניקעס. פונדאַנען נעמט זיך די שנאה פון פאָלק צום
קלער. דערפון האָט זיך גענומען דאָס פאַרברענען אַזוי פיל קלויסטערס
אין אָנהייב פון דער רעוואָלוציע.

דער פּריץ פלעגט פאַרפּאַכטן קליינע שטיקלעך ערד צו הונדערטער
פּויערים. דער דאָרפס=פּראָלעטאַריאַט איז דאָ זייער אַ גרויסער. האָט
נישט קיין ערד, איז אָרעם ווי די נאַכט, אָפּגעשטאַנען, בונטאַריש און
אומגעדולדיק.

די עיקרדיקע רעוואָלוציע איז דאָ פאָרגעקומען אויפן געביט פון
אַגראַר=וועזן. די גאַנצע ערד פון די פּריצים און פון קלויסטער איז אַוועק=
געגעבן געוואָרן די פּויערים און לאַנד=אַרבעטער, לאָזנדיק פאַר זיי פריי
דעם אויסוואַל פון קאָלעקטיוויזאַציע אָדער אינדיווידועלע באַאַרבעטונג.
דאָס איז געווען דער איינציקער ריכטיקער אויסוועג. דער פּויער האָט באַ=
קומען ערד, ער ווייסט איצט, פאַר וואָס ער קעמפט.

שווער איז דאָס פּראָבלעם פֿון נאַציאָנאַליזירן די קריגס-אינדוסטריע. די פֿאַרשידענע פֿאַריינען ווילן נישט אַרויסלאָזן פֿון זייערע הענט די מאַכט, וואָס די רעוואָלוציע האָט זיי געגעבן. דאָס דעזאָרגאַניזירט דיווירטשאַפֿט, פֿאַרערגערט די לאַגע פֿון די אַרבעטער, רופֿט אַרויס אַ נישט געזונטע קאָנקורענץ צווישן איין פֿאַבריק און דער צווייטער.

די פֿאָלקס-אַרמיי וואַקסט און שטאַרקט זיך כסדר. זי האָט אָבער צו לעזן עטלעכע וויכטיקע פּראָבלעמען. קודם כל דאָס פּראָבלעם פֿון קאַדרען. די מערהייט פֿון אָפֿיצירן-קאָרפּוס איז אויף דער זייט פֿון פֿראַנקאָ. אונדזערע אָפֿיצירן, קינדער פֿון פֿאָלק דאַרף מען נאָך אַ סך לערנען. עס פֿעלן אונדז נאָך געניטע, פֿעיקע אָנפֿירער. מיר האָבן זייער ווייניק געווער און אַמוניציע. אין דער דאָזיקער הינזיכט שטייגט אונדז פֿיל איבער דער שונא. ווען נישט דער האַטנפֿאַרבאַנד, וועלכער שטיצט די רעפּובליק, וואָלט דאָס פֿאָלק נישט געהאַט מיט וואָס זיך צו פֿאַרטיידיקן.

אַלע פֿאָדערן איצט אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע.

די קאָמיסאַרן אין דער אַרמיי שפּילן אַ גרויסע ראָל. זיי זענען געוואָרן דער מוח און דאָס געוויסן פֿון דער אַרמיי, איר גרעסטע שטויסקראַפֿט. דער קאָמיסאַר איז דער פֿאַרטרעטער פֿון פֿאָלקס-פֿראָנט אין דער אַרמיי. צום באַדויערן, קוקן פֿיל זייער קרום אויף דער וואַקסנדיקער ראָל פֿון קאָמיסאַר. מען קען דערוואַרטן אינקורצן אַן אַטאַקע אויף זיי.

וואָס שייך די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס, גלויב איך, אַז ווען זיי זענט איר אַמבעסטן אינפֿאָרמירט. זיי דאַרף מען נישט לויבן און אַגיטירן פֿאַר זיי. זיי האָבן זיך מיט זייער בלוט און העראָיזם דערוואָרבן רום.

איך בין אויפֿן פֿראָנט נישט לאַנג. איך בין געוואָרן קאָמיסאַר פֿון אַ קאָמפּאַניע. קאָמענדאַנט פֿון אונדזער קאָמפּאַניע איז חבר גראַטשעוו, דאָס איז אַ באַוווסטער פֿויערים-טוער פֿון פּוילן. ער מאַכט זייער אַ גוטן איינדרוק.

צעשריבן זיך מיין טייערער. פֿאַרגעסן, אַז איך געפֿון זיך אויפֿן פֿראָנט, אויס געוווינהייט אָנגעשריבן אַ גאַנץ פּאָליטיש אַרטיקל. ווי דו זעסט, קען איך זיך נישט באַפֿרייען פֿון אַלטע געוווינהייטן.

שרייב, וואָס עס הערט זיך ביי אייך. עס ווילט זיך וויסן פֿון אַלץ. דאָס איז נייטיק, כדי צו קענען אינפֿאָרמירן די יאַטן. פֿון דער פּרעסע קען מען זייער ווינציק געוואָר ווערן, וואָס עס טוט זיך באמת אין לאַנד, אויסער דעם קומט זי אָן זייער נישט רעגולער.

איך דרוק פעסט דיין האַנט.
גרוס האַרציק אַלע חברים.

סאַלוד.

דיין
אַנטאָן.

* *
*

ליבע מערי.

גיב איבער דעם דאָזיקן בריוו פראַנעקן. אין די נאָענטסטע טעג וועל איך דיר אָנשרייבן.

איך בענק זייער שטאַרק נאָך דיר, טראַכט פון דיר. שרייב אָפט. יעדער בריוו דיינער פאַרשאַפט מיר גרויסע פרייד.

דיין
אַנטאָן.

* *
*

וואַרשע, דעם 20־טן מאַי.

מיין ליבער ברודער:

איך בין געווען גליקלעך, ווען איך האָב באַקומען דיין בריוו. די מאַמע האָט זיך זייער דערפרייט. זי מיינט נאָך אַלץ, אַז דו ביסט אין פּאַריז. מיר האָבן אויך פון פּאַריז באַקומען צוגעשיקט אַ ביסל געלט.

איך בין געווען בייז אויף דיר, פאַרוואָס דו האָסט באַהאַלטן פאַר מיר דיין אַפּפּאָר. צי האָסטו גישט קיין צוטרוי צו מיר?

די מאַמע בענקט שטאַרק נאָך דיר. זי דערמאָנט דיך יעדן טאָג. זי האָט — זאָגט זי — איין פאַרלאַנג, צו זען דיך נאָך אַמאָל. זי איז אַזאַ ווילע, אונדזער מאַמע.

איך אַרבעט אין אַ פאַבריק, זאָרג נישט וועגן אונדז. מיר וועלן, ווי עס אַדורכקומען. איך האָב זיך זייער באַפריינדעט מיט יאַדזיען. איך אַרבעט געזעלשאַפטלעך, בין דערפון זייער צופרידן. איך טרעף זיך מיט דיינע פריינד, זיי לאָזן דיך האַרציק גרוסן.

נעכטן איז ביי אונדז געווען פּאָליציי. זיך געפרעגט אויף דיר.

כ׳מיין, אַז דאָס איז בלויז אַן אויסרייד, זיי ווייסן מסתמא, ווו דו ביסט. וואָס־זשע זענען זיי געקומען?

שרייב אָפט, גרוס פון מיר האַרציק אומבאַקאַנט וולאַדעקן .איך האָב אַזוי פיל געהערט פון יאַדזיען וועגן אים.

די מאמע קושט דיך און לאָזט דיך האַרציק גריסן.

דיין שוועסטער

אסתר.

* *

*

פראַנט. 30־טער מאַי.

טייערע קרישע.

דיין לעצטן בריוו באַקומען.

דו פרעגסט וועגן מיינע איינדרוקן פון פראַנט. איך האָב דיר שוין איינמאָל געשריבן. די לעצטע טעג זענען מיר אויף אָפּרו. מיר געפונען זיך אין דאָרף פּ...

דאָס מאָל האָט מען באַשלאָסן נישט איינצואָרדענען זיך אין די הייזער פון דאָרף, נאָר אין די שטיינערנע היילן צעפוסנס פון די בערג. עס איז געווען א זייער קלוגער באַפעל. שוין דעם ערשטן טאָג פון אונדזער אָנקומען אין דאָרף האָבן אונדז די „יונקערס" שטאַרק באָמבאַרדירט. זיי האָבן אָבער גאָרנישט געקענט אויפטאָן קעגן אונדזערע שטיינערנע היילן.

מיר פאַרברענגען שוין אַזוי עטלעכע טעג אין די שטיינערנע היילן. דאָס לעבן דאָ פליסט נאָרמאַל, ווי אין אַ קאַזאַרמע. מען מושטרירט, מע לייענט. מען דערציילט זיך מעשיות. מיר באַזוכן אָפט דאָס דאָרף. איך רעדאַגיר אַ קאָמפּאַניע־צייטונג. אַז זי וועט זיין פאַרטיק, וועל איך זי דיר צושיקן.

אָנגענעם זענען דאָ די אָוונטן, וואַרעמע. מען קען זיצן אין דרויסן, קוקן אויפן טיפן בלויען הימל, חלומען פון פוילן, פון וואַרשע און פון אַ טייער האַרציק מיידל, וועלכע רופט זיך קרישע און איז טיילמאָל צו שטרענג צו איר אַליעקן.

שרייב אָפט,

דיין

אַליעק.

* *
*

15־טער מאי.

מיין טייערער אַנטאָן:

באַקומען דיין בריוו, אַזויפיל פרייד האָט ער מיר פאַרשאַפט. שוין אַזאַ לאַנגע צייט, ווי איך האָב דיך נישט געזען.

די טעג גייען אַוועק אין אַרבעט. די אַרבעט איז אַזאַ אינטערע־סאַנטע, אַז מען פאַרגעסט אין אַלץ. עס רעדט זיך אָבער בלויז אַזוי... אויף איין סעקונדע פאַרגעס איך נישט אין דיר.

מיר האָבן דאָ אַ שיינעם פרילינג. מסתמא איז ביי אייך אין שפּאַ־ניע דער פרילינג שענער. איך האָב אין דער אוניווערסיטעטס־ביבליאָטעק אויפגעזוכט אַלטע בילדער און ביכער פון שפּאַניע. איך קוק אין זיי אַריין. די חברים האַלטן מיך שוין פאַר אַ גאַנצע ספּעציאַליסטין אין שפּאַנישע ענינים. איך לערן זיך אויך שפּאַניש.

איך האָף, אַז מיר וועלן זיך טרעפן אין שפּאַניע. מיר אַלע דאָ גלייבן אין אייער נצחון. אומעטום רעדט מען פון אייך. אויפן אוניווער־סיטעט האָט זיך געשאַפן אַ גרופּע, וועלכע זאַמלט געלט פאַר שפּאַניע. איך בין אויך אַ מיטגליד פון דער גרופּע.

פאַריקע וואָך האָט מען אַרעסטירט צוויי אָנגעזעענע חברים. פראַנעק האָט זיך קוים געראַטעוועט. ווי עס ווערט נאָר איינגעשטעלט ערגעץ די אַרבעט, ווערט זי גלייך פאַרשיט. די חברים זענען זייער אומרואיק. מיר שיינט, אַז פון מיר ווייסט נאָך נישט די דעפע.*

צי דאַרפסטו מיין טייערער געלט? איך האָב גענוג און וואָלט דיר מיט פאַרגעניגן געשיקט.

איך קוש דיינע ליכטיקע אויגן..

דיין

מערי.

* *
*

*) דעפענסיווע.

19־טער מאַי.

מיין טייערע, איינציקע:

איך שרייב דיר לעצטנס ווייניק. זיי מוחל. מיר זענען זייער פאַר־גומען. דאָס פעקל פון די פאַריזער חברים באַקומען. די מיצקעוויטשאַ־נער האָבן זיך זייער דערפרייט און דאַנקען אייך זייער פאַרן געדענקען אין אונדז.

מיר האָבן לעצטנס אַדורכגעמאַכט זייער שווערע קאַמפן, געהאַט גרויסע פאַרלוסטן. מיר האָבן פאַרלוירן כמעט די גאַנצע אָנפירונג. מיר האָבן אָבער אָפּגעהאַלטן אַ נצחון. די פאַשיסטן האָבן געמוזט אָפּטרעטן. מיר האָבן שנעל באַזעצט אַלע ערטער מיט פרישע מענטשן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

21־טער מאַי.

איך האָב אייערגעכטן גישט באַוויזן צו ענדיקן דעם בריוו. אינמיטן שרייבן האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל צו אַטאַקירן. מיר זענען ווידער געגאַנגען פאָרויס. זוכנדיק דעם שונא. ער איז אַנטלאָפן פאַר אונדז. מיר האָבן זיך צעוואָרפן אין פאַרשידענע ריכטונגען. זוכנדיק אים אין די באַרג־עפּענונגען.

אַרויפקלעטערנדיק אויף אַ הויכן באַרג, האָבן מיר פון ווייטנס דער־זען קליינע ווייסע הייזלעך. פלוצים האָבן מיר באַקומען פון די הייזער זייער אַ שטאַרק פייער. זיי זענען געווען שטאַרקער פאַר אונדז, און מיר האָבן זיך געמוזט צוריקציען. די מאַראָקאַנער, מיינענדיק, אַז מיר האָבן זיך פאַרלוירן, האָבן זיך געוואָרפן אונדז אַטאַקירן. מיר האָבן זיך שנעל פאַרבאַריקאַדירט צווישן די איילבירטן־ביימער, דער באַטאַליאָן טשאַפּאַיעוו האָט געאיילט מיט הילף. אָבער איידער דער באַטאַליאָן איז אָנגעקומען, האָבן מיר מיט אייגענע כוחות אָפּגעשלאָגן דעם אַטאַק.

אַ געוויסע צייט איז געווען שטיל. מיר האָבן אויסגענוצט די צייט און זיך אַרומגעגראָבן, פאַרפעסטיקנדיק די נייע פּאָזיציעס. אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָבן מיר דערהערט, ווי די פאַשיסטן באַקומען פאַרשטאַרקונגען. מיר האָבן אַוועקגעשטעלט אויפן שכנותדיקן באַרג אַ חבר מיט אַן אַנטיטאַנק־אַרמאַט. ווי ער האָט נאָר באַמערקט דאָס

אָנקומען פון די פּאַשיסטן, האָט ער זיי אָנגעהויבן גלייך צו באַשיסן. דער שונא האָט געהאַט פאַרלוסטן.

איצט איז אַ ביסל שטיל. מיר וואַרטן.

מען רעדט ביי אונדז דערפון, אַז מיר זאָלן זיך אינקורצן פאַר־אייניקן מיט די איבעריקע פּאָליאַקן און שאַפן אַ פּוילישע בריגאַדע. אונדזערע יאַטן האָבן אויפגענומען די דאָזיקע ידיעה מיט באַגייסטערונג. אַן אייגענע בריגאַדע! דעמלט וועלן מיר ערשט ווייזן די פאַשיסטן, וואָס פּאָליאַקן קענען.

גרים האַרציק אַלע פּאַריזער חברים. זאָג זיי, אַז איך געדענק תמיד אין זיי. וואָס מאַכט אונדזער טעכטערל? קוש איר אויס יעדן אבר.

איך נעם אייך ביידע אַרום און קוש אייך שטאַרק

דיין

אַנטעק.

*　　*

*

פּראָגט, 16טער יוני.

מיין טייערע גישאַ:

שוין לאַנג דיר נישט געשריבן. איך האָב לעצטנס אַ סך אַרבעט. איך בין געוואָרן דער ווירטשאַפטלעכער פון אונדזער קאָמפּאַניע. מען דאַרף זאָרגן פאַר אַלע יאַטן. פאַרן עסן, קליידונג, ציגאַרעטן, טרינקען א. ד. גל. איך פיל זיך זייער גוט. איך בין שוין אַן אַלטער סאָלדאַט, זיך גוט איינגעלעבט מיט אַלע יאַטן. איך האָב אַ סך פריינד צווישן די פּאָליאַקן און יידן.

פאַראַן דאָ אַ סך פּאַלעסטינער, זיי זענען פונאַנדערגעוואָרפן אין אַלע קאָמפּאַניעס. אין דער פרייער צייט טרעפן מיר זיך, שמועסן.

עטלעכע חברים זענען אומגעקומען. צבי איז שווער פאַרוווּנדעט גע־וואָרן אין פוס. מען האָט אים געמוזט אויפן אָרט אַמפּוטירן. אַ שאָד אַזאַ געזונטער בחור. איצט אַ קאַליקע.

איך בענק נאָך אונדזער חוהקעלע. ווי איך זע נאָר אַ קינד צערטל איך עס, דערמאָן איך זיך אין חוהקעלען. אונדזער מיידעלע רעדט שוין מסתמא. וואָס פאַראַ ווערטער האָט עס זיך שוין אויסגעלערנט?

ווי גייט עס דיר מיין האַרציקע? צי האָסטו אַרבעט?

ביי אונדז איז די שטימונג אַ גוטע. אין לאַנד פון די באַסקן איז שלעכט. די פאַשיסטן רוקן זיך דאָרטן אַלץ פאָרויס. אָ, ווען מען זאָל אונדז דאָרטן איבערוואַרפן! צום באַדויערן, קען מען נישט.

צווישן די יידישע חברים ווערט דיסקוטירט די פראַגע פון שאַפן אַ יידישע מיליטערישע איינהייט. עס זענען פאַראַן אָנהענגער און קעגנער. די אָפיציעלע אינסטאַנצן שווייגן דערוויילע. מיר שיינט, אַז די אָנהענגער האָבן רעכט. עס איז נישט אַזוי נייטיק פאַר שפאַניע. אַ יידישע איינהייט וואָלט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג פאַר אויסלאַנד, פאַר דער יידישער וועלט ווי פאַר דער נישט־יידישער. דאָס וואָלט געהויבן דעם אָנזען פון דער יידישער דעמאָקראַטיע, וואָלט געווען דער סימבאָל פון קאַמף פון די יידישע פאָלקס־מאַסן קעגן פאַשיזם.

איך האָב געהערט, אז אין אַלבאַצעטע טרעטן צו די חברים ארויסצוגעבן אַ יידישע צייטונג. אַ געזונטער איינפאַל. עס איז פאַראַן וועגן אַזוי פיל צו שרייבן. אַזוי פיל צו דערציילן.

קוש האַרציק אונדזער חוהקעלע.

זיי מיר האַרציק געגריסט און געקושט,

דיין

עלישע.

# 13. קרישעס טאָג־בוך

צווייטער אַפּריל.

נעכטן איז אָפּגעפּאָרן אָליעק אויפֿן פּראָנט. די לעצטע טעג זענען געווען זייער שווערע פֿאַר אונדז ביידען. אָליעק האָט מיר גאָרנישט געזאָגט. נאָר איך האָב געפֿילט, אַז ער האָט פֿאַרדרוס אויף מיר, פֿאַרוואָס איך האָב אַזוי קאַלטבלוטיק אויפֿגענומען די ידיעה פֿון זיין אָפּפֿאָר. ער איז זייער אַמביציעז.

ווי שווער איז אָפּטמאָל דאָס צוזאַמענלעבן פֿון מענטשן. עס פֿאָדערט זיך פֿאַרזיכטיקייט, איידלקייט, נישט אָנצורירן דעם צווייטנס אָנגעווייטיק־טע סטרונעס נישט תמיד קען מען עס אין לעבן אדורכפֿירן, איז דאָך אוממעגלעך צו זיין שטענדיק אָנגעשטרענגט.

אָליעק, ווי פֿילבאַר ער זאָל נישט זיין, האָט מיך ווייניק פֿאַרשטאַנען. ער האָט, שיינט מיר, געהאַלטן, אַז איך דאַרף פֿילן און טראַכטן ווי ער.

איצט איז מיר אַ ביסל אומעטיק. איך האָב זיך שוין אַזוי צוגעוווינט צו אים. ער איז געווען אַזאַ גוטער צו מיר. באַזונדערס די לעצטע טעג. ווי פֿילט ער זיך איצט אין באַטאַליאָן? ווי אַזוי האָט מען אים דאָרטן אויפֿגענומען? וואַצעק האָט אים נישט ליב. ווי וועלן די אַנדערע זיך באַציען צו אים. איך וואָלט זייער געוואָלט, אַז אָליעק זאָל זיך פֿילן גוט אין באַטאַליאָן, אים איז נייטיק וואַרעמקייט.

* *
*

פֿערטער אַפּריל.

באַקומען היינט דעם ערשטן בריוו פֿון דער היים. זיי מאַכן מיר נישט קיין שום פֿאָרוווּרף, פֿאַרוואָס איך האָב נישט געזאָגט, אַז איך פֿאָר קיין שפּאַניע. זיי גיבן מיר נאָר דיסקרעט אָנצוהערן, אַז זיי זענען

געווען זייער אומרואיק פון מיין פאַרפאַלן ווערן. די מאַמע בעט, אַז איך זאָל איר שרייבן אָפט. זי בעט, אַז איך זאָל וואָס שנעלער אַוועקפאָרן פון שפּאַניע. אָרעמע מאַמע! זי לייגט מיר פאָר צו שטודירן אין פּאַריז. דער טאַטע איז איינגעהאַלטן אין זיינע עטלעכע קורצע ווערטער. אין זיי האָב איך אָפּגעפילט דעם גאַנצן ווייטיק און צער זיינעם, פאַרוואָס איך בין אַוועק.

מאָדנע באַציונגען האָבן זיך איצט איינגעשטעלט צווישן מיר און מיין פאַמיליע. איך שרייב זיי ווייניק פון זיך. איך באַשרייב שפּאַניע, לויב די רעפּובליק, קריטיקיר פראַנקאָ און דעם פאַשיזם. דאָס מוז זיי שטאַרק נישט געפעלן. זיי מאַכן זיך נישט וויסנדיק וועגן דעם. זיי ווילן ווייטער אָנהאַלטן מיט מיר די באַציונגען אַלס טאָכטער און שוועסטער. זיי דער־מאָנען אין זייער בריוו פון דער היים און פאַמיליע.

מיר דוכט זיך, אַז עס זענען שוין פאַרביי יאָרן, זינט איך בין אַוועק פון דער היים. ווי ווייט זיי אַלע זענען פון דער היגער ווירקלעכקייט.

*　　*
*

ניינטער אַפּריל.

דער פרילינג דאָ איז אַ וואונדערבאַרער. אַזויפיל זון. איך האָב באַ־זונדערס ליב די שפּאַנישע נעכט. שטילע, צאַרטע, פאַרבענקטע. אַזאַ שטילקייט פון דער נאַכט האָב איך קיינמאָל נישט אָפּגעפילט אין פּוילן.

היינט איז וואַצעק אַוועקגעפאָרן. ער איז געווען פרייליך און צו־פרידן, וואָס ער פאָרט שוין ענדלעך צוריק אין באַטאַליאָן. עס איז מיר געווען אַ גרויסער שאָד זיין אָפּפאָר. מיר האָבן לעצטנס פיל פאַרבראַכט צוזאַמען. זייער אָפט פלעגט קומען אַנטאָן, יאַנעק, וואָס איז נישט לאַנג צוריק געקומען קיין שפּאַניע. עס האָט זיך דאָ געשאַפן אַן ענגער, גוט איינגעלעבטער קרייז פון פּאָליאַקן. איך האָב זיך געפילט זייער גוט אין דער דאָזיקער סביבה. תמיד האָט מען גערעדט פון פּוילן, פון אונדזער באַטאַליאָן.

ביי אַנטאָנען איז אַלץ קלאָר און פאַרשטענדלעך. הערנדיק אים, הערט מען אויף צו צווייפלען. וואַצעק איז געווען זיין קאָנטראַסט, אימפּולסיוו, אומגעדולדיק. נאָר אַנדערש איז יאַנעק. ער איז קלוג און אפשר איז ער גאָר כיטרע, פעיק, נאָר האַלט צופיל פון זיך, באַטראַכט זיך אַליין פאַר אַ גרויסן מענטש, צי איז ער עס טאַקע? איך קען אים נאָך ווייניק, אַז

איך זאָל קענען וועגן דעם אורטיילן. אַלנפאַלס געפעלט מיר נישט, ווען אַ מענטש וויל יענעם איינרעדן, אַז ער איז גרויס, דאָס דאַרף דער צווייטער אַליין אָפּפילן.

אַנטאָן קלייבט זיך אויך די טעג אָפּצופאָרן. פאַר מיר וועט דאָס זיין אַ גרויסער פאַרלוסט. איך האָב מורא, אַז מיט זיין אָפּפאָר וועט עפּעס צעשטערט ווערן. דאָ בייטן זיך אַזוי שנעל די מענטשן. מען באַווייזט נישט זיך צוגעוווינען צו עמעצן, ווי ער פאַרשווינדט גלייך פון האָריזאָנט.

לעצטנס האָב איך אָנגעהויבן אין דער פרייער צייט צוצוהעלפן אַנטאָנען און יאַנעקן איבערשרייבן אויף דער מאַשין נייטיקע דאָקומענטן אָדער מאַכן איבערזעצונגען פון פראַנצויזיש אויף פויליש. מיר איז דאָס געווען זייער אָנגענעם. עס ווילט זיך עפּעס טאָן פאַר פוילן.

וואַצעק האָט זיך מיט מיר האַרציק געזעגנט. צוגעזאָגט צו באַמיען זיך, אַז איך זאָל אַריבערגיין פון שפּיטאָל אין דער בריגאַדע אויפן פראָנט. איך וואָלט אַזוי געוואָלט זיין אין אונדזער באַטאַליאָן, צוזאַמען מיט אונדזערע. אַלס שוועסטער קאָן איך דאָך אויך דאָרטן צונוץ קומען. אַנטאָן, הערנדיק וואַצעקס צוזאָג, האָט זיך קאַטעגאָריש אַרויסגעזאָגט קעגן.

— וואָלט איר געווען אַן אַנדערע, וואָלט מיר נישט געאַרט, צי איר פאָרט אויפן פראָנט אָדער נישט. דער פראָנט האָט זיך זיינע זיטן. מענטשן באַגעגענען זיך יעדן טאָג מיטן טויט. זיי ווערן פאַרגרעבט, זיי זענען אָפּטמאָל ברוטאַל. אַ סך פון זיי האָבן צום באַדויערן זייער נישט קיין גוטע באַציונג צו פרויען. איר זייט נישט צוגעפּאַסט צום פראָנט. בלייבט בעסער דאָ.

איך קאָן נישט מיט דעם מסכים זיין. איך האָב זיך אָנגעהערט פון פראָנט, פון דער טעטיקייט דאָרט פון די סאַניטאַרינס. עס איז ריכטיק, אַז עס הערשט דאָרטן אַ געוויסע צעלאָזנקייט, טייל שוועסטער פירן זיך דאָרטן אויף נישט ווי געהעריק. אָבער — דאָס שיינט מיר — איז נישט די שולד פון די חברים, נאָר פון אונדז גופא. עס ווענדט זיך, ווי יעדע איינע פון אונדז האַלט זיך. איך בין זיכער, אַז צו מיר וואָלט די באַציאונג געווען אַ קאָרעקטע און אַן אָנשטענדיקע. איך האָב נישט רעזיגנירט פון פאָרן אויפן פראָנט. אַנטאָן איז דאָסמאָל נישט גערעכט.

* *
*

11=טער אַפּריל.

איך האָב זיך לעצטנס שטאַרק צוגעבונדן צו דאָלאָרעסן. זי איז אַ ווײל און האַרציק מיידל. זי איז פרימיטיוו אין אירע געפילן, באַזיצט אָבער אַ וואונדערבאַרע איינגעבוירענע אינטעליגענץ, גרויסע פעיקייטן. ווען מען זאָל דאָס מיידל לערנען, וואָלט פון איר אויסגעוואַקסן אַ נוצלעכער מענטש. מיט עטלעכע טעג צוריק איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון פערסאָנאַל פון שפּיטאָל, עס זענען אָנוועזנד געווען די פאַרוואונדעטע. דאָלאָרעס איז אַרויסגעטרעטן. זי איז אַ גלענצנדע רעדנערין. זי האָט גערעדט מיט אַזאַ פייער און ברען, אַז ביי אַ טייל פון אונדזערע האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן.

דערביי איז דאָלאָרעס אַ גוטע און נאַיווע. זי גלייבט יעדן. זי טיילט די מענטשן אין צוויי קאַטעגאָריעס, פאַשיסטן און אַנטיפאַשיסטן. פאַשיסטן האַסט זי מיטן גאַנצן פייער פון איר נשמה. אַנטיפאַשיסטן דאַקעגן זענען אַלע ביי איר האַרציקע און גוטע מענטשן, זי קאָן זיך נישט פאָרשטעלן, אַז אַן אַנטיפאַשיסט זאָל קאָנען זאָגן ליגן, זאָל זיין שלעכט.

איך האָב אָנגעהויבן זי צו לערנען שרייבן און לייענען שפּאַניש. זי מאַכט גרויסע פאָרשריטן. ווי פעיק די שפּאַניערינס זענען. נאָר צו איינס קאָן איך זיך נישט צוגעוווינען. אויסער דאָלאָרעס וווינען מיט מיר דריי שפּאַניערינס. זיי האָבן זיך נישט ליב צו וואַשן. וויפיל איך אַגיטיר זיי נישט, העלפט נישט. אין דער פרי שטייען זיי אָפּ ביים שפּיגל זייער לאַנג, קעמענדיק און שמירנדיק די האָר. דערביי האָבן זיי אַזעלכע ערנסטע מינעס, ווי די פרומע ביים דאַווענען. נאָכדעם פאַרנעמט ביי זיי אַ סך צייט די שמינקע און דאָס פאַרבן דאָס געזיכט, די אויגן. אָפּגעפאַרטיקט זיך מיטן קאָפּ, נעצן זיי אויף שנעל איין אַ האַנטוך, גיבן מיט דעם אַ פיר איבערן געזיכט און פאַרטיק, זיי זענען שוין אָפּגעוואַשן.

לעצטנס גייט אַרום דאָלאָרעס אַ צעטומלטע. זי האָט זיך מיר אָנפאַרטרויט. מיט אַ וואָך צוריק האָט מען געבראַכט צו אונדז אין שפּיטאָל אַ לייכט פאַרוואונדעטן דייטש. ער איז מיר גלייך פון אָנהייב נישט געפעלן. ער איז זייער אַ שיינער אָבער אַ לייכטזיניקער, ער געהערט צו יענע מענער, וועלכע מיינען, אַז די פרויען זענען באַשאַפן געוואָרן נאָר פאַר זייערע פאַרגעניגנס. ער האָט אָנגעהויבן גלייך צו פאַרדרייען דעם קאָפּ דאָלאָרעסן, דערקלערט זיך איר אין ליבע, וויל מיט איר חתונה האָבן. דאָלאָרעס איז פאַרליבט אין אים איבער די אויערן. זי וואַרט שוין מיט אומגעדולד אויפן טאָג פון זייער רעגיסטראַציע.

מיר געפעלט דאָס נישט. איך האָב זי פּרובירט אָפּרעדן, וואָרענען. זי האָט מיך אויסגעהערט צעשטרייט, מיט אַן אָפּוועזנדיקן בליק. איך זע, אַז מיין וואָרענען וועט נישט העלפן. אַ שאָד מיר דאָלאָרעס, זי איז נאָך כמעט אַ קינד. אַזאַ געשיכטע קאָן זי נאָך אינגאַנצן צוזאַמענברעכן.

ביי אונדז אין שפּיטאָל איז פאַראַן אַ דאָקטאָר, ער הייסט פּראַנץ, ער איז אַ גוטער ספּעציאַליסט. צו די קראַנקע באַציט ער זיך גוט. ביי דער אַרבעט האָב איך אים גערן. אָבער זיין באַציונג צו פרויען איז אַ לייכטזיניקע, מיך שטויסט דאָס אָפּ פון אים. עס קאָן זיין, אַז מען וועט אויף מיר זאָגן, אַז איך בין אַ קליינבירגערין, זאָל מען זאָגן. עס איז נישט אַזוי.

אַ לאַנגע צייט האָט ער געפלירטעוועט מיט דער שוועסטער גער־מרודע. איך ווייס נישט, וואָס עס איז צווישן זיי געשען. געווויר ווערנ־דיק, אַז אָליעק איז אַוועקגעפאָרן, האָט ער אָנגעהויבן אויפן צווייטן טאָג מיט מיר צו פלירטעווען, דערקלערן זיך אין ליבע. איך האָב אים שאַרף אָפּגעהאַקט. אַזאַ האַנדלונג באַליידיקט, איז נישט אָנשטענדיק. עס איז מיר אַ שאָד, איך וואָלט געוואָלט ווייטער אַרבעטן מיט אים, מען קאָן זיך ביי אים אַ סך לערנען, אָבער איך וועל מוזן אַריבערגיין אין אַן אַנ־דער זאַל.

* *
*

12־טער אַפּריל.

עס איז מיר היינט זייער אומעטיק. די אַרבעט קלעפּט זיך נישט. אַנ־טאָן איז היינט אָפּגעפאָרן. ער איז געקומען זיך געזעגענען. ער האָט מיט־געבראַכט מיט זיך יאַנעקן און געבעטן מיך, איך זאָל אים צוהעלפן אין דער פרייער צייט. איך האָב עס מיט פאַרגעניגן אָנגענומען. איך וויל נישט ווערן אָפּגעריסן פון די פּאָליאַקן. איך הייב אָן מורא צו האָבן פאַר ענדערונגען. ווידער פרישע מענטשן. איך האָב אַנטאָנען נישט אָפּט גע־זען, נאָר אַלע דאָ האָבן מיר געפילט, אַז ער בינדט אונדז צוזאַמען. צי וועט יאַנעק באַוויזן צו פאַרנעמען זיין אָרט?

מיך פייניקט די גאַנצע צייט אַ מאָדנע געפיל. אַלע באַציען זיך זייער גוט צו מיר. חבריש. נאָר מיר דאַכט זיך, אַז מען האָט נישט צו מיר דעם פולן צוטרוי, אַז מיין אָפּשטאַם רופט אַרויס פאָרבאַהאַלט. אָפטמאָל

פלעגן חברים פירן געשפּרעכן וועגן אַפּשטאַם. פון די דאָזיקע געשפּרעכן איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אַזעלכע ווי איך רופן אַרויס אומצופרוי. עס קאָן זיין, אַז עס איז ריכטיק. אָבער וואָס בין איך שולדיק.

איך האָב שוין עטלעכע מאָל געקליבן זיך צו רעדן וועגן דעם מיט אַנטאָנען, נאָר איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט די דרייסטקייט דערצו. איך האָב עפּעס מורא געהאַט פאַר זיין ענטפער. איצט איז מיר די דאָזיקע געלעגנהייט פאַרביי. מיט יאַנעקן וועל איך פון דעם זיכער נישט רעדן.

פון אַליעקן האָב איך נאָך נישט באַקומען קיין בריוו. ער האָט צוגעזאָגט תיכף צו שרייבן. וואָס איז מיט אים?

* *
*

15־טער אַפּריל.

איך בין נעכטן געווען אויף דער סטאַציע, ווען עס איז אָנגעקומען אַ פרישער טראַנספּאָרט פרייוויליקע. איך האָב זיך דערמאָנט אין מיין אייגן אָנקומען. דער זעלבער ענטוזיאַזם, די זעלבע האָפערדיקע געזינגמער, געזונטע, מוטיקע חברה. די מוזיק האָט געשפּילט דעם שפּאַנישן הימן און דעם אינטערנאַציאָנאַל. די באַפעלקערונג האָט וואַרעם אויפגענומען די פרישע קעמפער סאַלוטירנדיק. זיי האָבן מאַרשירט אויף דער גאַס צו פיר אין אַ ריי. שטאָלץ און זיכער. איך האָב זיך דערמאָנט אין די, וועלכע זענען צוזאַמען מיט מיר געקומען. טייל פון זיי לעבט שוין נישט מער.

עס איז גוט, וואָס די מערהייט פאַרוואונדעטע אין אונדזער שפּיטאָל האָט לייכטע וואונדן. די שווער פאַרוואונדעטע מאַכן תמיד אַ שווערן איינדרוק. נעכטן איז ווידער געשטאָרבן אין מיין זאַל אַ שווער פאַרוואונדעטער, אַ שפּאַניער. ער האָט זיך זייער געמאַטערט. די לונגען זענען געווען ביי אים אַדורכגעשאָסן, ער האָט נישט געהאַט מיט וואָס צו אָטעמען, אויסערדעם, האָט אים אַ שפּליטער אָפּגעריסן אַ שטיק פלייש פון דער רעכטער זייט. ער איז די גאַנצע צייט געווען האָפענונגסלאָז. ער האָט אַזוי געוואָלט לעבן! זיינע אויגן האָבן זיך אַזוי געבעטן ביי מיר. איך האָב זיך נישט געקאָנט באַהערשן און, אַוועקגייענדיק פון אים, האָב איך זיך צעוויינט.

דער שפּיטאָל איז שרעקלעכער און גרויזאַמער ווי דאָס שלאַכט־פעלד. דאָרטן קעמפן מענטשן, און דאָ זענען זיי אומבאַהאָלפן, אומבאַוועגלעך, לעבן כסדר מיט שרעק און האָפענונג. וואָס איין שאָס קאָן פון אַ מענטשן מאַכן...

אין מיין זאַל געפינט זיך איצט אַ זייער אינטערעסאַנטער פּאַציענט. דאָס איז אַ יידישער בחור, וועלכער איז שוין געווען כמעט אויף דער גאַנצער וועלט. ער איז געבוירן געוואָרן אין פּוילן, לאַנג געלעבט אין פראַנקרייך, געווען אין פּאַלעסטינע, איצט קומט ער פון אַמעריקע. ער שטאַמט אַליין פון אַ זייער רייך הויז. יונגערהייט האָט ער פאַרלאָזט די היים. אַוועק קיין פּאַלעסטינע אַלס הייסער ציוניסט און דאָרטן געוואָרן אַ קאָמוניסט. שפּעטער פאָרט ער קיין אַמעריקע. האָט זיך נישט שלעכט איינגעאָרדנט. באַקענט זיך מיט אַ מיידל, חתונה געהאַט מיט איר. אָבער אינגיכן פאַרלאָזט ער זיין יונג ווייבל און קומט קיין שפּאַניע. ער האָט באַקומען אַ שאָס אין רעכטן אָרעם, עס קאָן זיין, אַז מען וועט אים מוזן אַמפּוטירן די רעכטע האַנט. ער איז אָבער תמיד פריילעך. ער האָט נישט ליב צו רעדן פון זיינע יסורים.

ער האָט מיר געוויזן דאָס בילד פון זיין פרוי. אַ שיינע, אַ טיפּישע אַמעריקאַנערין, אַזעלכע בילדער טרעפט מען אָפט אין די אַמעריקאַנער אילוסטרירטע זשורנאַלן. ער האָט מיר איבערזעצט דעם בריוו, וואָס ער האָט באַקומען פון איר. זי ווייסט נאָך נישט, אַז ער איז פאַרוואונדעט.

איך האָב ליב באַקומען אונדזערע פאַרוואונדעטע. אמת, פאַראַן קאַפּריזנע, וועלכע האָבן ליב צו פּייניקן די שוועסטער, פאַראַן אַזעלכע, וועלכע באַהאַנדלען גראָב די באַדינונג. איך בין זיי דאָס מוחל. זיי זענען געווען אויפן פראָנט. זיי האָבן געזען דעם טויט פאַר די אויגן. זייערע נערוון זענען צעפּייניקט פון יסורים.

איך וויים נאָר איינס, אַז ביי מענטשלעכער באַהאַנדלונג ווערט דער גרעבסטער פון זיי ווייך און צוריק מענטשלעך, אַז דאָס איז אָפּהענגיק פון אונדז. מען טאָר נישט טאָן קיין האַלבע אַרבעט. נאָר פאַרבאַנדאַזשירן וונדן. מען דאַרף זיין אַן אמתע שוועסטער צו זיי. דאָס איז אונדזער אויפגאַבע.

אין פּוילישן ביוראָ אַרבעט איצט אַ פרישער רעדאַקטאָר, טאַדאָס. איך האָב זיך היינט באַקענט מיט אים. ער האָט אויף מיר געמאַכט אַ גוטן איינדרוק. ער איז אַ דאַרער, שווער באַוועגלעכער, ער האָט גוטע אויגן, קורצזיכטיקע און העלע, קוקן זיי אויף יעדן פריינדלעך דורך די

גרויסע ברילן. ער מאכט בכלל אַן איינדרוק פון אַ דערוואַקסן קינד, וואָס האָט ליב, אַז מען זאָל עס אַ פּיעשטשע געבן, געבן אים וואַרעמקייט. ער איז אַן אינטעליגענט. איך ווייס נאָך ווייניק וועגן אים. איך האָב אָבער דעם איינדרוק, אַז דער דאָזיקער מענטש לעבט איבער אַ שווערע טראַגעדיע. איך ווייס אַליין נישט, פאַרוואָס איך טראַכט אַזוי. ער האָט מיך געבעטן אים צוהעלפן, ווען איך וועל האָבן צייט. איך וועל עס גערן טאָן. איך פיל, אַז מיט דעם דאָזיקן מענטש וועלן מיר זיך גוט צוזאַמענלעבן, אַז מיר וועלן ווערן פריינד.

איך זע אָפט יאַנעקן. איך קאָן זיך נישט באַפרייען פון מיין ערשטן איינדרוק וועגן אים. ער איז אַ פעיקער מענטש, אַ גוטער רעדנער, איך האָב בייגעוווינט אַ מיטינג, וו ער איז אַרויסגעטראָטן, ער האָט אויפגעטרייסלט דעם עולם. מען האַלט דאָ זייער פון אים. איך נעם אים נישט ערנסט. אַנטאָן איז געוועזן זייער באַשיידן. געטאָן אַלץ זאַכלעך און שטיל. יאַנעק אָבער רייסט מיט זיך וועלטן, טומלט, אַלץ מוז זיך אַרום אים דרייען.

איך העלף יאַנעקן מיט וואָס איך קאָן נאָר. שרייב אויף דער מאַשין. איך בין אַזויאַרום אין קורס פון לעבן פון די פּאָליאַקן. ווייס מיט וואָס עס אָטעמען און לעבן אונדזעריקע.

* * *

21־טער אַפּריל.

אין די פרייע אָוונטן פאַרברענג איך זייער גוט. נישט אָפּגערעדטערהייט האָט זיך שוין איינגעשטעלט, אַז נאָכן אָוונט־ברויט טרעפן זיך די פּאָליאַקן אויף אַ באַנק אין פּאַרק. יאַנעק, טאַראַס, האַלינאַ, גרין, בערנאַרד, אַדאַש, קאַראָל א. א. עס קומען אויך די לייכט פאַרוווּנדעטע. דאָ ווערט מען געוווּיר אַלע נייעסן. מען שפּאַצירט צוזאַמען. מע שמועסט, מע גייט צוזאַמען אין קינאָ, אין אַ קאַפע, אין טעאַטער. אַלע קענען שוין די פּוילישע גרופּע. זוכט עמעצער די פּאָליאַקן, ווייזט מען אים אָן אויף אונדזער באַנק, אַז דאָ וועט מען אונדז געפינען.

די דאָזיקע שעהן גיבן מיר זייער פיל. זיי זענען מיר געוואָרן נייטיק. אַ מאָדנעם איינדרוק מאַכט אויף מיר האַלינאַ. איך האָב פאַר איר גרויס רעספּעקט. דאָס איז אַ גוטע חברטע. זי איז לאַנג געזעסן אין

תפיסה, זייער אַן ערנסטע. איך האָב זיך באַמיט צו דערנענטערן צו איר. אָבער זי איז קאַלט און פאַרשלאָסן, איך ווייס נישט פאַרוואָס. איך האָב נישט ליב אַזעלכע מענטשן, פאַרשלאָסענע.

גאַנץ אַנדערש איז טאַראַס, מיט אים האָב איך זיך זייער באַפרײַנ־דעט. ער איז אָפנהאַרציק. מיר שיינט, אַז דער דאָזיקער מענטש קען קיינמאָל נישט האַלטן קיין סוד. אַלע זיינע איבערלעבענישן שפּילן זיך מאָמענטאַל אָפּ אויף זיין געזיכט.

קאַראָל איז זייער אַן ערנסטער מענטש. ער האָט אַ סך וויסן, איז קלוג. איך ווייס גאָרנישט פון זיין פאַרגאַנגענהייט. ער איז זייער קאָנ־ספּיראַטיוו און רעדט גאָרנישט פון זיך. ער פאַרנעמט דאָ אַ וויכטיקן פּאָסטן. מיר געפעלט נישט ביי אים איין זאַך, זיין אומצוטרוי צו מענטשן.

*　*
*

25־טער אַפּריל.

איך האָב היינט באַקומען דעם ערשטן בריוו פון אַליעקן. זיין בריוו האָט מיך דערפרייט. ער שרייבט, אַז מען האָט אים גוט אויפגענומען, אַז ער האָט שוין אָנטייל־גענומען אין אַ שלאַכט.

עס איז ערשט דריי וואָכן, ווי ער איז אַוועקגעפאָרן, און מיר שיינט, אַז איך האָב אים שוין יאָרן נישט געזען. סוף כל סוף איז ער דער נאָ־ענטסטער מיר מענטש דאָ.

אין מיין פענצטער שיינט אַריין רחבותדיק די זון. די מיידלעך לאַכן און שטיפן. אַרום הערשט פרייד. אין פּאַרק שפּילן זיך די קינדער. איך הער זייער געלעכטער. אין קורצן איז מיין דיזשור. היינט ווערט דעצי־דירט דער גורל פון מיין אַמעריקאַנער. וועט מען אים אַמפּוטירן די האַנט? עס באַפאַלט מיך אַ שרעק, ווען איך טראַכט פון אים.

*　*
*

4־טער מאַי.

נעכטן איז אָפּגעגאַנגען אַ גרויסער טראַנספּאָרט פרייוויליקע אויפן פראָנט. אונטער מאַדריד קומען פאָר שווערע שלאַכטן. פראַנקאָ האָט דאָרטן געוואָרפן זיינע בעסטע כוחות. אונדזערע זענען פול מיט האָפענונ־

גען. קוקנדיק אויף די געזיכטער פון די אַוועקפאָרגדיקע, אויף זייער ענ־טוזיאַזם און דעצידירטקייט, ווערט לייכטער אויפן האַרץ. „נאָ פּאַסאַ־ראַן!" די פאַשיסטן וועלן נישט אַדורך. זיי וועלן מאַדריד נישט נעמען. דאָס שפּאַנישע פאָלק איז שוין נישט אומבאַוואָפנט.

איך באַוואונדער די האַלטונג פון דער באַפעלקערונג. זי איז רואיק און זיכער. זי גלייבט, אַז דער קריג וועט זיך שנעל ענדיקן מיט אַ נצחון פון דער פאָלקס־אַרמיי.

די אָרעמקייט איז מיט אונדז, אויך די אַרומיקע פויערים. אָבער אין שטאָט זענען פאַראַן פאַשיסטן. זיי פאַרהאַלטן זיך רואיק, רעדן ווײ־ניק. זענען פאָרזיכטיק. זיי וואַרטן אויף אונדזער מפּלה.

ביי אונדז אין שפּיטאָל געפינט זיך אַזאַ דאָקטאָר. אַזוי איז ער קאָרעקט, פריינדלעך, תמיד מיט אַ שמייכל אויף זיין גלאַט ראַזירט פּנים, אָבער איך פיל, אַז דער האַזיקער דאָקטאָר איז אונדזערס אַ שׂונא. איך וואָלט אים נישט געטרויט אונדזערע פאַרוואונדעטע. אַזאַ מענטש איז אויף אַלץ פעיק. ער האַלט זיך אָבער קאָרעקט, דינסטלעך. שטענדיק אויף זיין אָרט.

די לעצטע טעג זענען אָנגעקומען קיין אַלבאַצעטע פיל פּליטים פון מאַדריד און אומגעגנט. דער עיקר פרויען, קינדער און אַלטע לייט. די דאָזיקע מענטשן מאַכן אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. זיי האָבן פאַרלאָזט אַלץ, קוים געראַטעוועט זיך מיטן לעבן. זייערע הייזער זענען צעשמעטערט געוואָרן, יעדע פאַמיליע האָט אירע טויטע. אַ סך קינדער זענען פאַר־בליבן יתומים. זיי ווערן איינגעאָרדנט אין ספּעציעלע קינדער־הייזער. די היגע פאַרייניקטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע פאַרנעמט זיך ספּעציעל מיט דעם.

די קינדער, נישט קוקנדיק אויף דער שרעקלעכער אָרעמקייט, מאַכן אַ גוטן איינדרוק. דאָס זענען דרייסטע, קלוגע, גרויסשטאָטישע קינדער. זיי ווייסן פון אַלץ. דערציילן וועגן אַלץ און אַלעמען. זיי רעדן ווי דער־וואַקסענע. שנעל רייף געוואָרן. טייל באַדויערט, וואָס מען האָט זיי עוואַ־קוירט, געוואָלט בלייבן אין מאַדריד און טאָן דאָס, וואָס די עלטערע טוען — קעמפן. אַזוי רעדן ס'רוב דרייצן־פערצניעריקע יינגלעך.

אַ באַזונדערן איינדרוק האָבן אויף מיר געמאַכט צוויי יתומים, אַ מיידעלע פון אַ יאָר ניין און אַ יינגעלע פון אַ יאָר פינף. ווי די קליי־נע זאָרגט עם פאר איר ברידערל. זי לאָזט אים נישט אָפּ פון זיך אויף איין מינוט. צערטלט אים, קאָרמעט אים. זי איז געקומען צו מיר מיט איר ברידערל, זי קלאָגט זיך, אַז ער קאָן נישט שלאָפן.

דעם קינד טוט גאָר נישט ווײ. נאָר זײַנע נערוון זענען צערודערט. דאָס שוועסטערל פֿאַרשטײט נשט, וואָס מיט איר ברידערל איז. זי פֿילט אָבער, אַז עס איז מיט אים נישט גוט. זי האָט טרערן אין די אויגן. זי בעט מיך, אַז מען זאָל אַלץ טאָן, ער זאָל קאָנען שלאָפֿן.

צום באַדויערן, איז אין אַלבאַצעטע נישט פֿאַראַן קײן שפּיטאָל פֿאַר אַזעלכע קראַנקע. מען וועט אים דאַרפֿן איבערשיקן קײן וואַלענסיע. די קינדער וועלן מוזן ווײַטער וואַנדערן.

* *

*

10-טער מאַי.

באַקומען הײַנט אַ בריוו פֿון אָליעקן. ער באַקלאָגט זיך אַ ביסל אויף די באַדינגונגען, וועלכע הערשן אין באַטאַליאָן. אים געפֿעלט נישט די אָנפֿירונג. ער זעט פֿעלערן. אויב עס איז טאַקע אַזוי, ווי אָליעק שרײַבט, איז ער גערעכט. איך האָב נאָר מורא, צי ער איז נישט סו-ביעקטיוו.

דאָלאָרעס האָט זיך שוין באַרואיקט. זי איז שוין ווידער פֿרײלעך. זי דערמאָנט נישט מער דעם נאָמען פֿון דײטש. זי האָט זיך ווידער אַרײַנגעצויגן אין דער אַרבעט אין שפּיטאָל. איך בין דערפֿון צופֿרידן.

אַדאַש איז נעכטן געקומען צו מיר אין שפּיטאָל. ער איז געווען טרויעריק. זײַן מײדל איז אַרעסטירט געוואָרן אין פּוילן. זי איז שוין אײנמאָל אָפּגעזעסן צוויי יאָר. זי איז אַ לונגען-קראַנקע. מען האָט אים געשריבן, אַז זי איז ערנסט אַרײַנגעפֿאַלן און וועט מוזן לאַנג זיצן. ער האָט מורא, אַז זי וועט נישט אויסהאַלטן איצט די תּפֿיסה.

דאָלאָרעס איז געווען בעת זײַן באַזוך. ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָב איך איר געמוזט דערצײלן, פֿאַרוואָס אַדאַש איז געווען אַזוי טרוי-עריק. זי האָט אויפֿמערקזאַם זיך צוגעהערט. נאָכדעם האָט זי מיט אַ טיפֿן זיפֿץ באַמערקט: „דער איז נישט אַזוי ווי ער“. איך האָב פֿאַר-שטאַנען, וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן. איך האָב זי אַרומגענומען און צו-געטוליעט צו זיך. זי האָט זיך געלאָזט פֿון מיר צערטלען, געקוקט אויף מיר מיט דאַנקבאַרע אויגן.

* *

*

פערצנטער מאַי.

עס זענען אָנגעקומען פאַרוואונדעטע פון די פראָנטן. צום גליק מער לייכט פאַרוואונדעטע. די שווער פאַרוואונדעטע זענען איבערגעפירט געוואָרן אין מורציע און בעניקאַסים. איך האָב געהאַט אַ סך אַרבעט מיט איינ־אָרדענען זיי. עס האָט פאַרפעלט בעטן. פאַראַן צווישן זיי פּאָליאַקן.

איך האָב היינט זיך געזעגנט מיטן אַמעריקאַנער. עס האָט נישט געהאָלפן. מען האָט געמוזט אַמפּוטירן די האַנט. עס האָט געדראָט מיט גאַנגרענע פון גאַנצן קערפּער. ער האָט אויפגענומען דעם באַשלוס רואיק, מיט ווירדע. ער האָט נישט פאַרלוירן זיין הומאָר. איך באַוואונדער אים. ער האָט עס באַמערקט אין מיר. ער האָט מיר ווי אויפגעקלערט:

— דאָ שטייט דאָך אין קאָן דאָס גאַנצע לעבן. וואָס זשע פאַר אַ באַדייטונג האָט אַ האַנט. נאָך גוט וואָס איך לעב. איך וועל נאָך צונויף קומען.

ער איז געפאָרן קיין מוריצע אויף ווייטערדיקער היילונג. ער האָט מיר געוויזן דעם לעצטן בריוו פון זיין פרוי. זי האָט צוגעשריבן אַ גרוס און אַ דאַנק צו מיר פאַר פאַרנעמען זיך מיט איר מאַן. עס האָט מיך טיף גערירט דער גרוס און דאַנק פון דער ווייטער אומבאַקאַנטער פרוי.

זעכצנטער מאַי.

באַקומען אַ בריוו פון מיין שוועסטער לוציע. דער בריוו איז זייער אַ ווערעמער. זי בעט, אַז איך זאָל איר שרייבן אויספירלעך פון מיין לעבן דאָ. וואָס מיינט זי דערמיט?

איך וואָלט אַזוי געוואָלט, אַז זי זאָל אָנהייבן טראַכטן אַנדערש. איך האָב זי זייער ליב. אַלס קליינע קינדער האָבן מיר גוט געלעבט צווישן זיך.

די טעג ווערן מיט יעדן טאָג שענער און זוניקער. אַלץ איז צעבליט, ווי איך האָב ליב דעם פרילינג...

*　*
*

ניינצנטער מאַי.

איך האָב צוויי טעג געהאַט אורלויב. אַ באַקאַנטער דאָקטאָר האָט מיך מיטגענומען קיין וואַלענסיע. די שטאָט איז זייער שיין. אַ דעקאָ־ראַציע. צעבליט ביים ברעג פון ים, מאָדערן, קאָקעטיש. פאַראַן שטאַר־קע שפּורן פון באָמבאַרדירונגען.

וואַלענסיע פֿאַרמאָגט שיינע בולוואַרן און בריקן, מיט געשמאַק געבויטע הייזער, עלעגאַנטע האָטעלן. אין שטאָט הערשט אַ גרויסע באַוועגונג, אַלע געשעפֿטן זענען אָפֿן און איבערפֿולט מיט סחורות. דער שפּאַניער האָט אַ פֿיינעם געשמאַק. די שויפֿענצטער זענען קינסטלעריש דעקאָרירט. אומעטום טרעפֿט מען מיליטער־לייט.

איך בין געווען אין טעאַטער. נישט געמאַכט אויף מיר קיין ספּעציעלן איינדרוק. איך וואָלט נישט געוואָלט מאַכן קיין אַלגעמיינע אויספֿירן, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז אונדזער פּויליש טעאַטער איז פֿון אַ העכערער מדרגה. מען האָט מיר געזאָגט, אַז דער טעאַטער־סעזאָן האָט זיך שוין געענדיקט, אַז די גוטע אַרטיסטן זענען זיך צעפֿאָרן אויף גאַסטראָלן, טייל — אויפֿן פֿראָנט.

איך האָב זיך געפֿילט פֿרעמד אין וואַלענסיע. ס'האָט מיך געצויגן קיין אַלבאַצעטע. איך בין געפֿאָרן צוריק אין שפּיטאָל ווי צו זיך אַהיים.

אין אָוונט האָב איך אויף אונדזער באַנק געטראָפֿן אונדזער חבר־ה פּאָליאַקן. עס איז אויך געווען אַ חבר נאָר וואָס געקומען פֿון פֿראָנט. ער האָט מיר אָפּגעגעבן אַ גרוס פֿון אָליעקן און אַ בריוו.

אַדאַש האָט היינט זייער שיין געזונגען.

* *
*

21־טער מאַי.

היינט האָט מען געבראַכט צו אונדז אין שפּיטאָל דאַניעלן. עס איז גראָד געווען מיין דיזשור. די ערשטע מינוט האָב איך אים נישט דערקענט. איך האָב נאָר געזען פֿאַר זיך אַ פּאָר שוואַרצע גליענדיקע אויגן און אַ שרעקלעך אויסגעדאַרט, אויסגעפּייניקט געזיכט, צעוואָרפֿענע האָר און אַ ביטערע גרימאַסע. ביים איבערלייגן אים אין בעט, האָט ער געגעבן אַ שטילן קרעכץ: „פֿאַרזיכטיק חברים". ער האָט באַקומען אַ שאָס אין רוקן־ביין. די דאָקטוירים האַלטן, אַז ער וועט לעבן אַ טאָג צוויי, נישט מער.

ווי נעמט אַ מענטש אַזויפֿיל כוח דאָס אויסצוהאַלטן. די מאָרפֿין־איינשפּריצונגען געבן אים אויף אַ געוויסע צייט פֿאַרלייכטערונגען.

איך בין אַריינגעלאָפֿן צו זיך אין צימער און צעכליפּעט זיך ווי אַ קליין קינד.

עס זענען געקומען צו אים: יאַנעק, בערנאַרד, קאַראָל, אַדאַש. ער האָט זיך זייער דערפרייט, נאָר אים איז שווער צו רעדן. איך האָב גע־בעטן די חברים, זיי זאָלן וואָס שנעלער אַוועקגיין.

אַ גאַנצן טאָג איז שטיל אין זאַל. די שטענדיקע קרעכצער און גרי־מאַסער פאַרהאַלטן זיך רואיק. זיי שעמען זיך פאַר דאַניעלן.

ביינאַכט וועט וואַכן ביי זיין בעט דאָלאָרעס. נאָר איך וועל סיי ווי נישט קאָנען שלאָפן. איך וועל סיי ווי אַריינגיין צו אים. ער וועט אין גיכן שטאַרבן... שוין נישט איין טויט פון אַ חבר איבערגעלעבט. נאָר זיין אַוועקגיין פון אונדז רייסט פון מיר שטיקער...

דאָס ערגסטע איז, וואָס דאַניעל איז די גאַנצע צייט ביים באַ־וווסטזיין.

איך טראַכט פון די נאָענטע זיינע. איך ווייס נישט, וועמען ער לאָזט איבער. ער האָט קיינמאָל נישט גערעדט פון זיינע. עס איז איצט שטיל אין שפּיטאָל. עס איז שפּעט אין אָוונט. איך וועל אַריינגיין זען, וואָס עס איז מיט אים. צי האָט אים דאָלאָרעס געמאַכט די איינשפּריצונג?

* *
*

24־טער מאַי.

שוין דעם צווייטן טאָג ווי איך ליג אין בעט, איך פיל זיך שוין אַ ביסל בעסער. די דאָקטוירים זאָגן, אַז מיין האַרץ איז אַ ביסל נישט אין אָרדענונג. זיי האָבן מיר געהייסן ליגן אַ וואָך צייט.

דאַניעל איז מיט צוויי טעג צוריק געשטאָרבן.

פאַרטאָג האָט מיך דאָלאָרעס אַ צעשראָקענע אויפגעוועקט. איך בין שנעל אַריין צו אים.

מיר האָבן זיך שטיל אַנידערגעזעצט נעבן אים. ער האָט זיך פּלוצ־לינג אויפגעכאַפּט. ער האָט מיך דערקענט. ער האָט אָנגעהויבן צו באַ־וועגן מיט די ליפּן. איך האָב זיך צוגעבויגן צו אים. איך האָב קוים גע־כאַפּט די ווערטער:

— אין מיינע דאָקומענטן וועסטו געפינען איר אַדרעס... שרייב איר, אַז איך שטאַרב, טראַכטנדיק פון איר.

ער איז שטיל געבליבן. אָבער נאָך אַ רגע האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו שעפּטעשן. איך האָב שוין אָבער נישט געקאָנט אויפכאַפּן קיין געדאַנק. דאָס זענען געווען אָפּגעריסענע ווערטער: חברים, פּאַרטיי, שפּאַניע...

דאַניעל האָט געהאַט אַ שיינע לויה. אַן ערן־קאָמפּאַניע, אַ פּאָן, אַן אָרקעסטער. יאַנעק האָט געהאַלטן אַ רירנדע רעדע. איך בין געווען אינ־גאַנצן אַ צעבראָכענע.

די שטאָט ליגט איצט איינגעהילט אין געדיכטער פינצטערניש. אַ לייכט ווינטל שפּילט זיך מיטן פאָרהאַנג אויף מיין פענצטער. פון דער גאַס הערט זיך דאָס פריילעכע געלעכטער פון דער יוגנט. אין מיינע אויערן קלינגט נאָך אָבער שאָפּענס טרויער־מאַרש.

# 14. זייער אינדערוואָכן און זייער יום־טוב

אויף דער גאַס האָט געהערשט אַ שטאַרקע באַוועגונג: מענטשן יום־טובדיק געקליידט האָבן שפּאַצירט אינעם זומער־פרימאָרגן, געשטאַנען ביי די טויערן פון די הייזער. קינדער זענען אַרומגעלאָפן איבער דער גאַס. די סאָדע־וואַסער־געוועלבלעך זענען געווען אָפן און איבערפולט מיט קונים, די טראַמוואַיען האָבן זיך לאַנגזאַם אַדורכגעשלאָגן אַ וועג דורך דער ענגשאַפט פון דער גאַס, קלינגענדיק כסדר.

אסתר האָט צוגעאיילט איר טריט. דן וואַרט שוין זיכער אויף איר. זי האָט אים פון דער ווייטנס באַמערקט ביי דער טראַמוואַי־שטיצלע. ער איז איר שנעל אַנטקעגן געגאַנגען.

זיי זענען אַרויף אויפן אָנקומענדיקן טראַמוואַי. דן האָט אַ קוק געגעבן אויפן טראַמוואַי־זייגער.

— דעם ערשטן צוג האָבן מיר פאַרשפּעטיקט, מען וועט שוין וואַרטן אויף אונדז.

שוין עטלעכע חדשים ווי אסתר האָט זיך באַקענט מיט דנען. זי האָט אים געטראָפן אויפן קעמערל, צו וועלכן מען האָט זי צוגעפּעסטיקט. גלייך ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט האָבן זיי ביידע דערפילט צו זיך אַ סימפּאַטיע. זיי זענען זיך געפעלן.

איצט זענען זיי געפאָרן צו באַקאַנטע חברים, צו פאַרברענגען אויף פרישער לופט דעם פרייען זונטיק. זיי האָבן געפילט אויף זיך די לייכטקייט און זאָרגלאָזיקייט פון זייערע יונגע יאָרן, געקוויקט זיך מיטן קלאָרן דורכזיכטיקן הימל, מיטן וואַלד, וועלכער האָט זיך געצויגן פון ביידע זייטן באַן־ליניע.

זיי זענען אויסגעשטיגן, געגאַנגען געאָרעמט.

— צי האָסטו ידיעות פון דודן?

— מיט עטלעכע טעג צוריק געהאַט אַ בריוו פון אים. ער שרייבט זייער ווייניק. ער איז פון דער נאַטור אַ ווייניק־רעדער און ווייניק־שריי־

בער. מיינע אַ חבֿרטע באַקומט אַפּט בריוו פֿון איר חבֿר פֿון שפּאַניע, פֿון איר דערווייס איך זיך מער פֿון דודן ווי פֿון אים גופֿא.

— איך בין מקנא דודן. יעדער פֿון אונדז האָפּט דאָך אויף דער רעוואָלוציע. דוד איז אין סאַמע ברען פֿון דער רעוואָלוציע.

— און דו וואָלסט דאָרטן געפֿאָרן?

— כאָטש גלייך פֿון דאַנען — און אַ קוק געבנדיק אויף איר, האָט ער צוגעגעבן — פֿאַרשטייט זיך, אַז איך וואָלט געוואָלט, אַז דו זאָלסט אויך פֿאָרן, אַז מיר זאָלן צוזאַמען פֿאָרן.

אסתּר האָט זיך פֿעסטער צוגעטוליעט צו אים.

— אסתּר, איך טראַכט טאַקע זייער ערנסט דערפֿון. עטלעכע חבֿרים קלייבן זיך אינקורצן אָפּצופֿאָרן. אויב זיי וועלן פֿאָרן, וועל איך אוועק צוזאַמען מיט זיי.

ביי זייערע באַקאַנטע זענען געווען געסט. זיי האָבן אַלע געקענט אויסער איינעם, אַ פֿרעמדן, מיט אַ קרענקלעך געזיכט, איינגעפֿאַלענע באַקן און נערוועזע שאַרפֿע באַוועגונגען. זאָשקע האָט אים פֿאָרגעשטעלט אַלס איר מאַן, וועלכער איז ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק אַרויס פֿון תּפֿיסה, וווּ ער איז אָפּגעזעסן זעקס יאָר. ער האָט זיך געפֿילט פֿריי, גערן גערעדט, דערציילט פֿון חבֿרים, פֿון תּפֿיסה. ער האָט אַלעמען אַריינגעצויגן אין געשפּרעך.

ער איז זייער געפֿעלן געוואָרן אסתּרן.

נאָך מיטאָג זענען אַלע אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירן. זיי האָבן אויס־געזוכט אַן אָרט אין שאָטן און זיך צוגעזעצט. דן און זאָשקעס מאַן זענען אַוועק זיך באָדן.

— וואָס ביסטו אַזוי טרויעריק — האָט זיך אסתּר געווענדט צו זאָשקען — דו דאַרפֿסט דאָך זיין צופֿרידן. דיין מאַן איז אַרויס פֿון תּפֿיסה, ער איז אַזאַ אינטערעסאַנטער מענטש.

— איך בין מער ווי צופֿרידן, וואָס ער איז ענדלעך אַרויס פֿון תּיפֿסה. איך פֿאַרליר אים אָבער ווידער.

— וואָס הייסט דו פֿאַרלירסט אים?

— ער האָט באַשלאָסן צו פֿאָרן קיין שפּאַניע.

— דאָס הייסט פֿאַרלירן?

זאָשקע האָט טרויעריק אַ שמייכל געגעבן.

— דו ביסט נאָך אַ קינד, ערשט נישט לאַנג ליב באַקומען. דו ווייסט נאָך נישט, וואָס עס הייסט בענקשאַפֿט און וואַרטן. איך בין נישט

קיין ערגערע קאָמוניסטקע פון דיר. אָבער עס טוט שטאַרק ווײ. שוין יאָרן, ווי מיר האָבן זיך ליב. אַ חודש נאָך אונדזער חתונה האָט מען אים אַרעסטירט. זעקס יאָר האָב איך געבענקט און געוואַרט אויפן טאָג פון זיין באַפרייונג. געמיינט, אַז מיר וועלן כאָטש אַ שטיקל צייט זיין צוזאַמען. אויפן צווייטן טאָג זאָגט ער מיר, ער פאָרט קיין שפּאַניע. שוין אין תפיסה האָט ער באַשלאָסן צו פאָרן. האָסט דאָך געזען ווי ער זעט אויס. דער מענטש איז קראַנק.

אסתר האָט געשוויגן. זי האָט געטראַכט, ווי אַנדערש איז דאָס לעבן פון קאָמוניסטן. מע קומט זיך צונויף אויף אַ רגע און מען מוז זיך שוין געזעגענען. זי האָט צו זיך צוגעטוליעט זאָשקען.

די מענער, פריילעכע, אָפּגעפרישטע האָבן זיך צוריקגעקערט פון טייך.

* *
*

שפּעט אין אָווענט איז אַניע אַהיים געגאַנגען. ראָמאַן האָט איר דערלאַנגט אַ בריוו פון שפּאַניע. ער איז געגאַנגען דורך פּאַריז.

— וואָס שרייבט ער? — האָט ראָמאַן געפרעגט.

אַניע האָט געלייענט הויך.

פּראָגט, 22-טער יוני.

מיין טייערע:

ביי אונדז איז געווען אַ גרויסער יום-טוב. מיר זענען געוואָרן אַ בריגאַדע. אונדזערע דאָמבראָווסקיסטן האָבן זיך לעצטנס אויסגעצייכנט ביי הועסקאַ און ברונעטע.

מיר האָבן זיך טאַקע גוט געשלאָגן. די פאַשיסטן האָבן דערפילט, וואָס עס הייסט האָבן צו טאָן מיט אונדז, פּאָליאַקן. מיר האָבן זיך פאַרדינט דעם כבוד אויסגעטיילט צו ווערן אין אַ באַזונדערע בריגאַדע. מיר האָבן זי אָנגערופן אויפן נאָמען פון יאַראָסלאַוו דאָמבראָווסקי, דעם העלד פון דער פּאַריזער קאָמונע. מיר האָבן אויך געגרינדעט אַ פרישן פּוילישן באַטאַליאָן, מיר האָבן אים אַ נאָמען געגעבן „פּאָליאַפאָקס“, דאָס איז אַ נאָמען פון אַן אַלטן שפּאַנישן פרייהייטס-קעמפער אין די צייטן פון נאַפּאָלעאָנען.

אונדזער פרייד איז גרויס, אז אייגענע בריגאַדע! איצט וועלן מיר זיך ערשט רעכט נעמען צום קאַמף. מיר האָבן איצט אַ סך שפּאַניער ביי אונדז. ווילע יאַטן, די מערהייט פּויערים. מיט די פּאָליאַקן, זאָגן זיי, איז גוט צו קעמפן.

וואָס הערט זיך ביי אייך? איך בענק שטאַרק נאָך די חברים, נאָך מיין רויט זאַגלעמביע. אַמשטאַרקסטן בענק איך נאָך דיר. עס זענען פאַראַן דאָ פיל שיינע מיידלעך, נאָר די שענסטע פון אַלע ביסטו פאַר מיר, מיין איינציקע.

הארציקע גרוסן דיין מאַמען, שוועסטער, ראָמאַנען.

אויף ווידערזען, סאַלוד!

דיין וואַצעק

אַניע האָט זאָרגפעליק צוריק אַריינגעלייגט דעם בריוו אין קאָנווערט, באַהאַלטנדיק אים אין שופלאָד פון טיש.

אויפגערודערט פון בריוו האָט אַניע נישט געקאָנט איינזיצן אין שטוב. נישט געקוקט אויף דער מידקייט איז זי אַרויס אויף דער גאַס.

אין דרויסן איז געווען שטיל. אַ פולע לבנה איז געשטאַנען אויפן הימל. אין דער טונקלקייט האָבן זיך געריסן אין הימל־רוים די הויכע פאַבריקס־קוימענס. עס איז פאַרבייגעפאָרן א פראַכט־צוג, א שווער־אָנגעלאָדענער מיט קוילן. שנעל איז פאַרבייגעלאָפן אַ לימוזינע שיעור נישט פאַרטשעפענדיק אַניען. דער שאָסיי איז געווען ליידיק. פון ווייטן האָבן בייז געבילט הינט. אַן איינזאַם ליכט האָט געלויכטן ערגעץ פון אַ פענצטער. „וואַצעק — האָט זי שטיל געשעפטשעט — דאָ ביי אונדז איז אַזאַ נויט און עלנט. ווען וועט זיך דאָס ענדיקן?...“

# 15. אינוואַלידן

עס איז געווען א הייסער אויגוסט-טאָג. די פעלדער ארום דער שטאָט זענען געלעגן אויסגעטריקנטע און פארברענטע, בריענדיק מיט זייער קאָכענדיקן אָטעם די לופט. פון ווייטנס האָט ווי א ספינקס גע-קוקט אויף דער שטאָט די שטיינערנע פעסטונג — טשיגטשילא, ליגנדיק אין איינזאמע אינעם אויסגעטרוקנטן מדבר.

אויפן בולוואר איז פאר מיטאָג געווען א שוואכע באוועגונג. איינ-צעלנע מיליטער-לייט און פרויען האָבן פויל שפאצירט, זיך אוועקגע-זעצט אויף די בענק. נאָר ארום די שטיוול-פוצער אויפן סקווער איז גע-ווען ענג פון שטייענדיקע, וועלכע האָבן געוואַרט אויף זייער ריי.

אין „באנקאָ די עספאַניאַל", ווו עס האָט זיך געפונען די קאדר-אָפּטיילונג פון די אינטערנאציאָנאַלע בריגאדעס זענען אלע צימערן גע-ווען איבערפולט מיט באזוכער.

עס זענען געקומען אויסגעשריבענע פון די שפיטעלער נאָך א „סאל-וואָ קאָנדוקטאָ"* צו זייערע מיליטערישע איינהייטן, אינוואלידן מיט אראָפּהענגענדיקע הענט אויף באנדאזשן אָדער מיט קוליעס, אייניקע האָבן געטראָגן זייערע פארוואונדעטע פארגיפסעוועטע הענט אויסגעשטרעקט, אָנגעשפארטע אויף לאַנגע דראָטן. זיי זענען געקומען געוואָר ווערן, צי זענען פאראן פאר זיי בריוו, טייל האָט געבעטן אורלויב אויף א חודש קיין פראנקרייך. פון די נאָענט ליגנדיקע באזעס איז מען געקומען און געפאָדערט פרישע אויסלענדישע צייטונגען און דעם אַלבאַצעטער ביו-לעטין. אנדערע זענען סתם געקומען פרעגן, וואָס עס הערט זיך, טרעפן זיך מיט באקאנטע.

---

* פאָר-שיין

אין די צימערן איז געווען דושנע און אָנגערויכערט. עס האָבן גער־
ווען געקלאַפּט די שרייב־מאַשינקעס. די באַאַמטע האָבן גענישטערט אין
די קאַרטאָטעקעס, זוכנדיק דעם נייטיקן נאָמען.

אין דער פּוילישער אָפּטיילונג, ווי אין די אַנדערע, איז געווען פול
מיט אינטערעסאַנטן.

— חבר בערנאַרד, מיין ווייב האָט מיר געשריבן, אַז זי האָט נאָך
מיט דריי וואָכן צוריק אַרויסגעשיקט אַ פּעקל, צי איז עס שוין אָנגע־
קומען?

— ניין, נאָך נישט. וואָלט עס געווען, וואָלט מען דיר שוין צוויים
געגעבן.

— פאַרוואָס איז עס נאָך נישט אָנגעקומען?

— איך בין דאָך נישט די פּאָסט. קאָן זיין אַז עס איז אויפן וועג
פאַרלעגן געוואָרן אָדער עס איז פון פּאַריז מיטן לאַסט־אויטאָ אָפּגע־
גאַנגען דירעקט אין דער בריגאַדע, דאָס טרעפט זייער אָפט. אויב דו
ועסט זען וואָלאָדזימיעזשן, זאָג אים, אַז פאַר אים איז פאַראַן אַ פּעקל
פון קאַנאַדע.

— גוט, איך וועל אים נאָך הייגט זען. סאַלוד.

— וואַרט אַ סעקונדע, דו האָסט געקאָנט איינעם ניעמיראָוו, אַן
אוקראַינער פון קאַנאַדע?

— יאָ, געקומען צוזאַמען מיט מיר קיין שפּאַניע.

— ווו איז ער?

— געהרגעט געוואָרן ביי ברונעטע.

— מען האָט אונדז פון דעם נישט צוויים געגעבן. עס ליגן פאַר
אים דריי פּעקלעך.

א יונגער ענערגישער פרייוויליקער האָט זיך צוגעשטופּט צום טיש.
חבר, גיב מיר א סאַלוואָ קאָנדוקטאָ צו דער בריגאַדע.

— פונוואַנען קומסטו?

— פון בעניקאַסים, פון שפּיטאָל.

— געווען פאַרווונדעט?

— יאָ.

— ווו?

— אונטער מאַדריד אין אַפּריל.

— א סאַלוואָ קאָנדוקטאָ פון שפּיטאָל האָסטו?

— איך האָב זי פאַרלוירן.

בערנאַרד קוקט מיט חשד אויפֿן באַזוכער.

— וואָס הייסט פאַרלוירן, ווי פאַרלירט מען עס אַ סאַלוואָ־קאָנדוק־טאָ?

דער פאַרוואונדעטער רוימלט זיך.

— איך האָב נישט געהאַט קיין דערלויבעניש אַרויסצופֿאָרן פֿון שפּיטאָל.

— ווי אַזוי זשע ביסטו געקומען?

— איך בין פּשוט אַוועק פֿון שפּיטאָל. עס איז מיר נמאס געוואָרן דאָרטן צו ליגן. שוין פֿיר חדשים, אַז איך טו גאָרנישט, נאָר הייל זיך. מענטשן זענען נייטיק אויפֿן פֿראָנט, איך האָב שוין גאָר אַ קליינע ראַנ־קע אויף דער פּלייצע, עס טוט מיר שוין גאָרנישט וויי. די דאָזיקע ווונד וועט מיר דער דאָקטאָר אין באַטאַליאָן אויך קאָנען אויסהיילן, שיקט מיר אין דער בריגאַדע.

— מיר האָבן נישט קיין רעכט צוריקשיקן נישט אויסגעהיילטע קעמפֿער, פֿון דער בריגאַדע וועט מען דיך סיי ווי צוריקשיקן אין שפּי־טאָל. מען טאָר נישט אַוועק פֿון שפּיטאָל אָן אַ דערלויבעניש, מען דאַרף נישט אַזוי האַנדלען, אין שפּיטאָל וועט מען דיך רעכענען פֿאַר אַ דע־זערטער.

— זאָלן זיי מיך האַלטן פֿאַר וואָס זיי ווילן. איך וועל צוריק אין שפּיטאָל נישט גיין, וועסט נישט געבן קיין סאַלוואָ קאָנדוקטאָ, וועל איך זיך אָן דעם אַרויפֿכאַפּן אויף אַ לאַסט־אויטאָ און דערפֿאָרן אין דער בריגאַדע. צוליב דעם בין איך געקומען קיין שפּאַניע, כּדי צו ליגן אין די שפּיטעלער?

בערנאַרד קראַצט זיך אין פֿאַרלעגנהייט ביי אַן אויער.

— איך קען דאָך אָבער נישט געבן קיין סאַלוואָ קאָנדוקטאָ, איך האָב נישט קיין רעכט דערצו.

די אַנדערע באַזוכער נעמען זיך אָן פֿאַרן פֿאַרוואונדעטן:

— אַז ער רייסט זיך אַזוי, גיב אים. זעסט דאָך, אַז ער וועט צו־ריק אין שפּיטאָל נישט גיין.

בערנאַרד קעמפֿט מיט זיין געוויסן. געבן אָדער נישט געבן. עס איז שווער עובֿר צו זיין אויף די פֿאָרשריפֿטן. בערנאַרד איז אַ דיסציפּלינירטער באַאַמטער. אָרדנונג מוז דאָך זיין, אָבער דער דאָזיקער בחור געפֿעלט אים. ער געפֿינט ענדלעך אַ קאָמפּראָמיס, וואָס זאָל באַפֿרידיקן זיין באַ־אַמטן־געוויסן און דעם פֿאַרוואונדעטן.

— איך וועל דיר געבן דערווייל א קוויטל אין גאַר דע נאַציאָנאַל. קום מאָרגן וועלן מיר זען. אפשר וועסטו גיין אין א שפּיטאָל, ביז עס וועט זיך דיר נישט פאַרהיילן די ווּנד.

דער פאַרוווּנדעטער נעמט צו דאָס קוויטל און געזעגנט זיך.

— אין שפּיטאָל וועל איך מער נישט גיין.

צוזאַמען מיט עטלעכע דאָמבראָווּשטשאַקעס פאַרלאָזט ער דאָס צימער, מאַכנדיק פריי דעם פּלאַץ פאַר די, וועלכע וואַרטן שוין מיט אומגעדולד אויף זייער ריי.

א נידעריקער פרייוויליקער מיט אן אויסגעבלייכט געזיכט און בלויע וואַסערדיקע אויגן האָט זיך צוגעשאַרט צום טיש, בערנאַרד האָט אים אומצופרידן אָנגעקוקט.

— ביסט שוין ווידער דאָ, ערשט נעכטן האָב איך דיר דערליידיקט.

— איך וויל נישט זיין אין דער וואַך, עס איז פאַר מיר צו שווער.

— איך האָב דאָך דיר די גאַנצע צייט געזאָגט, אַז עס וועט פאַר דיר שווער זיין, האָסטו זיך אָבער איינגעשפּאַרט, אז דו ווילסט דווקא זיין אין דער וואַך. אין איין טאָג ביסטו שוין געוואָר געוואָרן, אז עס איז שווער. יעדער איינער ווייסט, אז מיט צוויי פינגער קען מען נישט האַלטן קיין ביקס, דו מאַכסט נאָר אָן אַרבעט און קאָמפּראָמיטירסט אונדז. וואָס זאָל איך מיט דיר מאַכן?

דער פרייוויליקער האָט אין פאַרלעגנהייט אַוועקגעלייגט אויפן טיש זיין רעכטע האַנט מיט די אָפּגעשאָסענע דריי פינגער.

— דאָסמאָל ביסטו גערעכט. איך האָב געמיינט, אז איך וועל קענען. איך האָב זיך טועה געווען. גיב מיר א קוויטל, אז מען זאָל מיך באַפרייען פון דער וואַך.

— אַ קוויטל וועסטו באַקומען, אַבער וואָס ווייטער?

— זוך מיר אויס עפּעס אַן אַנדער אַרבעט. אפשר סאַניטאַר אָדער גאָר אין דער אינטענדענטור, אבי עפּעס אן אַרבעט.

בערנאַרד איז נישט צופרידן, ער ווייסט שוין פון דער פּראַקטיק, אז אין עטלעכע טעג אַרום וועט ער ווידער קומען און דערקלערן, אז די אַרבעט טויג אויך נישט. אז פּאַוועל ווייסט אַליין נישט וואָס ער וויל, זיין אינוואַלידקייט האָט אים אַרויסגעשטויסן פון גלייכגעוויכט.

— הער אויס פּאַוועל. נישט דאָס ערשטע מאָל געפין איך אויס פאַר דיר אַרבעט. ביי א נייער אַרבעט וועט נישט בעסער זיין ווי ביי דער אַלטער, אזוי צו לעבן איז נישט קיין תכלית פאַר דיר. אפשר וואָלסטו

געפאָרן צוריק קיין פראַנקרייך? דו האָסט רעכט דערצו. ביסט א פול־שטענדיקער אינוואַליד. אנדערע, געזונטע בעטן אורלויב, דיר קומט ער לויט אלע פאָרשריפטן.

פּאַוועל ווערט אינגאנצן אויפגערעגט.

— איך אַן אינוואליד! ווער האָט עס דיר געזאָגט! איך בין גישט קיין קאַליקע. איך טויג נאָך פאר שפּאַניע. זאָלן פּחדנים לויפן, איך נישט. איך וועל נאָך וויזן די פאשיסטן, אז איך טויג צו עפּעס. ניין ברודעריקע, איך פאָר נישט קיין פראַנקרייך. איך בלייב אין שפּאַניע.

— גוט, איך קען דיך איינאָרדענען אין מאַהאָראַ.

— וואָס! אין מאַהאָראַ! צווישן קאַליקעס און שיכורים! ניין! גיב מיר עפּעס אַן ארבעט, וו איך זאָל זיך פילן נוצלעך און נייטיק, צווישן אַלע.

זיין געזיכט ווערט שטארק ערנסט און פארעקשנט, ער טרייסלט זיך אינגאנצן פון אויפרעגונג.

— איך בין דאָ אין שפּאַניע פון אָקטאָבער 1936, געקעמפט ביי קאַסאַ דעל קאַמפּאָ אין דער אוניווערסיטעטס־שטאָט, ביי כאַראַמאַ און גוואַדאַלאַכאַרא, איך בין אַן אַלטער דאָמבראָווסקיסט, וויל מען מיך איצט מאכן פאר אן אינוואליד! מען זאָגט, אז איך טויג שוין צו גאָר־נישט. ניין. איך טויג נאָך. גיט מיר נאָר די ריכטיקע ארבעט.

די אַרומיקע האָבן אין פארלעגנהייט געשוויגן. זיי האָבן אים מיט־געפילט.

— גוט, איך וועל ווידער זוכן, עס וועט היינט זיין ביי מיר א חבר־טע פון אַריהועלער שפּיטאָל, אפשר וועט זיך דאָרטן געפונען עפּעס פאר דיר.

— זאָל זיין אין אַריהועלע, אבי עפּעס אַן אַרבעט.

טיילווייז א באַרואיקטער האָט זיך פּאַוועל אַוועקגערוקט פון טיש צולאָזנדיק א פעסטן, יונגן בחור. דער ליגקער הויז איז פאריתומט אראָפּ־געהאָנגען, פארטשעפּענדיק זיך אין דער קוליע.

בערנאַרד האָט דעם פריש געקומענעם וואַרעם באַגריסט.

— אָ, קלמן, דו גייסט שוין, ווען ביסטו געקומען?

— נאָר וואָס פון מורציע.

קלמן האָט וואַרעם געדריקט בערנאַרדס האַנט.

— ווי פילסטו זיך?

— אויסגעצייכנט. איך קאָן שוין גיין. נישקשה, נאָך דער מלחמה וועל איך זיך מאַכן א קינסלעכן פוס — זיין ברוין ענערגיש, פול געזיכט האָט געשמייכלט, באַווייזנדיק א פול מויל מיט געזונטע ווייסע ציין.

— ביסט שוין אינגאַנצן אויסגעהיילט?

— נאָך נישט. דער רענטגען האָט געוויזן, אז איך האָב נאָך אין פלייש עטלעכע שפּליטער, מען וועט זיין נאָך דאַרפן אַרויסנעמען. מען וועט מוזן ווידער שניידן. מע שיקט מיך דערווייל אויף עטלעכע וואָכן אָפּרו, איך זאָל אביסל קומען צו זיך. אז איך וועל צוריקקומען, וועט מען מיך ווידער לייגן אויפן טיש. ווי דו זעסט, ווילן זיך די יונגע דאָקטוירים דאָ אויף מיין קערפּער אויסלערנען צו ווערן אמתע כירורגן. נאָר דאָס איז גאָרנישט, דער עיקר אז איך לעב. וואָס הערט זיך ביי אייך? איך בין שוין אזוי לאַנג אָפּגעריסן.

ארום האָבן זיך געשטופּט אינטערעסאַנטן. בערנאַרד האָט קלמנען אונטערגערוקט א שטול.

— זעץ זיך און רו אַביסל אָפּ. מיר וועלן צוזאמען עסן מיטאָג, וועלן מיר זיך אדורכרעדן וועגן אַלץ.

איינער נאָכן אַנדערן זענען די באַזוכער צוגעגאַנגען צו בערנאַרדן, דערלעדיקנדיק זייערע ענינים.

# 16. די אָוונטן אין אַלבאַצעטע

קרישע האָט געקלאַפּט אויף דער שרייב־מאַשין. יאַנעק האָט שפּא־צירט אהין און צוריק איבערן צימער דיקטירנדיק בריוו. ער האָט גע־פירט א רייכע קאָרעספּאָנדענץ מיט שפּאַניע און מיט אויסלאַנד. ער האָט ליב געהאַט צו שרייבן בריוו, שטיין אין פאַרבינדונג מיט מענטשן. זיינע בריוו זענען געווען גאַנץ אינטערעסאַנט.

קרישע האָט זיך שוין צוגעוווינט צו אים. זי האָט גערן געאַרבעט מיט אים. געהאַלטן, אַז ער טוט א נוצלעכע אַרבעט, אַז ער איז פעיק. אָבער פאַרזענלעך האָט זי נישט געדולדעט, נישט געליטן זיין צעלאָזענע צונג, זיינע צו האַסטיקע באַוועגונגען, זיין הו־הא און טומל, וואָס ער האָט ליב צו מאַכן אַרום זיך. אַלץ וואָס ער האָט געטאָן איז געווען מיט טראַסק, מיט געשריי און געפּילדער, ווי ער וואָלט געראַ־טעוועט דערמיט די גאַנצע וועלט. זיין גאַנג איז אויך געווען א מאַסטי־קער, ווי ער וואָלט זיך שטענדיק געשטופּט דורך א געדיכטן המון, וועלנ־דיק זיך אַדורכשלאָגן א וועג מיט זיינע פעסטע עלנבויגנס.

איר איז נישט געפעלן יאַנעקס איבערפלעכלעכער צוגאַנג צו מענטשן. ביי דער ערשטער באַגעגעניש האָט ער אויף מענטשן געמאַכט א גוטן איינדרוק, ער האָט יעדן איינעם אַרומגענומען פריינטלעך מיט אָפענע אָרעמס, קיינעם קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט, אַלעמען פאַרשפּראָכן. נאָר שטענדיק איז שוין אַזוי אויסגעקומען, אַז עמעצער אַנדערש איז געבליבן דער שלעכטער און ער דער גוטער.

ער האָט צוגעזאָגט ווייסנדיק פאָרויס, אַז ער וועט נישט האַלטן קיין וואָרט. ער האָט אָבער זיך שוין אַזוי איינגעאָרדנט, אַז עס זאָל זיך ביים צווייטן באַקומען דער איינדרוק, אַז ער האָט טאַקע געוואָלט האַלטן וואָרט, אַז ער האָט געהאַט דעם בעסטן ווילן, נאָר עמעצער אַנ־

דערש האָט אים געשטערט, נישט דערלאָזט. אממערסטן האָט דערפון געליטן בערנארד, צו וועמען אלע האָבן געהאט פרעטענסיעס, ער איז געוואָרן דאָס כפרה־הינדל פאר אלע יאַנעקס צוזאָגענישן.

קרישע האָט אים אָפטמאָל געמאַכט אויף דעם אויפמערקזאם. באַר יאַנעק האָט אויסגעמיטן אַ ענטפער און ווייטער געטאָן דאָס זעלבע. אויך איצט האָט ער אין א בריוו צו די פארוואונדעטע אין שפיטאָל פון מורציע צוגעזאָגט ארויסשיקן זאַכן, וועלכע קרישע האָט געוווסט, אַז זיי זענען אינגאנצן נישט פאראן.

— פארוואָס זאָגסטו צו? — האָט זי מיט פאָרוווּרף זיך געוואָנדן צו אים — דו ווייסט האָך נישט דערלייזדיקן.

— עס שאדט נישט, זאָלן די חברים זיך כאָטש אביסל פרייען.

— נאָכדעם וועט ווידער זיין שולדיק דער אָרעמער בערנארד.

יאַנעק האָט געלאכט.

— זאָל ער נישט זיין אַזאַ שלימזל. זאָל ער נישט מאַכן א מינע פון אַ קרבן.

— מיר גייט נישט אָן אין איצטיקן מאָמענט בערנארד, איך האלט אָבער אזא האנדלונג פון דיין זייט פאר נישט ריכטיק און שעדלעך.

— דו ביסט נאָך א נאיוו מיידל.

— עס קאָן זיין, נאָר פון דער האַזיקער, ווי דו רופסט עס אָן, נאַ־איווקייט וועל איך זיך שוין קיינמאָל נישט באפרייען.

יאַנעק האָט ווייטער דיקטירט, טראכטנדיק פון זיין מאָרגנדיקן באַ־זוך אין קאַפּאַס איבאנעז. עס זענען אָנגעקומען פרישע פרייוויליקע. מען וועט דארפן האלטן א גוטע רעדע, אויפמונטערן דעם עולם. ער וועט שוין דאָ לאנג נישט זיין, אין קורצן וועט ער גיין אויפן פראָנט. גענוג געווען אין אַלבאַצעטע. שוין צייט, אַז אנדערער זאָל אים פארטרעטן.

קרישע האָט געוואַרט אויף זיין ווייטערדיקן דיקטירן.

— וואָס האָסטו זיך פארטראכט?

— איך האָב זיך פארטראכט? — ער האָט אָנגעהויבן ווייטער צו דיקטירן.

מען האָט אריינגעטראָגן אין צימער פרישע פּאָסט. יאַנעק האָט שנעל געעפנט די בריוו.

— אין קורצן וועט זיין נייעס — האָט ער זיך אָפּגערופן — איך פאָר אויפן פראָנט.

— אינגאנצן?

— יאָ.

— ווער וועט דיך פאַרטרעטן?

— עס וועט קומען אַ חבר פון דער בריגאַדע. אין אַלגעמיין האָלט ביי ליקווידירט ווערן דער נאַציאָנאַלער קאָמיסאַריאַט אין אַלבאַצעטע. עס וועט נאָר דאָ בלייבן איין קאָמיסאַר ביים שטאַב פון דער בריגאַדע און אַ קולטור־קאָמיסיע. איך בין דאָ נישט נייטיק. עס וועט זיך אָנהייבן אַן אינטערעסאַנט לעבן, בריגאַדע, פראָנט. דאָרטן וועט מען ערשט רעכט זיך קאָנען אַ נעם טאָן צו דער אַרבעט.

ווידער ענדערונגען — האָט קרישע געטראַכט — ווידער פרישע מענטשן. ווי דאָס לעבן לויפט דאָ שנעל. יאַנעקס אָפּפאָר האָט איר נישט באַנג געטאָן. זי איז אין אַ געוויסער מאָס געווען צופרידן. נאָר ווער וועט זיין דער פרישער?

— איך האָב באַקומען אַ בריוו — האָט יאַנעק איבערגעריסן אירע געדאַנקען — עס קומט דאָ אַן אינטערעסאַנטער מענטש פון אויסלאַנד, עדמונד.

— ווער?

— סיי ווי קענסטו אים נישט. וועסט אים זען, וועט ער דיר געפעלן.

— אַלס וואָס קומט ער?

— איך ווייס אַליין נישט. עס קאָן זיין, אַז ער קומט דאָ אויף אַ קורצער צייט. ער איז איינער פון אונדזערע בעסטע פובליציסטן. מסתמא וויל ער זיך באַקענען מיט די היגע פאַרהעלטענישן. איך בין צופרידן וואָס ער וועט אַריינברענגען לעבן צווישן אונדז.

דאָס שרייבן בריוו איז געווען צו ענדע.

די אָפּיצירן־קאַנטינע איז געווען איבערפולט, אַלע טישלעך זענען געווען פאַרנומען. יאַנעק און קאַראָל האָבן פון ערגעץ אַרויסבאַקומען אַ ליידיק בענקל, מאַכנדיק פּלאַץ פאַר קרישען. אין זאַל איז געווען הייס, מען האָט געטרונקען וויין מיט אייז. געשוויצט ביי דער קאָכיקער זופּ. דאָס טישל איז געווען באַזעצט פון פּאָליאַקן. אַדאַש האָט פריילעך גע־מאַכט דעם עולם, דערציילט וויצן, אַלע האָבן שוין געוווסט, אַז יאַנעק פאָרט אַוועק.

דאָס געשפּרעך איז אַריבער אויף דער בריגאַדע. די לעצטע נייעסן האָבן איבערגעגעבן, אַז די בריגאַדע איז אַריבער אויפן אַראַגאָנער פראָנט, מען ריכט זיך אין קורצן אויף שווערע קאַמפן. פון שטאָב איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז עס גרייט זיך אַ גרויסע קאָנטר־אָפענסיווע פון

דער רעפּובליקאַנער אַרמיי מיטן ציל צו ראַטעווען אַסטוריע. ער האָט אויך איבערגעגעבן, אַז עדמונד קומט צו פאָרן.

קרישע האָט זיך צוגעהערט. שוין דאָס צווייטע מאָל הערט זי היינט דערמאָנען דעם נאָמען פון איינעם עדמונד, וואָס האָרף קומען צו פאָרן קיין שפּאַניע. ווער איז דער דאָזיקער מענטש? זי איז געווען אומרואיק. נישט געוווסט אפילו פאַרוואָס. זי האָט נישט געוואָלט קיין ענדערונגען. זי האָט זיך געפילט שטאַרק געבונדן מיט דער פּוילישער קאָלאָניע. יעדע ענדערונג ביי די פּאָליאַקן, פילט זי שטאַרק אָפּ.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרטראַכט קרישע? דיין זופּ איז שוין קאַלט געוואָרן — האָט זיך קאַראָל אָפּגערופן.

— מסתמא בענקט זי נאָך אָליעקן — האָט אַדאַש זיך אָפּגערופן.

קרישע האָט בלויז אַ קוק געטאָן אויף אים.

— אַדאַש בענקט און מיינט, אַז אַלע בענקען.

קאַראָל האָט ווי געוויינלעך איראָניזירט איבער אַדאַשן. אָבער אַדאַש האָט זיך דאָס נישט גענומען שטאַרק צום האַרצן און נישט אָפּגעענטפערט. פאַרקערט, ער האָט גערן פאַרבראַכט אין קאַראָלס געזעלשאַפט.

קרישען האָט אָבער געאַרט קאַראָלס חוזקן איבער אַדאַשן. זי האָט גערן געהאַט דעם דאָזיקן יונגן פאַרחלומטן בחור. כאָטש ער איז געווען פיל עלטער פון איר, האָט זי אים דאָך באַטראַכט אַלס יונגערן פון זיך, כמעט ווי אַ קינד, וואָס דאַרף נאָך מוטערלעכע צערטלעכקייט.

צו זייער טיש איז צוגעקומען דער דייטשישער קאָמיסאַר בראַנד. ער האָט איינגעלאַדן יאַנעקן אויפן יום־טוב פון דייטש־עסטרייכישן רע־זערוו־באַטאַליאָן. יאַנעק האָט גערן אָנגענומען די איינלאַדונג.

נאָכן אָוונט־ברויט איז אַרום זייער טיש געוואָרן נאָך ענגער. עס זענען געקומען בערנאַרד, טאַראַס און נאָך באַקאַנטע. עס האָבן זיך צו־געזעצט עטלעכע בולגאַרן.

דאָס געשפּרעך איז געשפּרונגען פון איין טעמע צו דער צווייטער: אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק, די מלחמה אין שפּאַניע, פּאָלקס־פראָנט אין פראַנקרייך, די לאַגע אין ראַטנפאַרבאַנד.

דער בולגאַרישער אָפיציר האָט זיך געקלאָגט, אַז עס איז פאַראַן ווייניק געווער און אַמוניציע. עמעצער האָט דערמאַנט, אַז עס גייט צו אַ פרישן ווינטער און די אַרמיי איז נאָך נישט באַזאָרגט מיט וואַרעמע קליידער און וועש...

עס איז שוין געוואָרן פינצטער, די באַדינונג האָט געבעטן, מע זאָל פאַרלאָזן דעם זאַל, ווײַל מע דאַרף מאַכן אָרדענונג. די באַזוכער זענען זיך צע־גאַנגען. יאַנעק איז ווי געווײַנלעך געווען מיט עפּעס פאַרנומען, ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין צײַט. די איבעריקע זענען אַרויס אויפֿן בולוואַר און ווי געווײַנלעך זיך אַוועקגעזעצט אויף זייער באַנק, וועלכע איז נאָך פֿון קיינעם נישט געווען פֿאַרנומען.

עס האָט געבלאָזן אַ לײַכט אָנגענעם ווינטל. מיט פֿאַרגעניגן האָבן זיי אײַנגעאָטעמט אין זיך די פֿרישע לופֿט. דער בולוואַר איז געווען איבער־פֿולט מיט הונדערטער שפּאַצירנדיקע, מיט פּאָרלעך, וועלכע האָבן זיך פֿויל און לאַנגזאַם באַוועגט. עס האָט זיך געהערט אַ געמיש פֿון פֿאַרשיי־דענע שפּראַכן.

די פֿולע לבנה, אַ מילדע און קלאָרע האָט פֿון טיפֿן אומענדלעכן גראַנאַט, אַראָפּגעקוקט אויף די שפּאַצירנדיקע. אַלץ אַרום האָט געאָטעמט מיט יוגנט, פֿרײלעכקייט, ליבע און בענקשאַפֿט. אַדאַש האָט געהאַט אַן אָנגענעמע שטימע, ער האָט געזונגען מיט געפֿיל. פֿון זײַנע לידער האָט אַ ווייע געטאָן מיט צעאַקערטע פֿעלדער, מיט דער גרינקייט פֿון וואַלד, מיט די הייכן און טאָלן פֿון די קאַרפּאַטן־בערג, מיט דער ווײַסל, וואָס גיסט זיך אויס פֿרילינגס־צײַט פֿון אירע ברעגן.

עמעצער האָט אַ זינג געטאָן דאָס קאַטאַלאָנער ליד „די שניטער“, וואָס האָט דערציילט פֿון אויפֿשטאַנד פֿון 1840.

„קאַטאַלאָניע וועט לעבן,<br>די רייכע ערד, דאָס פֿרוכפּערדיקע לאַנד,<br>די גואה פֿון שונאים וועט ווערן אײַנגעבראָכן,<br>עס וועט זיך אויפֿהייבן דער רום פֿון פֿאָטערלאַנד.<br>העי, מיטן סערפּ אַ קלאַפּ,<br>פֿאַרטיידיקער פֿון היימלאַנד,<br>העי, מיטן סערפּ אַ קלאַפּ!<br>די שעה פֿון קאַמף איז ווידער אָנגעקומען<br>די שעה פֿון קאַטאַלאָניע האָט ווידער אויסגעשלאָגן!<br>אַ פֿרישער חודש יוני איז ווידער אָנגעקומען<br>די שאַרפֿע ראַפּירן אין קאַמף מיר טראָגן.<br>העי, מיטן סערפּ אַ קלאַפּ!<br>פֿאַרטיידיקער פֿון היימלאַנד,<br>העי, מיטן סערפּ אַ קלאַפּ!

עס איז געוואָרן שפּעט. זיי האָבן זיך געזעגנט און צעגאַנגען. אַדאַש האָט באַגלייט קריישען אַהיים. די שמאָלע לאַנגע גאַס, וועלכע האָט געפירט צום פּאַרק, איז איצט געוואָרן ליידיק פון מענטשן, הילכיק האָבן אָפּגעקלאַפּט זייערע טריט אויף די שטיינער. אַדאַש האָט געטרוימט אויפן קול:

— מיר גייען דאָ אין דער שטילקייט פון דער נאַכט. אַרום אונדז הערשט רו, די אייגנווייניגער שלאָפן רואיק. עטלעכע הונדערט קילאָמעטער פון דאַנען ווערט בלוטיק געקעמפט, שטייען אונדזערע זעלנער אויף דער וואַך מיט דער ביקס אין דער האַנט. וואָס פאַר א קאָנטראַסטן פאַר־מאָגט שפּאַניע.

קריישע האָט געשוויגן. די אַרומיקע שטילקייט האָט געווירקט אויף איר. זי האָט כמעט נישט געהערט, וואָס אַדאַש רעדט צו איר. זי האָט געוואָלט וואָס שנעלער זיין אין איר צימער, ווו אַלע שלאָפן שוין. ליגן אין בעט, נישט טראַכטן, איינוויגן זיך אין דער נאַכט־שטילקייט. מאָרגן וועט ווידער זיין זון. די היינטיקע נאַכט געהערט צו איר, נאָר צו איר אַליין. זי האָט זיך שטיל געזעגנט מיט אַדאַשן.

אַדאַש האָט איר שטום נאָכגעקוקט, ווי זי פאַרשווינדט אונטער דעם שווערן אייזערנעם טויער.

## 17. די פּאַנאָראַמע

דער אייטאָ האָט זיך לייכט געגליטשט איבער דעם גלאַטיקן אַספאַלט=שאָסעי פּאָרט=בו=באַרצעלאָנאַ. עדמונד איז געזעסן מיטן שאָפער, נישט קאָנענדיק אָפּרייסן זיינע אויגן פון דער וווּנדערבאַרע פּאַנאָראַמע. זיי זענען די גאַנצע צייט געפאָרן צווישן הויכע בערג. אויפגעהויבן זיך, פאַרדרייט זיך איבער טיפע אָפּגרונטן. שווערע מאַסיווע שטיינערנע ווענט האָבן אַראָפּגעהאָנגען איבער זייערע קעפּ, דראָענדיק זיי צודריקן און דערדריקן. אויסגעטריקנטע פאַרפוילטע שוואַרצע צווייגן האָבן אַרויסגעשטאַרצט פון אַ שפּיציקן שטיינערנעם מאַסיוו. די נאַטור אַרום איז געווען ווילד און רייצנד. נאַקעטע, הוילע שטיין=שפּיצן, טיפע באַרג=עפענונגען און אויסגעקרומטע קעסלען, באַוואָקסן מיט ווילד געוויקס, אויסגעטריקנטע קאָריטעס פון באַרג=טייכלעך, טאַראַסנאַרטיקע שוואַרצע פעטע פּרוכטבאַרע בערג, באַאַרבעטע דורך מענטשלעכן שווייס. פינצטערע טונעלן. אַלץ האָט זיך צונויפגעמישט ווי אין כאַאָס פון דער וועלט באַשאַפונג.

זיי זענען אַדורכגעפאָרן דורך אַ טיפן תהום. דער שאָפער האָט נישט איינגעהאַלטן דעם לויף פון דער מאַשין. ער האָט מאַנעווּרירט מיטן רודער צווישן די אָפּגרונטן און דעם געדרייטן שלאַנגען=שאָסיי. אין טיפן אָפּגרונט איז געליגן אַ מאָלערישער טאָל אײַנגאַנצן אײַנגעטונקען אין גראָז, גרינס און בלומען. אין איילבירטן=וועלדלעך און פּאָמעראַנצן פּלאַנצונגען האָבן זיך ווייסינקע גראַציעזע הייזלעך שטיפעריש באַהאַלטן אונטערן שאָטן פון די פּאַלמען און קיפּאַריסן=ביימער. דער טאָל האָט שימערירט אין זונען=בליאַסק מיט כלערליי פאַרבן.

דער וועג האָט פּלוצים געמאַכט אַ שאַרפן קער, עס איז פאַרשווּנדן דער אָפּגרונט און טאָל, זיי זענען געפאָרן אויף אַ הויכן באַרג. ווו דאָס

אויג האָט נאָר געקאָנט זען, האָבן זיך געוויזן הויכע בארג=שפּיצן און א בלויער הימל, וועלכער פאַלט ערגעץ שיף אראָפּ און ווערט פארפאלן אין אַן אָפּגרונט. איבער די רוקנס פון די בערג האָבן זיך געצויגן אויסגעשטעלט ווי זעלנער אין גלייכע רייעןביימער, וועלכע האָבן געמאכט דעם איינדרוק פון א גרויסער קאַם.

ווייט אין צפון=מזרח איז דער בלויער הימל נאָך גרעסער און טיפער געוואָרן. עדמונד האָט דערפילט דעם געזאלצענעם ריח פון ים, וואָס דער ווינט האָט פארטראָגן אויף די בארג=הויכקייטן. זיי האָבן וויידער אראָפּגעגידערט אין א ריזיקן טאָל, געפאָרן צווישן צוויי הויכע שטרענגע גרוי=שווארצע שטיינערנע ווענט. זיי האָבן אויסגעמיטן קליינע דערפלעך, איינצעלנע הייזער אויף די קרייץ=וועגן, שווער באלאָדענע קאַמיאנען.

עדמונד האָט קוים געקאָנט אָפּכאפּן דעם אָטעם פון שנעלן פאָרן. ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס דער שאָפער האָט צוזאמען מיט אים נישט געבראָכן האלדז און נאַקן אויף די געפערלעכע וועג=קערן. ער האָט געשוויגן אונטערשטעלנדיק זיין צעהיצט געזיכט דעם יאָגנדיקן ווינט, צומאכנדיק און אויפמאכנדיק די אויגן. דער אויטאָ האָט זיך ווידער אויפגעהובן אין דער הייך, געשניטן די בערג, אראָפּגעלאָזט זיך פון א מעשופּעדיקן בארג, פארקערעוועדיק זיך אויף לינקס. עס האָבן זיך פּלוצים ווי דורך א צויבער פונאנדערגערוקט די בערג און פארשוווּנדן אונטער זיי. פאַר זייערע אויגן האָט זיך געעפנט ברייט און רחבותדיק דער בלויער ים. שוימענדיק מיט זיינע כוואליעס פון די בלויישווארצע וואסערן.

דער ים האָט זיך געצויגן ערגעץ אין דער אומענדלעכקייט, צונויפמישנדיק זיך אין דער ווייטקייט מיטן הימל. שטיל האָבן זיך באַוועגט זיינע כוואליעס. דער רואיקער פּליוסק פון די וואסערן ביי די ברעגן איז געווען אָנגענעם און בארואיקנדיק. דער שאָסיי האָט זיך געצויגן איצט פאַזע דעם ים, געלאָפן פאָרוים איבער קליינע רייצנדיקע שטעטלעך, וווּנדערבארע ווילעס און גאָלדיקן זאמד פון ברעג. האלב נאַקעטע מענטשן האָבן זיך געברענט אויף דער פּליאַזשע, געשפּרונגען אין ים, געשווומען אין וואַסער. יונגע פריילעכע קולות האָבן זיך איבערגערופן, געשפּילט. פונווייטנס האָבן געוווּנקען צו זיי די פארשווארצטע קוימענס פון די פאבריקן. זיי האָבן זיך דערנעענטערט צו בארצעלאָנע.



די לאנגע ברייטע בארג-ארויף און בארג-אראָפּ גאַסן פון די פּאָרשטעט זענען געווען שטארק באלעבאט. הונדערטער לאַסט-אויטאָס און לייכטע אויטאָמאָבילן האָבן זיך געטראָגן מיט ליאַרעם און קוויטשעריי פון זייערע סיגנאַלן. פון די אָפענע פענצטער האָט זיך געטראָגן א'ן גאַס ארויס דער ריח פון אייל און געוואַשענע וועש. טויזנטער קינדער זענען ארומגעלאָפן איבער די גאסן שרייענדיק און טומלענדיק.

פלוצים האָבן אלע אדורכגייער אויפגעהויבן זייערע קעפ צום הימל. פון די פענצטער און געשעפטן האָבן זיך ארויסגעבויגן מענטשן.

— אַוויאַציע! אַוויאַציע! — האָבן זיך דערהערט הונדערטער אויסרופן.

די שווערע אויטאָבוסן מיט די פּאַסאַזשירן אויף די דעכער האָבן א'ז געאייל זיך אדורכגעטראָגן פארוואונדערנדיק אין די הינטערגעסלעך. פארזיי איז מיט טראַסק דורכגעפלויגן א ריזיקער לאַסט-אויטאָ מיט א זעניט-אַרמאַט אויף אים. א סירענע האָט זיך אימהדיק צעשריגן, לאנג און פארצויגן מיט א הו-הו-הו.

— איר, חבר, שרעקט זיך נישט? — האָט דער שאָפער געפרעגט. עדמונד האָט אים אָנגעקוקט מיט א שמייכל.

— ווען איך וואָלט זיך געשראָקן, וואָלט איך קיין שפּאניע נישט געקומען. דאָ איז איצט נישט קיין אָרט פאר זוכן רו און געמיטלעכקייט.

דער שאָפער האָט גוטמוטיק געוויזן זיינע געזונטע בלענדנד ווייסע ציין.

— זאָל זיך רער חבר נישט באליידיקן, איך האָב נאָר געוואָלט בארואיקן.

— פארוואָס שטייט די באפעלקערינג אויף דער גאס און באהאלט זיך נישט?

— די דאָזיקע געגנט איז נאָך ביז איצט נישט באָמבארדירט געוואָרן פון דער פיינטלעכער אַוויאַציע, ביז איצט ווערט נאָר באָמבארדירט דער פּאָרט און דער צענטער פון דער שטאָט, אָבער — האָט ער צוגעגעבן — מען קאָן קיינמאָל נישט זיין זיכער. זיי קאָנען דערפליען אויך דאָ.

עס האָט זיך דערהערט דער אָפּקלאַנג פון א שטארקער שיסעריי און עטלעכע אויפרייסן.

עדמונד האָט זיך צוגעהערט צו דער שיסעריי. ביז איצט האָט ער באַוואונדערט די שיינקייט פון דער נאַטור, אַנטציקט זיך מיט די בערג, מיטן הימל און ים. איצט פאַרט ער אַריין אין דער געדיכטעניש פון שפּאַניע, וווּ דער טויט לויערט פון דער לופט און פון דער ערד. מען דאַרף איצט האָבן צענדליקער אויגן און אויערן, כדי אַלץ צו הערן, אַלץ זען.

זיי זענען אַרויס אויף אַ ברייטן, באַוואַקסענעם מיט ביימער בולוואַר, מיט מאַסיווע הויכע הייזער און גרויסע אָפענע, אויף דער גאַס אַרויסגערוקטע קאַפעען.

דער אויטאָ איז אַריין אין אַ געדיכט באַוואַקסענעם מיט אַלטע ביימער פּאַרק. זיי האָבן זיך געפונען אין דעם זאָאָלאָגישן גאָרטן פון באַרצעלאָנע. דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ גרויער מאַסיווער געביידע.

— אָנגעקומען — האָט דער שאָפער דערקלערט, שליסנדיק דעם מאָטאָר.

אין דער קאַנצעלאַריע פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס איז נישט געווען קיין גרויסע באַוועגונג. פון די אָפענע פענצטער האָט זיך דערטראָגן צו זיי דאָס נערוועזע קלאַפּן פון עטלעכע שרייב־מאַשינקעס. עטלעכע אויטאָס זענען געשטאַנען ביים אַריינגאַנג. עדמונד האָט אין ביוראָ פאַרגעשטעלט זיינע פּאַפּירן. אַ דייטשישער חבר האָט אים פריינטלעך אויפגענומען, אויסגעדרוקט זיין גרייטקייט צו באַקומען פאַר אים אַן אויטאָ־פאַרבינדונג ביז אַלבאַצעטע. און ער האָט אים פאַרבעטן אויף מיטאָג.

אין שאָטן פון די אַראָפּגעלאָזטע לאָדן איז אין עס־צימער געווען קיל און אָנגענעם. ביסלעכווייז האָבן זיך צונויפגעזאַמלט די שטענדיקע עסער. אַלע האָבן זיך דאָ געקענט, געווען היימיש, נאָר עדמונד האָט דאָ קיינעם נישט געקענט. עטלעכע מענטשן זענען צו אים צוגעגאַנגען און באַגריסט. די מערהייט פון זיי איז געווען דייטשן און איטאַליענער. זיי זענען שוין פון לאַנג געווען אין שפּאַניע. דער געשפּרעך איז געווען אַ לייכטער, ווי עס פירן מענטשן, וועלכע באַגעגענען זיך צופעליק ביים עסן. אַ יונגיטשקער קאַפּיטאַן מיט אַ נייענקען מונדיר פאַרקנעפּלט ביז אַרויף מיט אַ בלישטשענדיקן שוואַרצן ברייטן פּאַסעק איז אַריינגעקומען. ער איז געגאַנגען שטייף, ווי ער וואָלט געמאָסטן יעדן שריט.

מסתמא אַ פריש געבאַקענער קאַפּיטאַן — האָט עדמונד אַ טראַכט געגעבן.

עמעצער האָט פון אונטן ארויפגעלייגט זיין האנט אויף זיינע פּלייצעם:

— עדמונד!

עדמונד האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט און זיך דערפרייט.

— אָסקאר, וואָס טוסטו דאָ? דו אַרבעטסט דאָ?

— גיין, איך קום פון בעניקאסים. אויב דו ווילסט, קענסטו מיט מיר פאָרן קיין בעניקאסים. דאָס איז א האַלבער וועג צו אַלבאַצעטע. פון דאָרטן וועל איך זיך שוין באמיען, אז דו זאָלסט קאָנען פאָרן ווייטער.

— מיט פאַרגעניגן, עס ווילט זיך וואָס שנעלער פאָרן ווייטער.

— גוט, ארום פיר אזייגער וועלן מיר פונדאנען ארויספאָרן.

— איך וואָלט געוואָלט פארן אָפּפאָרן זיך באַקענען אביסל מיט דער שטאָט.

עס וועט זיך לאָזן מאַכן. איך דארף נישט דערווייל דעם אויטאָ. איך וועל איבעררעדן מיטן שאָפער, וועט ער דיר ווייזן בארצעלאָנע. דער שאָפער, א יונגער אמעריקאנער, האָט גערן מסכים געווען צו מאַכן א שפאַציר איבער דער שטאָט. ער האָט זיך געלאנגווייליקט ווארטנדיק.

זיי זענען געפאָרן לאנגזאם איבער די בולווארן. צוגעפאָרן צום פּאָרט, וועלכער איז געווען שרעקלעך פארלאָזן. נאָר עטלעכע קליינע פראַכט־שיפן האָבן זיך געוויגט איבערן וואסער. זיי זענען אריינגעפאָרן אין אַבלאַ־גלאָר. דער אויטאָ האָט זיך געמוזט זייער לאנגזאם באַוועגן. טויזנטער מענטשן האָבן שפּאַצירט אויפן ברייטן בולוואר, פיל זענען געזעסן אויף די שטולן, פארנומען אלע טישלעך אין די אָפענע קאפעען.

דער פּלאַץ פון קאַטאַלאָניע האָט באַצויבערט מיט זיין שיינקייט און קינסטלערישער געפאָרמקייט. די הויכע טעלעפאָן־געביידע האָט זיך שטאָלץ געשניטן צום הימל. די האָטעלן, אלטע, רייך איינגעפונדעוועטע האָבן געבלישטשעט מיט זייערע הונדערטער פענצטער און באַלקאָנען. די רייכע וויטרינעס פון די געשעפטן זענען געווען פאַרוואָרפן מיט לוקסוס־סחורות.

דער לאַנגער בולוואר דיאַגאָנאַל האָט זיך אינגאנצן געטונקען אין זון. ער האָט זיך געצויגן בארג ארויף אנטפּלעקנדיק דאָס בילד פון דער גאנצער שטאָט. בארצעלאָנע איז געלעגן איינגעקוועטשט צווישן בערג, וועלכע האָבן זי ארומגערינגלט פון דריי זייטן, אראָפּלאָזנדיק זיך מעשופּעדיק צום ים. פון אלע ארומיקע בערג האָבן אראָפּגעוואונקען צו דער

שטאָט ווייסינקע הייזער אײַנגעטונקט אין גרינס און ביימער. די פּאַנאָ־ראַמע ארום האָט פאַרכאַפּט. באַרצעלאָנע א זוניקע, א רחבותדיקע, און אויסברענגעריש־פּאַרשייטע האָט קאָקעטיש געשמייכלט צו דער זון, זאָרגלאָז זיך געריסט מיטן בלוין הימל, ווי וועלנדיק זיך פאַרמעסטן מיטן רויט.

זיי האָבן זיך פאַריקערעוועט און צוריק ארויס אויף דער ראַבלאַ, דער שאָפער האָט פאַרגעלייגט אָפּצורוען אַביסל. עדמונד האָט גערן מסכים געווען.

זיי האָבן קוים באַקומען א ליידיק טישל אין א קאַפע אויף דער גאַס ארויס. זיי האָבן געדאַרפט וואַרטן לאַנג, ביז עס האָט זיך באַוויזן דער קעלנער. הערנדיק, אַז די געסט רעדן ענגליש, איז ער געוואָרן שטאַרק העפלעך און זיי גלייך פאָרגעשלאָגן אמעריקאַנער ציגאַרעטן צו צוגעגלעכע פּרייזן. עדמונד האָט באַשטעלט א קאַלטן טרונק.

ס'רוב באַזוכער זענען געווען בערזע־מענטשן, שפּעקולאַנטן.

פּיל טישלעך זענען געווען פאַרנומען מיט מיליטער־לייט, אָנגעטאָ־נע אין האָקי־מונדירן און בלויע אָנצוגן פון די קאַראַבינערן.

צו זייער טישל איז צוגעקומען א שפּאַנישער קאָמיסאַר און האַרציק זיך באַגריסט מיטן שאָפער. ער האָט פרייַנטלעך אויסגעשטרעקט די האַנט עדמונדן און געוואָר וועַרנדיק, אַז עדמונד איז נאָר וואָס געקומען פון אויסלאַנד, האָט ער זיך צוגעזעצט צום טישל.

— ווי געפעלט אייך ביי אונדז, חבר?

דער שאָפער האָט איבערגעזעצט די פראַגע.

עדמונד האָט א פּאָר שאַרפע ווערטער געזאָגט אויפן אַדרעס פון די געסט.

דאָס געזיכט פון קאָמיסאַר איז פינצטער געוואָרן.

— איר האָט טרעפלעך אויפגעכאַפּט איינע פון אונדזערע צרות. שפּעקולאַנטן און שפּיאָנען דרייען זיך ארום הערוויל נאָך פראַנק און פריי, דאָס וועט אָבער שוין נישט לאַנג דויערן. דער מאַי־פּוטש האָט אונדז א סך געלערנט. מיר האָבן אָנגעהויבן צו מאַכן אָרדענונג אין אַראַגאָן, שפּעטער וועט קומען די ריי אויף באַרצעלאָנע.

דער שפּאַניער האָט ווייטער גערעדט.

— נעמט זיך הערמיט נישט איבער, חבר. באַרצעלאָנע איז הער־וויל נישט מאָסגעבנד, דאָ הייבט ערשט אָן אַריינצודרינגען די רעוואָלו־

ציע. איר וועט זיין אין אונדזער מאַדריד, דאָרטן וועט איר זען די רע=
וואָלוציע, דאָרט וועט איר זען די מלחמה און דאָס שפּאַנישע פאָלק.

* *
*

דער לייכטער פאָרד האָט זיך שנעל געריסן פון דער שטאָט. זיי
זענען ווי־ער דורכגעפאָרן דעם דיאַגאַנאַל, לאָזנדיק זיך ווייטער דורך א
ברייטן אַספאַלט=שאָסעי. עטלעכע קאַראַבינערער האָבן זיי אָפּגעשטעלט,
זיי האָבן באוויזן זייערע „סאַלוואָ קאָנדוקטאָס“ און שנעל זיך געלאָזט
אין ווייטערדיקן וועג. די שטאָט פארבאָרגן אין די בערג איז געבליבן
ווייט הינטער זיי. לאנג זענען זיי געפאָרן אין א געדיכטער אלייע בא=
וואָקסענע מיט אלטע הויכע ביימער און גראָבע צווייגן. דער הימל האָט
באקומען א מאט גרוי=בלויען אויסזען. די זון האָט זיך פארנומען שטארק
אויף מערב. פון ים האָט זיך געטראָגן א קיל ווינטל. דער שאָסעי איז גע=
ווען א גלאטיקער און רייגער, זיי האָבן אויסגעמיטן איין שטעטל נאָכן
צווייטן. אלע זענען זיי געווען געבויט אין איין סטיל. א לאנגע ברייטע
צענטראלע גאס מיט צוויי שטאָקיקע הייזער, פארמאכטע לאָדנס אויף
די פענצטער, א שוץ קעגן דער אומרחמנותדיקער זון, א ברייטער סקווער
און זייטיקע שמאָלע געסלעך. אומעטום זענען פרויען געזעסן אויף קליי=
נע בענקעלעך נעבן זייערע הייזער.

פון טייל בארג=שפּיצן האָבן אראָפּגעקוקט אויפן וועג הויכע ברוינע
טורעמס. זיי האָבן געקוקט שטרענג, דערציילט פון אמאָליקער גרויס=
קייט, פון אמאָל מעכטיקע אומצוטריטלעכע שלעסער, פון ריטער, וועל=
כע האָבן געמיינט, אז זייער ממשלה איז אויף אייביק.

געדיכטע פּאָמעראנצן=ביימלעך האָבן זיך געצויגן אויף גאנצע קי=
לאָמעטער. זיי האָבן געשמעקט אין דער פארנאכטיקער לופט, זייערע
רויטע בלעטער האָבן זיך געשפּילט מיט די זון=שטראלן, די וויינגערט=
נער=ביימלעך האָבן זיך געבראָכן אונטער דער שווערער מאסע פון צייי=
טיקן טרויב, אלץ ארום האָט געררייפט. בלויז די קאַמיאָנען מיט דער
אמוניציע, וועלכע האָבן זיך געצויגן אין לאנגע קייטן קאַראַוואַנען אויפן
שאָסעי, האָבן דערציילט פון מלחמה און גרויל. די אויטאָס האָבן זיך גע=
ריסן פארביי און געלאָזט הינטער זיך די שפּאַנישע ארבעם אויף צוויי
רעדער מיט דריי אָדער פיר אייזל=געשפּאַן. די פאָרנדיקע פויערים מיט

די ברייטע מעקסיקאַנישע הוטן און לאנגע הילצערנע לולקעס זענען געלעגן פויל אויסגעצויגן אויף זייערע וועגענער, לאָזנדיק די אייזלעך לאנגזאַם גיין.

עס האָט אָנגעהויבן טונקל צו ווערן. דער בין השמשות האָט זיך פארשפרייט צווישן הימל און ערד. שווארצע שאָטנס האָבן אָנגעהויבן ארומצוטאנצן איבער די פעלדער און וועג. די נאטור האָט זיך ווי איינגעקורטשעט, צוגרייטנדיק זיך צום גרויסן סוד פון דער אָנקומענדיקער נאכט.

די בערג זענען זיך צעגאנגען, אַנטלאָפן פון אויג, פארשוואונדן אין דער טונקעלער בלויקייט פון הימל. באלד זענען זיי זיך ווידער צונויפגעקומען, ווי שפילנדיק זיך ארומגערינגלט דעם שאָסעי, אייגקוועטשנדיק אים, אראָפּרוקנדיק זיך אויף אים מיט דער שווארצקייט פון זייער שטיינערנעם מאסיוו.

עדמונד האָט שווער געאָטעמט, עס האָט זיך אים געוואָלט אראָפּשפרונגען פון אויטאָ, ארויפקלעטערן אויף די שפיצן פון די דאָזיקע ריזן און פארפאלן ווערן, באהעפטן זיך מיט דער אומענדלעכקייט. עס האָט זיך אים גערדאכט, אז אויף די דאָזיקע הויכקייטן ליגט באַהאַלטן א ווייטע אומבאקאנטע וועלט, וועלכע ער מוז זען.

דער אויטאָ האָט זיך ווייטער געטראָגן.

דער שאָפער האָט שטיל ארויסגעמורמלט:

— מיר דערנעענטערן זיך צו טאַראגאנע, קוקט אויף דעם דאָזיקן וואונדער.

די בערג האָבן זיך דערנעענטערט צום ים. צוויי הויכע בארג-שפיצן האָבן אויסגעשטרעקט אין דער הייך זייערע שטיינערנע הענט, בילדנדיק ווי אַ טריומף-טויער. די זון איינגאנצן אַ צעפלאמטע האָט זיך אדורכגעריסן דורכן טויער, די שפיצן זענען עטלעכע סעקונדן געבליבן שטיין אין פלאַמען, באַגילדעטע, בלישטשענדיקע מיט טויזנטער פייערן. דער בלויער הימל האָט פארדעקט די בארג-שפיצן. עס האָט זיך פלוצים צעעפנט דער ים, זיין בלוי וואסער האָט זיי לייכט באוועגט ווי שעפטשענדיק שטיל אַ געבעט. ווייט אויפן האָריזאָנט האָט זיך די זון ווי אַ גאָלדענע שיסל געזעצט אויפן ים.

* *
*

עס איז צוגעפאלן פלוצים דער אָוונט, א פינצטערער, א געהיימניספולער, פול מיט שטילן פליסטער פון די בערג און ים. די וואסערפייכטקייט האָט אָפּגעפרישט און געקילט די צעהיצטע פנימער. עדמונד האָט זיך באקוועמער אויסגעצויגן אויפן גזעס. ער האָט ערשט איצט דערפילט ווי מיד ער איז פון צוויי נעכט נישט שלאָפן. ער האָט צוגעמאכט די אויגן.

עדמונד האָט זיך אויפגעכאפּט, זיי זענען שוין געווען אין בעניקאסים. דער ים האָט זיך גערויטלט, דאָס זאמד פון ברעג איז געווען ריין און גלאטיק. די שטיינערנע באריערן האָבן זיך אָפּגעטובלט אין ים=וואַסער. די ווילעס נאָך האלב פארשלאָפענע האָבן באהאלטן זייערע פענצטער אונטער די פארמאכטע לאָדנס. עטלעכע שוועסטער אין ווייסע כאַלאַטן האָבן מיט נישט אויסגעשלאָפענע אויגן געאיילט צו דער ארבעט.

עדמונד האָט מיט פארגעניגן אלץ פון זיך אראָפּגעוואָרפן, ארונטערשטעלנדיק זיין מידן קערפער אונטער א קאַלטן דוש. ער האָט זיך אָפּראָזירט און דערפילט, ווי ער איז געוואָרן אינגאנצן אָפּגעפרישט. אין דער דירעקציע האָט נישט קוקנדיק אוף דער פריער שעה געהערשט א שטארקע באוועגונג. דאָס עס=צימער איז געווען איבערפולט מיט דאָקטוירים און קראנקן=שוועסטער, וועלכע האָבן אויף גיך געגעסן פרישטיק. עטלעכע דאָקטוירים אָנגעטאָן אין פולער אוניפאָרם האָבן זיך געאיילט, זיי זענען אָפּגעפאָרן אויפן פראָנט. זיי האָט באגלייט א יונגע פראנצויזין, געקליידעט אין בלויע ספּאָרט=הויזן און בלוזע. אירע ליפּן זענען געווען געפארבט שרייענדיק רויט, די אויגן שטארק אונטערגעפירט, אויך די נעגל זענען געווען געפארבט אויף רויט, זי האָט געמאכט דעם איינדרוק פון א קאַבאַרעט=אַקטריסע פון מאָנטמארטר, וועלכע שפילט זיך אין מלחמה. איר ייִנגלערישע פיגור איז געווען אומרואיק. אן עלטערער דאָקטאָר אין דער ראַנגע פון מאיאָר האָט מיט פארליבטע אויגן געקוקט אויף איר.

עדמונד האָט זיך באקענט מיט עטלעכע פוילישע דאָקטוירים און צוזאמען מיט זיי פארלאָזט דאָס עס=צימער, ער איז געגאנגען זיך באַקענען מיט די פארוואונדעטע.

אין די ווילעס איז נאָך געווען כמעט שטיל. די מערהייט פארוואונדעטע איז נאָך געלעגן אין די בעטן. די סאניטאריגס האָבן פונאנדערגעטראָגן דעם פרישטיק. אין קלענערע און גרעסערע זאלן זענען געווען אויסגעשטעלט ווייסע בעטן און מעטאלענע נאכט=טישלעך. עס האָט זיך

געשפּירט דער ריח פון יאָד און עטער, וועלכער האָט געררייצט די נאָזלעכער. אויסגעבלייכטע פון ליידן געזיכטער, ברענענדיקע אויגן פון היץ האָבן געקוקט אויף די אריינגעקומענע.

מען האָט זיך באַגריסט. פון אלע פעלקער זענען זיי געליגן צונויפגעמישט בעטל ביי בעטל. די מערהייט איז באַשטאַנען פון לייכט פארווונדעטע און שוין כמעט אויסגעהיילטע. זיי זענען געווען פול מיט לעבנסלוסט, געוויצלט זיך, געגעסן מיט אַפּעטיט, געררויכערט און געאיילט זיך ארויסצוגיין צום ים, אויף דעם פרימאָרגן=שפּאַציר, אנדערע זענען געגאַנגען אין אמבולאַטאָריע צו פארבאַנדאַזשירן די ווונדן.

אין עטלעכע צימערן זענען געליגן די שווער=פארווונדעטע. דאָ איז די שטימונג געווען אַ ערנסטע, אַן אָנגעשטרענגטע. די געזיכטער זענען געווען אויסגעדאַרטע, אויסגעקרימט פון יסורים און שווערע איבערלעבענישן. דאָ און דאָרט האָט מען געהערט קרעכצן. טייל איז געליגן אינגאַנצן צוגעשמידט צו די בעטן, פארגיפּסעווועטע, אָן באַוועגונג. אנדערע זענען געליגן מיט אויפגעהויבענע פיס, צוגעבונדענע מיט שטריק צום סופיט.

אַן אַלטע מאמע איז געקומען פון ווייטן אַראַגאָן צו באַזוכן איר פארווונדעטן זון. זי האָט געבראַכט פאָמעראַנצן און ווייַנטרויבן. געזעסן אויף זיין בעט און שטיל, קוקנדיק אויף אים מיט מוטערלעכער ליבע, עפּעס דערציילט, פון וואָס דער זון האָט געשמייכלט און געגלעט אירע אַלטע אויסגעהאָרעוועטע הענט.

אַ יונגער אַמעריקאַנער מיט אַ פארדראָטעוועטער האַנט, האָט מיט דער צווייטער ארומגענומען אַ שפּאַנישע סאַניטאַרין, אריינרעדנדיק איר עפּעס אין אויער, זי האָט אויסגעבראָכן מיט אַ הילכיקן געלעכטער, אַ שווער פארווונדעטער האָט זיך געבעטן, מען זאָל אים אַבערלייענען די בריוו, וואָס ער האָט באַקומען פון זיין פרוי. זי האָט אים געשריבן פון נאָרד=פראַנקרייך, ווי אַזוי זי האָט זיך איינגעאָרדנט מיטן קינד, אַז דער שפּאַנישער הילפס=קאָמיטעט שטיצט איר.

די דאָקטוירים האָבן אָנגעהויבן זייער רעגולערן טעגלעכן באַזוך פון זייערע פּאַציענטן. עהמונד מיט עטלעכע לייכט פארווונדעטע זענען ארויס אויף דער גאַס, דער שמאָלער ברעג=פּאַס איז געווען איבערפולט מיט פארווונדעטע. אין ווייסע און טונקעלע הויזן, מיט אָפענע העמדער. טייל האַלב נאַקעט, מיט ווייסע באַנדאַזשן אויף די ווונדן, מיט פארדראָטעוועטע הענט, אָן פיס, אויף קוליעס; שוואַרצע, ברוינע, בלאָנדע, האָבן

זיי אויסגעזעצט זיך אויף די שטיינערנע באריערעס, געדרייט פון טא־באק ציגארעטן, פארטשעפעט אדורגייענדיקע סאניטארינס און שוועס־טער.

איבער זייערע קעפ האט הייס געברענט די זון. דער ים האט שטיל גערוישט. שמאָלע פאַסן רויך האָבן זיך פונוויטנס געריסן צום הימל, דער שווארצער קערפּער פון א שיף האט זיך באוויזן אויפן האָריזאָנט, די בערג ארום זענען געווען טונקל־גרוי־געל. אומבאוועגלעך זענען זיי געשטאנען קוקנדיק אויפן ים.

די פארוואונדעטע האבן דערציילט פון זייער פראָנט־לעבן.

עטלעכע דאָמבראָווסטשאַקעס האָבן פאַרגעלייגט עדמונדן, ער זאָל מיט זיי גיין אין שטעטל, וואָס איז געווען ארייננגעקוועטשט צווישן ים און בערג. די לאנגע גאס האט זיך געצויגן בארג ארויף, פארפאלן ווערג־דיק אין א טיפן בארג־קעסל. זיי זענען אריין אין א רעסטאָראן.

א יונגער שפאניער, אָן א האנט איז געשטאנען אָנגעלענט אויפן גרויסן בופעט־טיש און האט גערעדט צום געזעמל פון מענטשן. עדמונדן האט מען איבערגעזעצט דעם שמועס.

— איר זענט קעגן רעפּרעסיעס. איך בין אויך נישט קיין איבערי־קער אָנהענגער דערפון. מען קאָן אָבער נישט פירן מלחמה, מאכן רע־וואָלוציע און דערביי קוקן מיט פארלייגטע הענט, ווי דער שונא ארבעט קעגן אונדז. ארום אונדז שווימלט און ווימלט מיט פראנקאָ־אגענטן און איר פרעדיקט טאָלעראנץ, צו וועמען?

— ווער עס איז א פראנקאָ־אַגענט, דארף פארניכטעט ווערן, אָבער נישט קיין אומשולדיקע מענטשן.

— זיכער נישט קיין אומשולדיקע. ווי מיינט איר אָבער, שפּעקו־לאנטן זענען אומשולדיקע מענטשן?

— אַ שפּעקולאנט איז נאָך נישט קיין פראנקאָ־אַגענט.

— אוודאי, דירעקט נישט. ער רופט אָבער ארויס יקרות, אומצו־פרידנקייט, וועלכע ווענדט זיך קעגן אונדזער פאָלקס־רעגירונג, דעמאָרא־ליזירט דאָס הינטערלאנד. צי איז דאָס נישט אין אינטערעס פון פראנ־קאָ?

— איר ווילט איינשטעלן אייער דיקטאטור!

— איר ווייסט דאָך אליין, אז דאָס איז נישט אמת. מיר, קאָמו־ניסטן זענען א גרויסער כוח אין לאנד. די מערהייט פון אונדזערע חברים איז אויפן פראָנט. טויזנטער אונדזערע חברים זענען אומגעקומען, און

דאָך פאָדערן מיר פאר זיך גאָרנישט. אין דער רעגירונג האָבן מיר נאָר צוויי מיניסטאָרן. מיר זענען לאָיאַל אַפילו דעמלט, ווען מיר זענען נישט מסכים. מיר ווארפן זיך אונטער יעדער פאראָרדענונג פון דער רעגירונג. טאָ צי וואָס די רייד וועגן אונדזער דיקטאַטור. מיר האלטן, אז דאָס וויכטיקסטע איז דער נצחון איבערן פאַשיזם, איבער פראנקאָ.

— פארוואָס האָט איר געפאָדערט די דימיסיע פון לאַרגאָ קאַבאַ־לעראָ?

— ווען קאַבאַלעראָ וואָלט נישט דימיסיאָנירט, וואָלטן מיר שוין פון לאנג פארשפילט די מלחמה. דאָס איז געווען אונדזער גליק. איצט נעמט ער זיך צו ברעכן די פראָפאריינען. אין אזא צייט, ווען עס איז אזוי נייטיק די איינהייט...

— איר קריטיקירט אליין די אומפאראנטוואָרטלעכע עלעמענטן פון די אַנאַרכיסטן, און דאָך ווילט איר מיט זיי איינהייט.

— זיכער. נאָר א שטארקע איינהייט וועט א סוף מאַכן מיט די אומפאראנטוואָרטלעכע עלעמענטן. די אַנאַרכיסטן האָבן שוין אָפּגע־וואָרפן א סך פון זייערע פאראורטיילן. עס זענען פאראַן אלע באדינגונגען פאר אמתער איינהייט.

ער איז געווען מיד פון לאנג רעדן. דער שוויס האָט אדורכגענעצט זיין טונקל העמד. ער האָט זיך אוועקגעזעצט. זיין קעגנער האָט אים דערלאנגט א גלאָז וויין.

— נא, טרינק. אז דו וועסט זיך אזוי יעדן טאָג רייסן, וועסטו אינ־גאנצן פארלירן די כוחות.

— דאָס זענען צוויי ברידער — האָט מען עדמונדן אויפגעקלערט.

— שטענדיק דיסקוטירן זיי צווישן זיך. אויף אלע פארזאמלונגען טרעטן זיי ארויס איינער קעגן צווייטן.

עדמונד און זיינע חברים זענען ארויס אויף דער גאס. א גרופע רע־קרוטן, יונגע שפאניער האָט מארשירט אונטער דער אָנפירונג פון אַן אָפיציר.

— פרישע רעזערוון — האָט עמעצער באמערקט — דאָס פאָלק מאָביליזירט זיך.

* * *

נאָך מיטאָג האָט זיך געמאכט א געלעגנהייט צוצופאָרן מיט אן אויטאָ ביז וואלענסיע. ער האָט געטראָפן וואלענסיע אין שאָטן פון בין השמשות. די שטאָט האָט זיך אויף אים אָנגערוקט א שרייענדיקע, מיט רייזיקע רעפלעקטאָרן אויפן הימל, מיט פינצטערנע גאַסן און שווערן סאַפּען פון לאסט־אויטאָס. מיליטער און ציווילע האָבן זיך צונויפגעמישט אויף די גאַסן און קאפעען.

אין אָוונט האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין עטלעכע דייטשישע פריי־ווילי־קע. וועלכע זענען געפאָרן נאָך אלבאצעטע און צוזאמען מיט זיי אוועק אויפן וואָקזאַל.

דער וואָקזאַל איז געווען באלאגערט פון מענטשן. דער צוג האָט גע־דאַרפט אָפּגיין ערשט עלף אזייגער אין אָוונט. עס איז געווען נאָך ניין. נישט איילנדיק זיך זענען זיי ארויס אויפן פעראָן. א לאנגער צוג איז געשטאַנען אויף דער ערשטער ליניע. ביי אלע וואגאָנען האָבן זיך גע־שטופּט פּאסאזשירן, מיליטער־לייט און ציווילע, מיט קוישן, פּעק, זעק־לעך און וואליזעס. זיי זענען פארבייגעגאנגען אלע וואגאָנען. ס'איז שוין נישט געווען קיין פּלאַץ. טייל פּאַסאַזשירן איז שוין געשטאַנען אין די אדורכגענג.

עדמונד האָט זיך דערמאנט דאָס יאָר 1918—1919 אין רוסלאנד. אויך דעמלט זענען די צוגן געווען איבערפולט, מען איז געפאָרן אויף די דעכער. דאָך אזא ענגשאפט און שטופּעניש איז אפילו דעמלט נישט געווען. וווּ פאָרן עס די דאָזיקע אלע מענטשן? נישט האָבנדיק קיין אויס־וועג האָבן זיי זיך ארויפגעדראפּעט אויף אן אָפענער פּלאטפאָרם פון א וואַגאָן.

— וויפל קילאָמעטער האָבן מיר קיין אלבאצעטע? — האָט עדמונד געפרעגט ביי זיינע מיטפאָרער.

— ביי א 180.

— ווי לאנג וועלן מיר פאָרן?

— מיר וועלן דערפאָרן צומאָרגנס ניין אין דער פרי.

עדמונד האָט זיך געוווּנדערט.

— אַזאַ קליינע שטרעקע פאָרן אזוי לאנג!

— די שפּאנישע באנען גייען איצט זייער לאנגזאם. דאָס איז איי־נע פון די שווערסטע פּראָבלעמען פון דער רעפּובליק. עס וועט נאָך גוט זיין, אויב דער צוג וועט זיך נישט פארשפּעטיקן.

עדמונדן איז געוואָרן אומעטיק אויפן הארצן. נאָך צוויי נעכט נישט שלאָפן האָט זיך נישט געוואָלט א גאנצע נאכט פארברענגען אויף אַן אָפענער פלאטפאָרמע. עס איז אָבער נישט געווען קיין אויסוועג.

ענדלעך האָט דער צוג זיך גערירט פון אָרט. ער האָט זיך געשלעפט. מאמעס האָבן געפאָכעט מיט די טיכלעך צו זייערע זין, וועלכע זענען צוריק געפאָרן פון אורלויב אויפן פראָנט. די זין האָבן פריילעכע אָפּגעענטפערט שרייענדיק „סאלוד“.

ביי יעדער קליינער סטאציע איז די ענגשאפט געוואָרן נאָך שטארקער. די שפאניער האָבן געדולדיק זיך געלאָזט שטופן, טרעטן אויף די פיס, נישט פראָטעסטירט, נישט געשריגן, אז עס איז נישט פאראן קיין אָרט, א מענטש דארף פאָרן, זאָל ער פאָרן. וועט זיין נאָך א ביסל ענגער.

נאָר די דייטשישע באגלייטער פון עדמונדן זענען געווען אומצופרידן, זיי האָבן זיך צו דעם נישט געקענט צוגעוויינען, באזונדערס האָט זיי פארדראָסן, ווען עמעצער האָט זיי נישט ווילנדיק אָנגעטרעטן.

לאנגזאם האָט זיך אָנגערוקט דער פרימאָרגן. ארום זענען געלעגן אָרעמע, אויסגעטרוקנטע פעלדער, פלאך־לאנד און קליינע בערגלעך. מאָנאָטאָן איינקאָליריק איז געווען די אַלבאצעטער פאַנאָראמע, פארברענטע ערד און קיילעכדיקע שטיינערנע בערגלעך. עדמונד איז א מידער און אויסגעשעפטער איינגעשלאָפן.

# 18. דער מאַרש אויף סאַראַגאָסאַ

דער זומער 1937 איז אדורך אין שפּאניע אין בלוטיקן פּארמעסט. מע האָט געקעמפּט אויף אלע פראָנטן: אין טיפן טאָל פון מאַדריד, אין ברענענדיקן דרום, ביי הועסקאַ און צפון. אומעטום האָט זיך געגאָסן בלוט.

מאַדריד. שטאָל און אייזן צעשמאָלצן אין פייער האָט פארפלייצט די ערד. די רעפּובליקאנישע פּאָזיציעס זענען אָבער פארבליבן אומפאר־ענדערט.

פראנקאָ און זיינע ראַט־געבער האָבן איבערגעוואָרפן זייערע בעסטע כוחות אויפן צפון־פראָנט, אויפן לאנד פון די באַסקן און אַסטוריע. דער צפון איז דעמלט געווען אָפּגעשניטן פון דער רעפּובליק, האָט נישט גע־קאָנט באַקומען קיין שטיצע פון צענטער. אין באַסקן־לאַנד ווידער איז דער פאָלקס־פראָנט געווען אַמשוואַכסטן. א טייל פון דער באַסקישער בורזשואַזיע האָט אָפן סאַבאָטירט די פאראָרדענונגען פון דער צענטראַלער פאָלקס־רעגירונג. דער באַסקישער פויער ווידער האָט נישט באַקומען קיין ערד, ער האָט אַזוי ארום נישט אָפּגעפילט די רעוואָלוציע.

פראנקאָ האָט באַשלאָסן אויסצונוצן די שוואַכע פונקטן פון דער רעפּובליק. ער האָט זיך דעריבער געוואָרפן אויפן צפון־פראָנט.

אָפּגעקליבענע דיוויזיעס, מעכאַניזירטע בריגאַדעס, הונדערטער טאַנקן און אַעראָפּלאַנען האָבן זיך א לאָז געטאָן אין זייער בלוטיקן מאַרש. בילבאַאָ איז געפאלן, די אייזערנע קייט ארום סאַנטאַנדער און אָווידיע איז געוואָרן אלץ ענגער. די שטאָלצע בערג זענען פארגאָסן געוואָרן מיט פייער און בלוט.

נאָר איין גרויסער פראָנט איז אין משך פון ערשטן יאָר קריג געווען שטיל. דאָס איז געווען דער אַראַגאָנער פראָנט. די פאשיסטן האָבן זיך געריסן צום צענטער, צו די רייכטימער פון שפּאניע, צו זיינע פּאָליטישע און סטראַטעגישע באַזעס. זיי האָט אָבער אין אָנהייב נישט געצויגן דאָס אָרעמע אַראַגאָנער לאַנד. אין אַראַגאָניע האָט געהערשט א משונהדיקער

צושטאנד. די אַנאַרכיסטן, האָבנדיק די ערשטע צייט דאָרטן שטאַרקע־
רע איינפלוסן, האָט זיך צוזאַמען מיט די פּאָומיסטן * פאַרנומען מיט
איינפירן צוואַנגס־קאָלעקטיוויזאַציע. דאָס האָט דערפירט צו דער דע־
זאָרגאַניזאַציע פון דער ווירטשאַפט. אויף אַלע פראָנטן האָט מען גע־
בלוטיקט, אָבער אין אַראַגאָן האָט מען געשפּילט אין פוטבאָל מיט...
די פאַשיסטן.

אַראַגאָן האָט געשוויגן. ביי זיינע טויטע אויסגעטריקנטע ווילדע
בערגן, זומפיקע טאָלן און ליימיקער ערד האָבן זיך געשווענקט די געלע
וואַסערן פון עבראָ. סטראַטעגישע אַרטעריעס האָבן זיך געקרייצט אויף
זיינע וועגן: הועסקאָ און סאַראַגאָסאַ; די וועגן צו די פּירענייען און דער
טויער צום שפּייכלער פון שפּאַניע זענען געשטאַנען שטיל, אומבאַוועג־
לעך.

ס'איז נייטיק געווען אויפצולעבן דעם דאָזיקן פאַרגליווערטן פראָנט
אָנגרייפן דורך אים די פאַשיסטן, שטערן זייער מאַרש אויפן צפון, פאַר־
ניכטן די פּאָזיציע ביי טערועל, פון וועלכער מע קאָן אָנפאַלן אויף וואַ־
לענסיע — מאַדריד.

ס'האָט זיך געגרייט די צווייטע אָפענסיווע פון דער פאָלקס־אַרמיי.
הועסקאַ, סאַראַגאָסאַ בעלטשיטע און קווינטאָ זענען געשטאַנען צעמענ־
טירטע, פאַרדראָטעוועטע, אָפּוואַרטנדיקע, אָנגעכמורעטע און בייזע.

*   *

*

שמאָלע וועגן, אויסגעטריקנטע און איינצעלנע ווייַנגערטנער האָבן
געפירט צום שטעטל. בלאָטיקע קאַנאַוועס מיטן פאַרעיפּושטן מוטניעם
וואַסער, וואָס האָט געדעמפט אויף דער גליענדיקער זון, האָבן פאַרפּעס־
טעט ארום די לופט. דאָס געלע וואַסער פון דער עבראָ איז פויל געלאָפן
אין א זייט, באַהאַלטנדיק זיך פאַרשעמט אונטער א באַרג.

דאָס שטעטל האָט זיך געשטיקט אין די טעג און נעכט אונטער די
פאַרמאַכטע לאָדנס. די איינוווינער האָבן שווער געאַרבעט, קוקנדיק מיט
אומרו און אומזיכערקייט אויף ביידע זייטן גרענעץ פון זייער לאַנד.

אין דער בריגאַדע, וועלכע איז געשטאַנען אין אָפענעם פעלד, נעבן
טייך, איז אָנגעגאַנגען א פיבערהאַפטע צוגרייטונגס־אַרבעט. די דיוויזיע
און אלע בריגאַדעס זענען אַליאַרמירט געוואָרן „זייט גרייט!“ די ברי־

* אַ טראָצקיסטישע אָרגאַניזאַציע אין שפּאַניע.

גאַדע האָט געמאַכט אירע לעצטע צוגרייטונגען צו דער קאָמענדיקער אָפּענסיווע. די נערוועזע שטימונג פון שטאַב האָט זיך איבערגעטראָגן אין די באַטאַליאָנען און קאָמפּאַניעס. אומעטום האָט מען זיך שטיל געסודעט, אַז, ס'הייבט זיך אָן...

אויסגערוטע, געזונטע און אויסגעהיילטע פון וווּנדן האָבן די קעמפער געוואַרט. יעדן פאַרטאָג זענען אָנגעקומען פון אַלבאַצעטע פרישע טראַנספּאָרטן פרייוויליקע פון די אינטערבריגאַדעס און מאָביליזירטע פון די פאַרשידענע שפּאַנישע פּראָווינצן, פויערים פון מורציע און אַליקאַנטע־אַלבאַצעטע, אַרבעטער פון באַרצעלאָנע און וואַלענסיע. פאַרזאַמלונגען זענען פאָרגעקומען יעדן טאָג.

די אינטענדענטורן האָבן איבערהויפּט געגרייט אַמוניציע, געווער און פּראָדוקטן, באַזאָרגט זיך אויף אייגענעם חשבון מיט „בוריקעס"*), אַלס דעם זיכערסטן און לייכטסטן טראַנספּאָרט אין די בערג. אין די שטאַבן פון די באַטאַלאָנען און דער בריגאַדע האָט מען געאַרבעט איבער לאַנד־קאַרטן, שטודירט די מעגלעכע פּאָזיציעס, קאָנטראָלירט מיט זאָרג די צאָל באַגנעטן און סכום אַמוניציע, וואָס זיי פאַרמאָגן. אויף ווי לאַנג וועט דאָס גענוגן.

דער שונא איז געווען גוט באַוואָפנט. אין פאַרלויף פון דער אייניאָריקער שטילקייט האָט ער געהאַט גענוג צייט צו פאַרפעסטיקן זיינע פּאָזיציעס, אויסבויען א נעץ פון בעטאָן־פאַרפעסטיקונגען.

לאַנג איז געווען דער פראָנט־אָפּשניט. אויף יעדן פונקט איז פון פאָרויס געווען באַשטימט, ווער ס'זאָל אָנגרייפן: די שפּאַנישע דיוויזיעס פון מאָדעסטאָ, ליסטער און קאַמפּעסינאָ, אַלע אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. די פינפאונדרייסיקסטע און פינפאונצוואַנציקסטע דיוויזיעס, דאָס שיינדל פון דער פאָלקס־אַרמיי, האָבן זיך געגרייט א קלאַפּ טאָן דעם שונא מיט א געפּאַנצערטער פויסט.

די פוילישע בריגאַדע פון דער פינפאונפערציקסטער דיוויזיע האָט געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע צו גיין אויף ווילאַ מאַיאָר דע גאַללאָ, עפּענען פאַר דער פאָלקס־אַרמיי דעם טויער פון סאַראַגאָסאַ.

מיט פרייד האָבן די פּאָליאַקן אויפגענומען די ידיעה. סאַראַגאָסאַ. אויף דער האָזיקער ערד האָבן שוין זייערע זיידעס מיט קנאַפּע הונדערט

*) מויל־אייזלען.

און דרייסיק יאָר צוריק געטראָטן, געקעמפט אונטער נאַפּאָלעאָנס אָנפי־ רונג פאַר אַן אומגערעכטער, פרעמדער זאַך. איצט קענען זיי, די אייניק־ לעך פון יענע אָפּצאָלן דעם שפּאַנישן פאָלק אַן אַלטן היסטאָרישן חוב, די פּוילישע באַטאַליאָנען האָבן זיך פיבערהאַפט געגרייט צום אָנגריף.

* *
*

וואַלטער האָט געהערט געצופּט די אַראָפּהענגענדיקע לאַנגע בלאָנדע וואָנצעס. ארום אים זענען אויפן גראָז געזעסן די קאָמענדאַנטן פון די קאָמפּאַניעס און פּלוטאָנען. ער האָט פאַר זיי געהאַלטן א קורצן רעפע־ ראַט וועגן דער פאָרשטייענדיקער אָפּעראַציע.

ער האָט זיי דערציילט וועגן אַלע שוועריקייטן פון קאַמף: דאָס גע־ ביט איז באַרגיק און ווילד. ס'זענען נישטאַ קיין געניַע קאַרטעס פון דער געגנט, ס'קאָן אויסקומען יעדער קאָמפּאַניע אַליין זיך צו אָריענטירן, געפינען דעם וועג. ער האָט גערעדט וועגן דער ראָל און אחריות פון די אויסשפּיר־אָפּטיילונגען, וועגן זייער צאָל, מאַסקירונג, וועגן זייער אויפ־ גאַבע אין פאַרשידענע סיטואַציעס, ווען מע טאָר נישט שיסן און ווען מע מוז זיך אָפּשיסן. אַליך האָט פאַר א ציל אויסצוגעפינען די פייער־נעסטן פון שונא.

ער האָט באַקענט די פאַרזאַמלטע מיט א צייטונג, וועלכע האָט פאָרגעשטעלט די פיינטלעכע פּאָזיציעס און אָנגעוויזן, וואָס ס'איז נייטיק אין זיי אויסצוגעפינען. די צוהערער האָבן אויפמערקזאַם נאָטירט. וואַל־ טער האָט פאָרגעזעצט:

— רופט צונויף אַלע שעפן פון די פּלוטאָנען און סעקציעס. זעט, אַז די יאַטן זאָלן האָבן פולע מענאַזשקעס אויפן וועג. גיט ארויס דאָפּל־ טע פּאָרציעס ציגאַרעטן און טאַבאַק. זאָרגט אַז ס'זאָלן זיין גענוג פאַט־ ראָנען. די פאַרבינדונג מוז אַרבעטן אָן איבעררייס. מע דאַרף צוגרייטן טעלעפאָן־דראָטן. ס'מוז אַלץ קלאַפּן. מיר דאַרפן באַווייזן, צו וואָס ס'איז פעיק אונדזער נייער באַטאַליאָן „פּאַליאַפאָקס".

ס'איז צוגעקומען גראַטשעוו. זיין קאָרפּולענטע פיגור האָט געמאַכט אַן איינדרוק. זיין פול געזיכט און די טונקעלע וואָנצעס האָבן געהאַט א מילדן אויסזען. זיינע אויגן האָבן געשמייכלט, זיין שטימע האָט אביסל געציטערט.

— חברים, די איצטיקע אָפּענסיווע וועט זיין די קאַמפּס־טויפונג פון אונדזער באַטאַליאָן. מיר האָבן צווישן זיך די העלדישע קאָמפּאַניע אויפן נאָמען פון מיצקעוויטש. מיר האָבן צווישן זיך א סך שפּאַניער. אָבער אלס באַטאַליאָן טרעטן מיר דאָס ערשטע מאָל ארויס. מיר מוזן באַווייזן, וואָס מיר קענען, נישט פאַרשעמען דעם נאָמען פון פּאַלאַ־פאָקס, וועלכן מיר טראָגן. נישט פאַרשעמען פּוילן. איך בין אַן אַלטער אָפיציר נאָך פון דער עסטרייכישער ארמיי, נישט דאָס ערשטע מאָל בין איך אין קאַמף. אָבער דאָס ערשטע מאָל האָב איך דעם כבוד אָנצופירן מיט א באַטאַליאָן פון דער פּאָלקס־ארמיי. אונדזער באַטאַליאָן דאַרף דערפילן זיין חוב לגבי דער רעפּובליק.

ביים טייך זענען געזעסן צווישן די קשאַקעס אין א קרייז פּאָליאַקן, יידן, אוקראַינער, ווייסרוסן, שפּאַניער. אלע האָבן מיט אויסגעדרייטע קעפּ געקוקט אויף זייער באַליבטן קאָמיסאַר, וועלכער איז געשטאַנען אינדערמיט. אנטאָנס יונג געזיכט איז געווען שטאַרק אָפּגעברענט, זיינע גרויע אויגן האָבן איצט געהאַט א שטאָל־קאָליר, די דינע ליפּן האָבן אויסגעדרוקט ווילן. זיין רעדע האָט געוואַרעמט, געשפּריצט מיט פייער.

* *
*

אין שטאַב פון דאָמבראָווסקי־באַטאַליאָן האָט געהערשט א גרויסע באַוועגונג. דער קליינער קאָמענדאַנט פעליקס, מיט אַן אויסגעטרוקנט בלאַס געזיכט, ענערגישע קלוגע אויגן, האָט ארויסגעגעבן באַפעלן. זיין אַדיוטאַנט לוטעק איז געלאָפן פון איינעם צום צווייטן, אָפּגעבנדיק די לעצטע פאַראָרדענונגען.

— נאָך היינט מוזטו קאָנטראָלירן — האָט ער זיך געווענדט צום קאָמענדאַנט פון דער קוילנוואַרפער קאָמפּאַניע — צי אלע קוילנוואַרפער זענען קאַמפּספעיק. פאַרלאָז זיך נישט אויף קיינעם, פאַרשטאַרק די באַזעצונג, נעם פון די נייע אָנגעקומענע, וועלכע האָבן געענדיקט אין אַלבאַצעטע די קוילנוואַרפער־שולע, פאַרגעס נישט, אז אין קאַמף וועלן דעצידירן פריער פאַר אַלעם די קוילנוואַרפער.

— ווי זעט אויס די טעלעפאָנען־נעץ? — האָט ער זיך געווענדט צו א יונגינטשקן אָפיציר.

— חבר קאָמענדאַנט, אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדענונג. מיר האָבן צוגעגרייט אונדזער גאַנצן רעזערוו. איך גלייב, אַז ס׳וועט געניגן.

ס׳איז אַריינגעקומען דער אינטענדענט פון באַטאַליאָן.

— אַרויסגעבן דאָפּלטע פּאָרציעס קאָניאַק און בעסער עסן.

— באַפעל.

איינער נאָכן צווייטן זענען געקומען און אָוועקגעגאַנגען די אָפיצירן און פּאַרבינדלער באַקומענדיק באַפעלן. דער טעלעפאָן האָט זיך צע־קלינגען. מע האָט פּעליקסן אַרויסגערופן אין שטאַב פון דער בריגאַדע.

ווינצענטי, אַ שטאַב־אָפיציר האָט געהאַלטן פאַר די אָפיצירן אַן אינסטרוקטיוון רעפעראַט וועגן נאַכט־אַטאַקעס. ער איז נישט געווען קיין רעדנער. ער האָט זיך באַמיט אין קורצע ווערטער צו פאַסן די הויפּט־געדאַנקען.

די אָפיצירן האָבן פאַרלאָזט דעם שטאַב.

ס׳וועט זיין היים — האָט געזאָגט שטשעפּאַן צו אַליעקן, דעם רע־דאַקטאָר פון דער באַטאַליאָן־צייטונג.

פראַנעק האָט געשפּרייזט פון איין קאָמפּאַניע אין דער צווייטער. געגעבן אינסטרוקציעס די קאָמפּאַניע־קאָמיסאַרן און די פּאָליטדעלעגאַטן. ער איז איצט געווען דער פּאָליטקאָמיסאַר פון באַטאַליאָן. מיטן באַטאַ־ליאָן איז ער געוואַקסן.

געבוירן אין אַ פאַרוואָרפן פּויליש דאָרף ביי אַן אָרעמען ערדלאָזן פּויער, האָט ער פון זיין פריערסטער יוגנט דערשפּירט דעם טעם פון הונ־גער און קעלט. ווינטער געטראָגן דעם פאַרשטאָרבענעם זיידנס אָפּגעריס־בענעם פעלץ. אַ גאַנצן זומער איז ער געגאַנגען באָרוועס.

דאָס דאָרף האָט אים מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן. ער איז אַוועק קיין פראַנקרייך און געוואָרן אַ קוילנגרעבער. די שאַכטע האָט אים געלערנט און פאַרהאַרטעוועט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז גוצליער, אַז די געזעלשאַפט בייטיקט זיך אין אים. ער האָט אָנגעהויבן מאָנען זיינע רעכט. ער טרעט אַריין אין פאַריין און ווערט דאָרטן אַקטיוו, דערנאָך ווערט ער אַקטיוו פּאָליטיש. ס׳עפנט זיך פאַר אים אַ נייע וועלט. ער הייבט אָן אַנדעריש צו באַנעמען דאָס לעבן. מע דערקענט זיך אויף אים; ער רופט אַרויס צוטרוי צו זיך. מען שאַצט אָפּ זיינע אָרגאַניזאַטאָ־רישע פעיקייטן.

פראַנעק איז איינער פון די ערשטע, וועלכע זענען אַוועק קיין שפּאַ־ניע. ער האָט נאָך אויף קיין איין רגע נישט פאַרלאָזט זיין באַטאַליאָן.

*   *
*

— איך האָב שוין געוואַרט אויף דיר. אסתר האָט מיר געשריבן, אַז דו קומסט.

זיי האָבן זיך ביידע לאַנג געקוקט אין די אויגן שמייכלענדיק איינער צום צווייטן.

— מען האָט דיך צוגעטיילט צו די קוילנוואַרפער?

— יאָ. געדינט בײַ זיי אין דער פּוילישער אַרמיי.

— ווי פילט זיך אסתר?

— גוט, זי איז פאַרנומען, פאַרדינט, אַרבעט געזעלשאַפטלעך. זי איז זייער שיין געוואָרן — האָט ער צוגעגעבן פאַררויטלענדיק זיך.

— האָסטו אפשר געזען מײַן מוטער?

זייער אָפט. זי בענקט שטאַרק נאָך דיר. געוואָרן אַ גאַנצע פּאָליטי־קערין. אסתר מוז איר לייענען יעדן טאָג די צײַטונג, די נײַעס פון שפּאַ־ניע. אַלע געשפּרעכן, וועלכע זי פירט, איז נאָר וועגן דיר.

דן האָט איבערגעגעבן וואָס ס'הערט זיך אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. דוד האָט געפרעגט אויף באַקאַנטע. ס'האָבן אויפגעלעבט די היימישע גאַסן, געשטאַלטן פון נאָענטע און באַקאַנטע.

ס'איז צוגעקומען צו זיי רובין.

— דן, דו ביסט צוגעטיילט צו מײַן קוילנוואַרפער. קום מיט מיר, וועסטו זיך באַקענען מיט אונדזער מאַשינקע.

דוד איז געבליבן אַליין. ער איז געזעסן אויף אַ ברייטן שטיין. די ערד אַרום איז געווען פּוסט און אויסגעטריקנט. די געלע עבראַ האָט שטיל געפּליעשטשעט, אַנקלאַפּנדיק זיך אין שטיינערנעם ברעג. דוד האָט אַרויסגענומען און נאָכאַמאָל איבערגעלייענט אסתרס בריוו, וואָס ער האָט באַקומען מיט עטלעכע טעג צוריק.

מײַן האַרציקער ברודער!

אינקורצן וועסטו אָפּנעמען אַ לעבעדיקן גרוס פון מיר. ס'וועט קו־מען צו אײַך אַ פרישער חבר. ער הייסט דן, אויסער דיר און דער מאַמען איז ער מיר דער נאָענטסטער מענטש.

איצט וועל איך האָבן אין שפּאַניע אַלץ, וואָס איז מיר ליב און טײַער. מײַן האַרץ וועט זײַן מיט אײַך, דאָרטן.

כ'האָב צו דיר אַ גרויסע ביטע. גיעם אים אויף, ווי ער וואָלט גע-
וועז דיינער א ברודער. איך וועל זיין דואיקער...
די מאמע איז געזונט, זי בענקט שטארק נאָך דיר און ציטערט
פאר דיין געזונט.
זיי געזונט און שטארק.
איך קוש דיר דיין אסתר.
ניט ווייט פון דורן איז געזעסן אויף דער ערד אויסגעזעצט אין
א האלבן קרייז אצוגויפגעמישטע גרופע פון פאַליאַקן און שפאניער.
שטשעפאן האָט אויסגעשפּילט אויף א הארמאָניקע פוילישע פאָלקס-מאָ-
טיוון. ער האָט געשפּילט גוט, זיינע אויגן האָבן געבלישטשעט, זיין
גאנציע פּערסאָנע פיגור האָט געאָטעמט מיט פרייליכער זאָרגלאָזיקייט, גע-
וואגטקייט, הארמאָניש זענען געפלאָסן די טענער פון א פוילישער מאַ-
זורקע. עטלעכע יאָטן האָבן געטאנצט. די שפאניער האָבן מיט פארגנ-
גיגן זיך צוגעהערט צו די פוילישע מאָטיוון.
זבישעק האָט זיך צעזינגען און די אנדערע האָבן אים מיטגעהאָלפן:

„אין דער שפאנישער ארמיי
פארשרייבן זיך די יאָטן,
פארשרייבן זיך די יאָטן,
נישט איין מיידל,
נישט איין געליבטער
וועט ווערן טרויעריק אויפן הארצן,
וועט ווערן טרויעריק אויפן הארצן,
נישט וויין דו מיידל,
זיי נישט טרויעריק,
זיי נישט טרויעריק,
אין א יאָר אָדער צוויי,
אין א יאָר אָדער צוויי,
וועל איך זיך אומקערן.
וועל איך זיך אומקערן.
און אז איך וועל נישט צוריקקומען,
וועל איך שרייבן בריוו,
וועל איך שרייבן בריוו,
דו וועסט זיי לייענען

און וועסט וויינען

איך וועל דיין געוויין נישט הערן,

ניט זען דיינע טרערן".

דוד האָט זיך צוגעהערט צום ליד.

די שפּאַניער האָבן אָנגעהויבן צו זינגען זייערע פֿאָלקס־לידער. שטשעפּאַן האָט שנעל אויפֿגעכאַפּט די צעצויגענע מעלאָדיעס פֿון שפּאַניש פֿאָלקס־מאָטיוו.

דוד האָט אין די שפּאַנישע לידער באַמערקט אַ קרובֿהשאַפֿט מיט די ייִדישע פֿאָלקס־מאָטיוון, דעם טרויעריקן קנייטש און טיפֿע בענקשאַפֿט.

ס'האָט זיך דערהערט דער סיגנאַל צום אָוונט־ברויט. חבֿרה איז זיך נישט ווילנדיק צעגאַנגען. די שווערע לופֿט פֿון הייסן טאָג האָט איינגעזאַפּט די פֿאַרלאָשענע טענער, טראָגנדיק זיי איבער די בערג.

# 19. דער שמועס

דער אָוונט איז געווען א פינצטערער. די לבנה איז נאָך געווען ווייט באהאלטן אונטער די בערג. צווישן די קשאַקעס האָבן שוואך געלויכטן אייניצעלנע פייערן. גבריאל, אלישה, אברהם און העניעק זענען געזעסן אויפן פעלד, דערציילט זיך מעשיות. נישט געקוקט אויף דער פינצטערנישט האָבן אייניקע געוואשן דאָס שמוציקע וועש ביים טייך, אנדערע האָבן געבאָדן זייערע פיס. די ערד איז נאָך נישט געווען אָפּגעקילט פון דושנעם פארנעם טאָג. ס'האָט זיך געהערט אן איינזאמער שאָס, וואָס איז באלד פארשטומט געוואָרן.

— איך בין אייך מקנא — האָט גבריאל געזאָגט — איר זייט שוין אלטע קעמפער, אָנטיילגענומען אין אזויפיל שלאכטן. פאר מיר וועט עס איצט זיין דאָס ערשטע מאָל.

אלישה האָט ארויפגעלייגט זיין האַנט אויף גבריאלס אָרעם.

— אין עטלעכע טעג ארום וועסטו שוין אויך זיין אן אלטער. אלע האָבן מיר איבערגעלעבט דעם זעלבן ציטער און אומגעדולד ווי דו.

— ס'איז מערקווירדיק און סימבאָליש — האָט אברהם זיך אָפּגערופן — דער אָנטייל פון יידן אין באפרייונגס־קאַמף פון שפּאנישן פאָלק. מיט הונדערטער יאָרן צוריק האָט די שפּאנישע אינקוויזיציע פארטריבן די יידן. איצט זענען מיר, זייערע אייניקלעך, געקומען קיין שפּאַניע קעמפן צוזאמען מיטן אונטערדריקטן שפּאנישן פאָלק קעגן די אייניקלעך פון די אינקוויזיטאָרן. צי איז עס נישט סימבאָליש? ווען איך וואָלט געווען רעליגיעז, וואָלט איך דערין איינגעזען א שטראָף פון גאָט.

— מע קאָן נישט אומבאשטראָפט באגיין אן עוולה קעגן א גאנץ פאָלק. די געשיכטע איז זיך נוקם. די שפּאנישע אינקוויזיטאָרן האָבן געהאָפט, אז מיט דער הילף פון שייטער־הויפן און גירוש פון די יידן וועט זיי געלונגען צו האלטן דאָס שפּאנישע פאָלק אין אייביקער פינצטערניש. זיי האָבן זיך טועה געווען.

— ס'איז דעריבער נישט צופעליק — האָט זיך אָנגערופן אלישה — וואָס יידישע יאַטן דיסקוטירן איבער דער פראַגע צי שאַפן א יידישע מיליטערישע איינהייט. ווי איז אייער מיינונג?

העניעק האָט דער ערשטער זיך אָפּגערופן:

— אין פּרינציפּ קאָן איך נישט זיין קעגן. ס'איז פאראַן אזויפיל נאַציאָנאַלע מיליטערישע איינהייטן, פאַרוואָס זאָל נישט זיין קיין יידישע! איך האָב נאָר איין באַוואָרעניש. דער קאַמף פון די יידישע פרייוויליקע צוזאַמען מיט די פוילישע און אנדערע האָט געהאַט און האָט א דערציערישע באַדייטונג, האָט אַמשטאַרקסטן דערנעענטערט די אַנטיפאַשיסטן פון פאַרשידענע פעלקער. די פוילישע בריגאַדע האָט מער אויפגעטאָן פאַרן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, ווי הונדערטער פלוגבלעטער און אַרטיקלען. איך מיין דעריבער, אז א יידישע אָפּגעזונדערטע איינהייט קאָן אַמאָל אָפּשוואַכן דאָס צוזאַמענלעבן פון די יידישע קעמפער מיט די אנדערע.

— דאָס איז נישט ריכטיק — האָט מיט איבערצייגונג געזאָגט אַברהם — א יידישע איינהייט וועט נישט אָפּזונדערן. ס'עקזיסטירט דאָך שוין אַן אוקראַינישע איינהייט אין אונדזער באַטאַליאָן. די אוקראַינער האָבן זיך דערמיט נישט אָפּגעזונדערט. פאַרקערט, אלס א יידישע איינהייט פון דער פוילישער בריגאַדע וועלן מיר נאָך מער פאַרשטאַרקן אונדזער בונד מיט די פוילישע קעמפער.

— איך בין נאָך נישט באַקאַנט מיט די היגע פאַרהעלטענישן — האָט זיך גבריאל אָפּגערופן — נאָר מיר שיינט, אז אברהם איז גערעכט. ס'איז נייטיק א יידישע איינהייט. זי איז געשיכטלעך נייטיק. דער קאַמף קעגן ראַסיזם איז איינער פון די וויכטיקסטע מאָמענטן אין קאַמף קעגן פאַשיזם. א יידישע מיליטערישע איינהייט, וואָס זאָל דעמאָנסטרירן פאַר דער וועלט דעם אָנטייל פון די יידישע פאָלקס־מאַסן קעגן פאַשיזם, וועט האָבן א פּאָליטישע און דערציערישע באַדייטונג.

— איין יידישע קאָמפּאַניע — האָט אַברהם צוגעגעבן — וועט האָבן מער באַדייטונג ווי די איבער טויזנט יידישע פרייוויליקע, וועלכע געפינען זיך איצט אין די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. מיר זענען אומעטום צעוואָרפן אלס פּאָליאַקן, פראַנצויזן דייטשן, אַמעריקאַנער, ענגלענדער א.א.וו. ס'איז נייטיק, אז מען זאָל רעדן פון אונדזער אָנטייל אלס יידן.

איך מיין אָבער — האָט העניעק ווי באַקרעפּטיקט זיין שטאַנדפּונקט — אַז ס'וועלן זיין יידישע חברים, וועלכע וועלן נישט וועלן אַוועקגיין פון זייערע קאָמפּאַניעס, זיי האָבן זיך איינגעלעבט מיט די חברים, מיט וועלכע זיי האָבן די גאַנצע צייט געקעמפט צוזאַמען אַקסל ביי אַקסל.

— קיינער וויל דאָס נישט, אַז זיי זאָלן אַוועק פון זייערע קאָמפּאַניעס. מע וועט סיי ווי נישט קענען אויפנעמען אין איין איינהייט אַלע יידן. איך ווייס נישט צו איך פּערזענלעך וועל אַוועקגיין פון מיין קאָמפּאַניע. אָבער זאָל כאָטש געשאַפן ווערן איין יידישע קאָמפּאַניע, וועלכע זאָל סימבאָליזירן דעם אָנטייל פון אונדז אַלס יידן.

אלישה האָט נישט דאָס ערשטע מאָל זיך צוגעהערט צו אַזאַ דיסקוסיע. פון ערשטן טאָג פון זיין אָנקומען האָט ער געהערט רעדן דערפון. לאַנג האָט ער זיך נישט געקענט דעצידירן. די אַרגומענטן פאַר און קעגן האָבן אים געשיינט צו זיין גלייכע. ביסלעכווייז האָבן די אַרגומענטן פאַר שאַפן אַ יידישע איינהייט אָנגעהויבן איבערוועגן.

— איך קום אויך צו דעם זעלבן אויספיר, אַז מען דאַרף שאַפן — האָט ער זיך דעצידירט אָפן אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג. — איך האָב נעכטן געהאַט אַ געשפּרעך מיט אַנטאָנען, ער איז פאַר שאַפן אַ יידישע איינהייט. די דאָמבראָווסקי־בריגאַדע — זאָגט ער — דאַרף סימבאָליזירן דעם אָנטייל אין איר פון אַלע פעלקער, וועלכע באַוווינען פּוילן. ער האַלט, אַז די יידישע קאָמפּאַניע, פּונקט ווי די בריגאַדע, דאַרף נישט זיין אַ ריין נאַציאָנאַלע, נאָר ווי אומעטום אַ געמישטע, שפּאַניער, פּאָליאַקן, יידן, נאָר די אָנפירונג און דער נאָמען דאַרף זיין אַ יידישער.

— מיט דעם בין איך פולשטענדיק מסכים — האָט העניעק ווי באַפרייענדיק זיך פון אַ שווערער מאַסע פריילעך זיך אָפּגערופן — אין אַזאַ קאָמפּאַניע וועל איך אַליין אַריינטרעטן.

— איך אויך — האָט גבריאל געזאָגט — מיר וועלן קעמפן אין אַ יידישער קאָמפּאַניע, דער ערשטער אין דער געשיכטע, וועלכע וועט קעמפן קעגן פאַשיזם צוזאַמען מיט די אַנטיפאַשיסטן פון דער גאַנצער וועלט.

# 20. ערב דער שלאַכט פאַר סאַראַגאָסאַ

שפּעט ביינאַכט האָט אַ קליינע גרופּע פּוילישע קאַוואַלעריסטן פון דער דאָמבראָווסקי־בריגאַדע אומגעריכט געשטורעמט דעם שטאַרק באַפעסטיקטן דורך די פאַשיסטן באַרג פּעטורסאָ. די קאַוואַלעריסטן האָבן זיך מיט שטורם אַריינגעריסן אין שונאס פּאָזיציעס. די פאַשיסטן זענען אַנטלאָפן אין פּאַניק, איבערלאָזנדיק געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע. דער באַרג איז שנעל פאַרנומען געוואָרן.

אָבער די פאַשיסטן זענען שנעל געקומען צו זיך. איידער מע האָט זיך אין שטאַב פון דער דיוויזיע דערוווּסט פון לייכטן נצחון, האָבן די פאַשיסטן קאָנטראַטאַקירט מיט שטאַרקע כוחות. נאָך אַ פאַרביטערטן קאַמף האָט דאָס הייפל קאַוואַלעריסטן געמוזט אָפּטרעטן. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף אַרום סאַראַגאָסאַ.

שפּעט אין דער נאַכט איז געשטעלט געוואָרן אין אַליאַרם־גרייטקייט דער באַטאַליאָן א.ג. פון דאָבראָווסקי. די דאָבראָווסטשאַקעס זענען אַרויס אויף די פּאָזיציעס. צוזאַמען מיט זיי איז אַרויס דער אונגאַרישער באַטאַליאָן א.ג. פון ראַקאָשי. ביידע באַטאַליאָנען האָבן זיך שנעל באַפעסטיקט, עפענענדיק אַ העפטיקע שיסעריי אויף די פאַשיסטישע פּאָזיציעס.

פאַרטאָג האָט זיך אָנגעהויבן אַ קעגנזייטיקע שיסעריי. די רעפּובליקאַנישע באַטאַליאָנען האָבן לייכט אַטאַקירט דעם שונא, אויספּרובירנדיק זיינע כוחות, אויסגעפינענדיק זיינע באַפעסטיקטע פּאָזיציעס אין די אַרומיקע בערג.

פאַרן שטאַב פון דער פיר־און־פערציקסטער דיוויזיע און דער דאָמבראָווסקי־בריגאַדע זענען די דאָזיקע קאַמפּס־מאַנעווּרעס געוואָרן אַן אָנווייזונג אָנצונעמען ענטגילטיק דעם פּלאַן פון דער פאַרשטייענדיקער אָפּעראַציע. דער ציל איז געווען דאָס שטעטל ווילאַ מאַיאָר דע גאַללאַ, וואָס ליגט אינגאַנצן פיר קילאָמעטער פון סאַראַגאָסאַ. דאָרטן האָבן זיך

געזאָלט טרעפן און פאראייניקן אלע בריגאדעס און באטאליאָנען און שטורעמען סאראגאָסא.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו אַטאַקירן דעם שונא פראָנטאַל און פון זיין אייגענעם הינטערלאנד. די צוויי פוילישע באטאליאָנען האָבן געדאַרפט אדורכרייסן זיך דורך די באפעסטיקטע פאשיסטישע נעסטן, דורך זייערע באשיצטע בערג, ארייננבאקומען זיך קיין ווילא מאַיאָר דע גאללא. די איבעריקע בריגאדעס און באטאליאָנען האָבן געהאט די אויפגאבע אויסצונוצן די פאניק און דעמאָראליזאציע, וואָס דער אדורכרייס פון די פוילישע באטאליאָנען וועט ארויסרופן אין שונאס לאגער, אטאקירן אים פון זיינע פלאנגן, פאראייניקן זיך מיט די צוויי באטאליאָנען ביי ווילא מאיאָר דע גאללא און צוזאמען פאָרזעצן דעם מארש פאָרויס.

טויזנטער האָבן מיט פיבער און אומגעדולד געווארט אויף דער נאכט, אויפן באַפעל אָנצוהייבן די שלאכט. דער רעפּובליקאנישער לאַגער האָט זיך פיבערהאפט געגרייט א שפרונג צו טאָן דעם שונא אויפן האלדז. ס'האָט זיי איננאנצן אָפּגעטיילט פון סאראגאָסא עטלעכע און צוואנציק קילאָמעטער. א געלונגענער קלאַפּ און סאראגאָסאָ וועט ווערן באפרייט.

די נאכט פון 26־טן אויפן 27־טן אויגוסט איז געווען זייער א פינצטערע.אייגער דעם צווייטן האָט נישט געזען. די באטאליאָנען זענען אין פולער באוואָפענונג געשטאנען גרייט. די קעמפער מיט די ביקסן אין אויפגעפלאנצטע באגנעטן אין די הענט און גראנאטן ביי די פּאַסן האָבן אומגעדולדיק געווארט, שטיל האָט געריעדט איינער מיטן צווייטן.

די קאָמענדאנטן פון די קאָמפּאניעס און פּלוטאָנען האָבן נאָכאמאָל קאָנטראָלירט, צי אלץ איז אין אָרדענונג.

גבריאל האָט זיך געוואָנדן צו שטשעפּאנען:

— מיר גייען אין שלאכט, ווער ווייסט וואָס ס'קאָן געשען מיט מיר. טאָמער וועט עפּעס פּאַסירן, וועסטו די דאָזיקע פּאָר ווערטער איבערשיקן מיינע עלטערן, אויף דער צווייטער זייט איז אָנגעוויזן מיין אַדרעס.

שטשעפאן האָט צוגענומען דאָס שטיקל ציקנייטשטע פאפיר ארייננגעלייגנדיק עס אין קעשענע. ער האָט ארויסגענומען א בריוו מיט א קאָנווערט.

—דאָס זעלבע קאָן געשען מיט מיר. טאָמער ווער איך דערהרגעט, שרייב אָן צו מיינע, אויף דער צווייטער זייט פון קאָנווערט וועסטו געפינען זייער אַדרעס.

שימאַנסקי האָט געשוויגן. צי וואָס? — האָט ער געטראַכט — אז איך וועל געהרגעט ווערן וועלן די חברים סיי ווי מעלדן וועגן דעם מיינע. בעסער ניט צו טראַכטן פון טויט. דער טויט האָט פיינט, אז מען דערמאָנט אים צו אָפט. ניט גוט צו גיין אין קאַמף מיטן געפיל, אַז מען קאָן שטאַרבן. ער האָט אַרומגענומען שטשעפּאַנען.

— מיר וועלן א טרינק געבן, וואָס?

שטשעפּאַן האָט גערן מסכים געווען.

גראַנסקי האָט פּעסט געדרוקט זשוקס האַנט.

דוד האָט אין דער פינצטער אויפגעזוכט דינען, וועלכער איז געשטאַנען מיט וואַצעקן ביים קוילנוואַרפער.

— ווי פילסטו זיך?

— אויסגעצייכנט! איך האָב זיך אנדערש פאָרגעשטעלט דעם פראָנט. אַלץ איז אזוי געהיימניספול. די נאַכט, אונדזער מאַרש, דער שונא, וועלכן מע זעט ניט. די אַרומיקע שטילקייט. איך הער, ווי ס'קלאַפּן האַסטיק די הערצער פון די אַנדערע. מסתמא קלאַפּט אויך שטאַרק מיין אייגן האַרץ.

— ניט קיין וואונדער, מיין טייערער. אפילו ביי אלטע סאָלדאַטן קלאַפּן שטאַרקער די הערצער פארן קאַמף. דאָס זענען נאָר די ערשטע מינוטן, נאָכדעם געוווינט מען זיך צו. מען געדענקט נאָר אין איין זאַך, מע דאַרף שלאָגן דעם פאַרהאַסטן שונא. איך האָב אויך דאָס זעלבע איבערגעלעבט. האַלט זיך גוט, דו געפינסט זיך אין גוטע הענט, ביסט צוזאַמען מיט וואַצעקן און רובינען, ווילע יאַטן. ווי ס'וועט נאָר ליכטיק ווערן, וועלן מיר זיך זען.

ס'האָט זיך באַוויזן א רעפטל פון דער לבנה. פון דער פינצטערניש האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצושיילן די קאָנטורן פון די בערג.

ס'איז געקומען דער באַפעל.

דער ערשטער האָט אַרויסמאַרשירט דער באַטאַליאָן א. נ. פון דאָמבראָווסקי. פאָרויס זענען געגאַנגען די אויסשפירער. וולאַס האָט אָנגעפירט מיט דער ערשטער גרופּע. האַלטנדיק פעסט די ביקסן אין די הענט, צוהערנדיק זיך אָנגעשטרענגט, האָבן זיי זיך גערוקט פאָרויס. די באַדינונג פון די קוילנוואַרפער איז געגאַנגען אין דער מיט, טראָגנדיק אויף די פּלייצעס די שווערע מאַקסימקעס *).

---

*) שווערע סאָוויעטישע קוילנוואַרפער.

אין א לאנגער ריי האָבן זיי זיך אויסגעצויגן צווישן די בערג.

גבריאל איז געווינט געווען צו קלעטערן אויף בערג, ער איז געגאנגען אויף די שפּיץ פינגער, ווי אן אראבער. אויך דאָרטן, אין פּאַלעסטינע איז אויסגעקומען צו גיין ביינאכט. נאָר דאָס אייםהדיקע וואָיען פון די שאקאלן האָט געשטערט די שטילקייט פון די פּאַלעסטינער נעכט. דאָ אין אלץ איינגעהילט אין שטילער פינצטערניש, אלץ ארום איז מאָנאָטאָן.

זיי זענען אריין אין א טיפער בארג-עפענונג. פון ביידע זייטן, אויף די בארג-שפּיצן זענען געזעסן באפעסטיקט די פאשיסטן. וולאס האָט זיך באמיט צו גיין נאָענט פון די ווענט פון די בערג, כדי מען זאָל זיי נישט באַמערקן.

ער האָט עטלעכע מאָל זיך אָפּגעשטעלט, זיך צוגעהערט צו דער ארומיקער שטילקייט, געוואקלט זיך, וועלכן וועג אויסצוקלייבן. דער פאַרבינדלער צווישן אים און פעליקסן האָט באשטעטיקט די ריכטיקייט פון אויסגעקליבענעם וועג.

ס'איז וואָס אמאָל געוואָרן שווערער צו גיין. זיי האָבן זיך געפונען אין א טרוקענעם זאמדיקן מדבר, באוואָקסן מיט איינצלנע ווילדע, שטעכיקע קשאקעס, א דינער שטויב האָט זיך געהויבן פון זייערע פיס, אריינגעקראָכן אין זייערע אלע אָטעם-קאנאלן, געטריקנט און געברענט דאָס מויל און גומען. די באוואָפענונג האָט געשטערט דעם שנעלן גאנג, באַשווערט דאָס באוועגן זיך פאָרויס. זיי האָבן זיך געאיילט אדורכצוגיין וואָס מער וועג אין דער נאכט-פינצטערניש.

ארויס פון א טיפן בארג-קעסל, האָבן זיי אָנגעהויבן קלעטערן אויף א הויכן בארג-רוקן. זיי האָבן פלוצים דערזען פייערן. דאָס איז געווען סאַראַגאָסא. אַ געהיימניספולע, אַ שיינענדיקע אין דער נאַכט-פינצטערניש, האָט זי זיך דייטלעך אויסגעטיילט צווישן די בערג. ס'האָט זיך זיי געדאכט, אז זיי זעען אפילו די שפּיצן פון די קלויסטערס. זיי האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם, קוקנדיק אויף דער שטאָט, וועלכע איז געלעגן ביי זייערע פיס. די שטאָט איז געלעגן א רואיקע, א שלאָפנדיקע, אן אָפּווארטנדיקע. ס'האָבן זי איינגעהילט פון אלע זייטן די שווארצע שאָטנס פון די בערג.

זיי זענען שוין געווען ווייט פון רעפּובליקאנישן לאגער. אויך די פאָדערשטע פאשיסטישע פּאָזיציעס זענען שוין געלעגן טיף הינטער זיי. ווייטער גיין איז געווען געפערלעך. מע קאָן נאָך אָנטרעפן אויף די פא-

שיסטישע פאָרפּאָסטנס, אַליאַרמירן פּריציייטיק דעם שונא. ס'איז געפאלן א קורצער באפעל: „שטיין בלייבן!"

דער אריעגארד איז נאָך ווייט. לוטעק הייסט אביסל זיך ארומגראָבן. די קוילנוואַרפער ווערן אויסגעשטעלט גלייך צום קאמף.

מידע און אומגעדולדיקע לייגן זיך אוים די קעמפער אויף דער האַרטער, אויסגעטרוקנטער ערד, מע ווארט אויפן פרימאָרגן. פארשטארקטע וואכן גייען ארום, צוהערנדיק זיך צום מינדעסטן שאָרך.

לוטעק האָט זיך ערשט באַרואיקט, ווען אלץ איז שוין געווען אין אָרדענונג. ער איז ארויפגעקראָכן אויפן בארג־שפּיץ, געוואָלט זען, וואָס טוט זיך ארום. נאָר ער האָט גאָרנישט געזען. ארום האָט געהערשט א טויטע שטילקייט. אָבער יעדע עפענונג האָט געאָטעמט מיט שנאה און טויט, פון אומעטום האָבן געלויערט אויף די קעמפער די לופעס פון פייגטלעכע ביקסן, די מיילער פון די קוילנווארפער. צי וועט זיי געלונגען זיך אדורכצורייסן? צי וועלן אָנקומען אינדערפרי די צוגעזאָגטע פארשטארקונגען? פארוואָס איז ארום אזוי שטיל? א שווער פאָרגעפיל האָט גענאָגט זיין הארץ. ווער ווייסט, צי די אנדערע בריגאדעס און באַטאליאָנען האָבן זיך גערירט.

*   *
*

דער באטאליאָן א.ג. פון דאָמבראָווסקי איז שוין פון לאנג פארשוואונדן אין די בערג. ס'איז געקומען דער באפעל, אז דער באטאליאָן פּאָליאפּאָקס זאָל ארויסטרעטן. די קאָמפּאניעס זענען שוין פון לאנג געווען אויסגעשטעלט אין קאמפּס־גרייטקייט. דער באטאליאָן האָט גערירט אין וועג.

די ערשטע פאָרפּאָסטנס האָבן זיך פארקערעוועט אין טאָל. פּלוצים האָט זיך פון די בערג געעפנט א שטארק פייער אויפן באטאליאָן. די פאשיסטן האָבן געשאָסן אויף זיי פון ביקסן, קוילנווארפער און מארטירן. דאָס פייער איז געקומען פון ביידע זייטן בערג. די קוילן זענען געפלויגן פארביי זייערע קעפּ.

וולאַדעק האָט זיך שנעל אָריענטירט. זיי האָבן זיך געפונען צווישן די פאָדערשטע פּאָזיציעס פון שונא אין א שמאָלן אדורכגאנג. דער איינציקער אויסוועג איז געווען שנעל אריבערצולויפן דעם געפערלעכן וועג.

— פאַרויס! לויפֿן! — איז געפֿאַלן אַ שאַרפֿער באַפֿעל.

די קעמפֿער נישט אומקוקנדיק זיך, רעקנדיק זיך אונטער די וועגעט פֿון די בערג, זענען שנעל געלאָפֿן. דן האָט געטראָגן אויף זיינע יונגע פֿעסטע פּלייצעס דעם קוילנוואַרפֿער. נאָר נישט אומפֿאַלן, האָט אים געשטערט דער געדאַנק. דער געפֿערלעכער וועג איז שוין געווען הינטער זיי. זיי האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט.

צופֿרידענע זענען זיי געבליבן שטיין אין אַ טיפֿן טאָל. אונטער זיי האָט נאָך געדונערט דאָס בייזע פֿייער פֿון שונא. דאָס פֿייער האָט זיי אָבער שוין נישט געקאָנט דערגרייכן. אָן פֿאַרלוסטן האָט זיך דער באַ־טאַליאָן אויפֿסניי פֿאָרמירט.

די באַראַטונג פֿון דער אָנפֿירונג איז געווען זייער אַ קורצע. דער שונא איז אַליאַרמירט. כאָטש ער קאָן נישט זען אין דער פֿינצטערניש, ווו דער באַטאַליאָן איז אַוועק, דאַרף מען זיין זייער פֿאָרזיכטיק. בעסער נישט גיין מיטן שאָסיי. מע דאַרף גיין דורכן פֿעלד און די בערג.

זיי האָבן זיך געטיילט אין צוויי קאָלאָנעס. מיט איינער איז אַוועק אַנטאָן, פֿאַרקערעוועדיק זיך אויף רעכטס, מיט דער אַנדערער איז פֿאַרבליבן וואָלאַדעק. זיי האָבן איינגעשטעלט צווישן זיך אַ קאָנטאַקט דורך די פֿאַרבינדלער.

וואָלאַדעק און אַנטאָן האָבן פֿונאַנדערגעשטעלט זייערע כוחות. נישט גרופּירט אַלע צוזאַמען, לאַנגדיק אָפּגערוקט איין גרופּע פֿון דער צוויי־טער אויף 200—300 מעטער. אין פֿאַל פֿון אַן איבערפֿאַל פֿון שונא, זאָל איין גרופּע קענען קומען צו הילף דער צווייטער, זאָלן נישט אַלע זיך געפֿונען אונטערן פֿייער. זיי האָבן נישט געהאַט קיין געניטע מאַפּע פֿון דער אומגעגנט. זיי האָבן זיך געמוזט אָריענטירן לויט דער לבנה און קאָמפּאַס. זיי האָבן געמאַכט 4—5 קילאָמעטער אַ שעה. ס'האָט זיך גע־גאָסן פֿון זיי דער שווייס. די בערג זענען פֿול געווען מיט שפּיציקע שטיינדלעך. דער ווינט האָט אַביסל געקילט די צעהיצטע קערפּער. זיי האָבן געהערט דעם שוואַכן אָפּקלאַנג פֿון זייערע אייגענע טריט.

די בערג האָבן פּלוצעם באַקומען אַ גרוי־ווייסן קאָליר. אַ קליין טייכל איז געפֿלאָסן. די קעמפֿער האָבן זיך דערפֿרייט: „וואַסער“. זיי זענען צוגעפֿאַלן צום טייכל, באַנעצט זייערע מיילער און מיט אַ קללה שנעל אויסגעשפּיגן. דאָס זאַלץ האָט געבריט די צונג און געמאַכט נאָך שטאַר־קער דעם דורשט.

פלוצים האָט זיך דערטראָגן צו זיי פון נאָענט א שיסעריי. וולאַדעק האָט פאַרהאַלטן זיין גרופּע, זיי האָבן זיך שנעל באַפעסטיקט, ארויסגערוקט פּאַטראָלן.

פון דער לינקער זייט האָבן זיך צעבייזערט עטלעכע קוילנוואַרפער. רובין האָט אָנגעהויבן אָפּצוענטפערן מיט א געדיכטן פייער פון זיין קוילנוואַרפער.

וואַצעק האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו דער שיסעריי. ער האָט פלוצים א געשריי געגעבן צו רובינען.

— שיס נישט. דאָס זענען אונדזערע!

— פונוואַנען ווייסטו?

— איך דערקען לויטן קלאַנג פון קוילנוואַרפער, אז דאָס זענען אונדזערע מאַקסימקעס. געווים געפינען זיך דאָרטן די דאָבראָווסטשאַקעס, וועלכע האָבן אונדז אָנגענומען פאַר פאַשיסטן.

רובין האָט אָפּגעשטעלט די שיסעריי. וולאַדעק האָט שנעל ארויסגעשיקט אן אויסשפּירער־גרופּע. פון יענער זייט האָט מען נאָך געשאָסן. באַלד האָט זיך די שיסעריי פון יענער זייט אויך אָפּגעשטעלט. די אויסשפּירער זענען דערגאַנגען צום לינקן פלאַנג פון דאָמבראָווסקי־באַטאַליאָן. אין דער פינצטער האָבן זיי די דאָמבראָווסטשאַקעס אָנגענומען פאַרן שונא. ווען נישט די אויסשפּירער, וואָלטן זיי שוין געווען אַטאַקירט די אייגענע. קיין פאַרלוסטן זענען פון ביידע זייטן נישט געווען. מע האָט נאָר באַדויערט, וואָס מע האָט אומזיסט אויסגעברענגט אַזויפיל קוילן.

די באַטאַליאָנען האָבן פאָרגעזעצט זייער מאַרש. איינצעלנע שאָסן האָבן זיך צו זיי דערטראָגן און תיכף אַנטשוויגן געוואָרן. דער טאָל פון דעם געזאַלצענעם וואַסער איז שוין פון לאַנג פאַרשוווּנדן. אנטקעגן גרופּע איז געווען ערגעץ ווייט פון רעכטס. דער לעצטער פאַרבינדלער, וואָס וולאַדעק האָט ארויסגעשיקט צו אים, איז נאָך נישט צוריקגעקומען. די נאָענטע אָנוועזנהייט פון די דאָמבראָווסטשאַקעס האָט באַרואיקט. באַוויזן, אז ביידע באַטאַליאָנען האָבן גענומען דעם ריכטיקן קורס, אז פון צוויי זייטן גייען זיי אויף ווילאַ מאַיאָר דע גאַלאַ.

וולאַדעק האָט שוין מיט אומגעדולד אויסגעקוקט דאָס טאָגן. ער האָט געזען ווי די קעמפער זענען מיד פון לאַנגן מאַרש און א נאַכט נישט שלאָפן. ער האָט זיך נישט געקאָנט דעצידירן אויף פאַרהאַלטן זיך א ביסל און אָפּרוען. זיי מוזן דאָך ביז פאַרטאָג דערגרייכן ווילאַ מאַיאָר.

# 21. די ערשטע קאַמפּף

שמעון האָט זיך פּלוצים אויפֿגעכאַפּט. אַ העפֿטיקע שיסערײַ איז אָנגעגאַנגען האַרט לעבן אים. אַנטעקס קוילנוואַרפֿער האָט זיך געבײַזערט, שפּײַענדיק מיט פֿײַער. לוטעק איז געלאָפֿן פֿאָרויס מיט אַ קאָמפּאַניע. פּעליקס האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אין דער רעכטער זײַט, פֿונוואַנען ס'האָבן זיך געזען שוואַרצע פֿינטעלעך לויפֿנדיקע מענטשן.

ס'האָט געשאַריעט אויף טאָג. די בערג זענען מאַיעסטעטיש אַרויסגעשוואומען פֿון דער פֿינצטערניש. דער אַרום איז געווען שטרענג און גרויזאַם. נאַקעטע שטיינערנע בערג אָן שום געוויקס, אויסגעטריקנטע טאָלן און געלע זאַמד. אויף מזרח האָט זיך גערויטלט דער הימל, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף אַ ווײַטער הויכער באַרג־קייט.

אַ פֿאַשיסטישע גרופּע האָט זיך אַרויסגערוקט פֿון אַ באַרג־עפּענונג. די אויסגעשטעלטע פּאַטרולן האָבן זי גלײַך באַמערקט. עפּענענדיק אויף איר אַ פֿײַער, האָבן זיי אַלאַרמירט דעם באַטאַליאָן.

— אַטאַקירן — איז געפֿאַלן דער שאַרפֿער באַפֿעל פֿון וואַצעק.

די האָבראָווטשאַקעס האָבן זיך שטורמיש געוואָרפֿן קעגן שונא. גראַנסקי און זשוק זענען געלאָפֿן מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן. זייערע געזיכטער זענען געווען אָנגעשטרענגט. איין געדאַנק האָט זיי באַהערשט: צופֿאַלן צום שונא, נעמען אים אויף די באַגנעטן, פֿאַרניכטן אים און צעשמעטערן. זיי האָבן נישט געטראַכט פֿון זיך. זיי האָבן נישט געוואָלט וויסן, וואָס ס'קאָן מיט זיי געשען. דער שונא איז אַזוי נאָענט. זיי זענען געלאָפֿן צוזאַמען מיט אַלע. פֿאַר זיך האָבן זיי נאָר געזען צעהיצטע אָנגעשטרענגטע געזיכטער, בייזע און אומרחמנותדיקע, עקשנותדיקע געשלאָסענע מײַלער און אַ פֿלאַם אין די אויגן.

פֿאַר זיי איז געלאָפֿן פֿראַנעק מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט.

— חברים, פֿאָרויס!

אנטעק מיט דער גרופע קוילנגוואַרפער האָט ארויפגעקלעטערט אויפן בארג שפּיץ, שנעל אָנגעשטעלט די קוילנוואַרפער, באַשיסנדיק געדיכט די פאַשיסטישע סאָלדאַטן. דער שטורעם-אָנגריף פון די דאָמבראָווסקעראַ-קעס איז געווען אזוי שטאַרק, דאָס פייער פון די קוילנוואַרפער אזוי קאָנ-צענטרירט, אז דער שונא האָט נישט אויסגעהאַלטן און איז אנטלאָפן גאָך איידער די דאָמבראָווסקעראַקעס האָבן זיך צו זיי דערנענטערט. זיי האָבן געזען, ווי דער שונא אַנטלויפט אין בהלה, פאַרשווינדט אין דער נאָענטסטער בארג-עפענונג. אויפן אָרט, וו די פאַשיסטן זענען געשטאַ-נען, זענען פאַרבליבן צוויי שווערע קוילנוואַרפער און א טעלעמעטער, וואָס האָט באַוויזן, אז דער פּיינט האָט דאָ געהאַט זיין אָבסערוואַציע-פּונקט פאַר אַרטילעריע.

באַגייסטערט פון לייכטן נצחון, האָבן די קעמפער פאַרגעסן אין דער מידקייט, הונגער און דורשט. זיי האָבן זיך געריסן פאָרויס. ס׳האָט זיך זיי געוואָלט נאָכיאָגן די אָפּטרעטנדיקע פאַשיסטן. מיט פרייד האָבן זיי אויפגענומען דעם באַפעל:

— פאָרויס, אויף ווילא מאַיאָר דע גאַללאָ.

יעדער איינער האָט זיך געאיילט, יעדער איינער האָט געוואָלט דער ערשטער פאַרנעמען דעם וויכטיקן סטראַטעגישן פּונקט.

אין לויף פאָרויס האָבן זיי געזען די שפּיצן פון די קירכעס פון ווילאַ מאַיאָר. די גרויע שמוציקע ווענט פון די הייזער, דעם שוואַרצן בליאַסק פון די דעכער און די צלמים פון צמענטאַר.

שנעל האָבן זיי אַרויפגעקלעטערט אויף א הויכן באַרג. זיי האָבן זיך געפונען ביי א 400 מעטער פון ווילאַ מאַיאָר. ס׳איז געפאַלן דער באַפעל: אָפּשטעלן זיך. דער באַטאַליאָן האָט זיך אין געלויף צעצויגן. טייל קאָמפּאַניעס זענען נאָך געווען ווייט, פעליקס און לוטעק האָבן באַ-שלאָסן אָפּצוּוואַרטן, ביז אלע קאָמפּאַניעס וועלן צוקומען. זיי האָבן אויך געוואַרט אויפן אָנקום פון פאָליאַפאַקס, כדי געמיינזאַם צו שטורמען דאָס שטעטל.

פעליקס האָט צוגערופן אָליעקן.

— רעכטס אין פלאַנג איז פאַרבליבן ווינצענטי און זיין קאָמפּאַ-ניע, ווייז אים דעם וועג און הייסט אים וואָס שנעלער קומען.

דער באַרג, אויף וועלכן זיי זענען געשטאַנען, האָט געהערשט איבער דער גאַנצער געגנט. ער האָט דאָמינירט איבערן שאָסיי, וועלכער האָט

געפירט קיין סאַראַגאָסאַ. פון דער דאָזיקער הייכקייט איז געווען לייכט צו אָבסערווירן יעדע באַוועגונג פון שונא.

פון דער זייט שאָסעי האָבן אַרויסגעשטאַרצט גרויע טעלעפאָן־סלו־פּעס. דער יונגער שפּאַנישער סאָלדאַט מיגועל איז אַראָפּגעשפּרונגען פון באַרג, ווי אַ קאַץ האָט ער אַרויפגעקלעטערט אויפן סלופּ איבערדרייסנדיק די דראָטן. די קעמפער האָבן זיך צוגעזעצט און געקוקט אויף די פלינקע באַוועגונגען פון מיגועלן. גבריאל האָט זיך פאַרקוקט אויף לינקס, ווו צווישן צוויי בערג האָט זיך געשלענגלט דער גרויער שאָסעי.

— ס'פאָרט אַן אויטאָ! — האָט ער אויסגעשריגן.

— באַהאַלטן זיך, פאַרהאַלטן אים — האָט לוטעק באַפוילן.

עטלעכע יאַטן זענען שנעל אַראָפּגעשפּרונגען פון באַרג, באַהאַלטנ־דיק זיך צווישן די שטיינער. דער גערויש פון מאָטאָר האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט. פון דער באַרג־עפענונג האָט זיך באַוויזן אַן אויטאָ־צים־טערנע. די אויגן פון די דאָמבראָווסקעס האָבן אויפגעלויכטן. „וואַ־סער", האָבן זיך געהערט שטילע פרייִדיקע אויסגעשרייען. אין דעם וויסטן ואַמדיקן מדבר ברענגט זיי דער שונא אליין וואַסער! זיי האָבן איצט דערפילט, ווי דורשטיק זיי זענען.

— אַלטאָ! *)

אַ צענדליק ביקסן זענען געווענדעט צום שאָפער און זיינע באַגליי־טער. דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער שאָפער דערזעענדיק, אַז ער איז אַריינגעפאַלן צו די רעפּובליקאַנער, איז שנעל אַראָפּגעשפּרונגען פון אויטאָ, צוגעלאָפן פון אונטן צום קראַן און אים אויפגעדרייט, קלאָר וואַ־סער האָט אָנגעהויבן מאַסנווייז צו שטראָמען אויף דער ערד.

גראַנסקין האָט באַהערשט אַ גוואַלדיקער כעס און שנאה.

— קאַנאַליאַ! — האָט ער אויסגעשריגן צו אים אויף פויליש - פאַרמאַך דעם קראַן!

זיין ביקס איז געווען דראָענד אָנגעשטעלט צו דער ברוסט פון שאָ־פער. דער שאָפער אַ טויט־בלאַסער האָט שנעל פאַרמאַכט דעם קראַן.

די געפאַנגענע זענען שנעל אַרויפגעפירט געוואָרן אויפן באַרג. די קעמפער האָבן געזען פון אויבן די ציסטערנע מיט וואַסער. „וואַסער, וואַ־סער", איז אַדורך אַ רוף פון אַלע זייטן. שנעל האָבן זיך מענאַזשקעס

*) אלטאָ — שטיין בלייבן.

אָנגעפּילט מיט וואַסער, מיט דער פייערער פליסיקייט. שימאַנסקי האָט גיריק געטרונקען. ער האָט נאָך קיינמאָל אין קיין שום געטראַנק נישט געפילט אַזאַ זיסקייט, ווי איצט טרינקענדיק דאָס פּאַרדומפּענע טוכלע וואַסער. זיין מויל איז ווידער געוועזן פייכט, ער האָט דערפילט אַ צו־פלוס פון פרישע כוחות.

— באַהאַלטן זיך!

אַ גערויש פון מאָטאָרן האָט זיך ווידער דערנעענטערט. ס׳האָט זיך באַוויזן אַ לייכטער פּאַסאַזשירן־אויטאָ. אויסגעשטעלטע לופּעס פון ביקסן קוקן דראָענד אויף דעם שאָפער און דריי פּאַסאַזשירן. דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער שאָפער און די פּאַסאַזשירן פּרובירן אַנט־לויפן. שטשעפּאַן האָט אויסגעשאָסן, דער שאָפער אַ פאַרוווּנדעטער איז אומגעפאַלן, די איבעריקע צוויי פרוּוון אַנטלויפן. דער הויכער פעסטער סאַניטאַר שעוונינק דעריאָגט איינעם פון די פּאַשיסטן, אַ שטאַרקער קלאַפּ מיט דער קאָלבע פון דער ביקס, וואַרפט אום דעם שונא.

עטלעכע האַמבראָוושטשאַקעס פירן אוועק אויפן באַרג די געפאַנ־גענע.

*  *
*

ביסלעכווייז האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען די פאַרשפּעטיקטע גרופּן. ס׳איז אויך אָנגעקומען אַנטאָנס קאָלאָנע פון פּאָליאַפּאָקס. זיי האָבן זיך באַזעצט אויפן שכנותדיקן באַרג.

פראַנעק האָט אַ באַאומרואיקטער זיך אַרומגעקוקט. — ווו זענען די איבעריקע בריגאַדעס און באַטאַליאָנען? — לויטן פּלאַן האָבן זיי שוין געדאַרפט זיין זייער נאָענט. אַלע אַרויסגעשיקטע פאַרבינדלער זענען צוריקגעקומען דעריקלערנדיק, אַז אויסער דעם באַטאַליאָן פּאָליאַפּאָקס, האָבן זיי קיינעם אין ערגעץ נישט באַמערקט. מען זעט נישט קיין שפּור פון אַנדערע רעפּובליקאַנישע אָפּטיילונגען.

צי איז עס מעגלעך, אַז די אַנדערע בריגאַדעס און באַטאַליאָנען האָבן נישט אויסגעפירט דעם באַפעל? ס׳האָט אים באַהערשט אַ שווער געפיל. צוויי באַטאַליאָנען אָן שווערער באַוואָפענונג וועלן דאָך סאַראַגאָ־סע נישט נעמען! ס׳איז אוממעגלעך — האָט ער געטראַכט — זיי וועלן

נאָך אָנקומען. מסתמא האָבן זיי זיך געמוזט אדורכרייסן מיט קאמף. דאָס האָט אביסל פארהאלטן זייער מארש.

נאָך א קורצער באראטונג פון דער אָנפירונג איז באשלאָסן געוואָרן גיין מיט די אייגענע כוחות אויף ווילא מאיאָר דע גאללאָ. צוזאמען מיט פּאָליאַפּאָקס אָנגרייפן און זי דעראָבערן. אפשר וועט פאר דער צייט אָנקומען די צוגעזאָגטע הילף. דער באטאליאָן שטעלט זיך אויס און קאמפּס־אָרדענונג, גרייט צום ווייטערדיקן מארש און שטורעם. די פּאָפּאָסטנס זענען אויסגעשטעלט אויפן וועג.

פלוצים דערטראָגט זיך צו זייער גוהער א גערויש. ס'באווייזט זיך א גרויסער קאמיאָן. ער איז פול מיט מיליטער־לייט. דער שאָפער און די איבעריקע שפּרינגען ארום פון קאמיאָן מיט אויפגעהויבענע הענט.

די געפאַנגענע דערציילן אַלץ, וואָס זיי ווייסן. זיי זענען פארוואונדעט געוואָרן מיט עטלעכע שעה צוריק אין א צוזאמענשטויס מיטן דאָמבראָווסקי־באטאליאָן. זיי פאָרן איצט אין שפּיטאָל קיין סאראגאָסא. זיי געבן איבער, אז די פאשיסטישע פּאָסטנס זענען שוין אליארמירט וועגן רעפּובליקאנישן אָנגריף, און פון סאראגאָסא איז ארויסגעשיקט געוואָרן באדייטנדע הילף.

פלוצים האָבן זיך די קלויסטער־גלאָקן אין ווילאַ מאיאָר דע גאללא הויך צעקלונגען. זיי האָבן גערופן אויף אַליאַרם.

א ווייטער גערויש פון א סך מאָטאָרן האָט באשטעטיקט די אינפאָרמאציע פון די געפאנגענע.

— ס'וועט זיין דאָ זייער היים — פראנעקס געזיכט איז ערנסט געוואָרן.

לוטעק איז מיט אַ גרופּע קעמפער אַרויסגעשפּרונגען אויפן שאָסע. די קוילנווארפער זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אין באהעלטעניש. אויפן שמאָלן פּאַס שאָסע האָבן זיך באַוויזן פיר פאַשיסטישע קאַמיאָנען, געדיכט באזעצט מיט מיליטער. מע האָט זיי צוגעלאָזט נאָענט. דער ערשטער קאמיאָן איז תיכף ארומגערינגלט געוואָרן.

— גיט אייך אונטער — לוטעקס יונגע שטימע איז ערנסט און דראָענד.

די פאָרנדע זענען דערשטוינט געוואָרן: „פונוואַנען האָבן זיך דאָ גענומען רעפּובליקאַנער? וואָס איז אייגנטלעך דאָ געשען?“ לוטעק הזרט איבער זיין אויפפאָדערונג:

— אַבאַכאָ ארמאס!

די פאשיסטישע סאָלדאַטן קוקן דערשראָקן אויף זייער קאָמענדאַנט, אַן איטאַליענישן קאַפּיטאַן.

— פייער!

א קורצע ביקסן־סאַלווע. אין קאַמיאָן פאַלן עטלעכע פאַרוווּנדעטע. די רעשט הייבט אויף די הענט אין דער הייך.

דאָס פּנים פון איטאַליענישן קאַפּיטאַן איז פול מיט שרעק. מיט אויפגעהויבענע הענט גייען זיי אַראָפּ פון קאַמיאָן. פון די איבעריקע קאַמיאָנען הייבן אָן די פאַשיסטן צו אַנטלויפן. א שטאַרק פייער פון די קוילנוואַרפער פאַרשטעלט זיי דעם וועג. צענדליקער פאַלן. אַנדערע מיט אויפגעהויבענע הענט גיבן זיך אונטער. עטלעכע צענדליק געפאַנגענע ווערן שנעל אָפּגעפירט אין דער טיפער באַרג־עפענונג.

פּלוצים ווערט פון אַלע זייטן געעפנט א פייער אויף די דאָמבּראָווסקיסטן. די שטעפּערייַ פון די קוילנוואַרפער מישט זיך צונויף מיטן קלאַנג פון די קלויסטער־גלאָקן. א געדיכטער רויך באַדעקט די בערג.

עמעצער האָט געשריגן צו לוטעקן:

— די פאַשיסטן רינגלען אונדז אַרום פון אונטן.

— אויסשטעלן אין די פלאַנגען עטלעכע קוילנוואַרפער! — פאַלט דער ענטפער.

א פאַרבינדלער, א פאַרזאַפּעטער איז געקומען צו לויפן:

— עטלעכע פאַשיסטישע באַטאַליאָנען גרייפן אונדז אָן.

דער דאָמבּראָווסקי־באַטאַליאָן איז אַרייַנגעטראָטן אין קאַמף מיט אַן איבערוועגנדן כּוח פון שונא, וועלכער האָט אָנגעהויבן צו באַשיסן אים פון אַרטילעריע, אַרומגענומען מיט א פייער פון אַלע זייטן. די דאָמבּראָווסקיסטן האָבן זיך דאָך געפונען אין הינטערלאַנד פון שונא.

— וווּ זענען די איבעריקע בריגאַדעס? — האָט מיט כּעס געפרעגט לוטעק.

— דער באַטאַליאָן פּאַליאַפאָקס איז אונדז געקומען צו הילף. ער קעמפט אויפן לינקן פליגל. איין קאָמפּאַניע שטייט אויף רעכטס.

* *
*

דער באַטאַליאָן פּאָליאַפּאָקס האָט שנעל מאַרשירט. אַנטאָן, וועל־
כער האָט אָנגעפירט מיט דער ערשטער קאָלאָנע, האָט פאַרקערעוועט
אויף רעכטס. די צענטראַלע גרופּע, אָנגעפירט דורך וולאַדעקן, אַרויס־
רוקנדיק פאָרויס די אַלטע אויסגעפּרוווטע אין קאַמף קאָמפּאַניע א.ג.
פון מיצקעוויטשן, איז געגאַנגען אַביסל פאַרבויגן אויף לינקס.

ס'איז זיי איצט געווען לייכטער צו גיין. די פינצטערניש פון דער
נאַכט איז פאַרשוווּנדן, א זוניקער פרימאָרגן האָט זיי אנטקעגן געשיינט,
אויפדעקנדיק פאַר זייערע אויגן דעם גאַנצן גרויל און פּראַכט פון דער
ווילדער פּאַנאָראַמע. די ערשטע קאָמפּאַניע איז פּלוצים באַגעגנט גע־
וואָרן מיט א שטאַרק פייער פון ביידע פלאַנגען.

א פאַשיסטישער באַטאַליאָן פאַרבייגייענדיק זיי דעם וועג, האָט
אַטאַקירט די אַרויסגערוקטע פּאָזיציעס פון פּאָליאַפּאָקס. אַברהם, וועל־
כער האָט אָנגעפירט מיטן פאָרפּאָסטן, האָט געשטעלט אַן ענערגישן
ווידערשטאַנד.

וולאַדעק האָט זיך שנעל אָריענטירט. נישט אָננעמען דעם קאַמף
איז געווען אוממעגלעך, מער אַריינדרינגען אין הינטערלאַנד פון שונא
איז געווען צו געפערלעך. ער האָט דערריבער געהייסן א טייל פון דער
קאָלאָנע נישט אָפּשטעלן זיך און גיין פאָרויס, פאַראייניקן זיך מיטן
האָמבראָווסקי־באַטאַליאָן. די קאָמפּאַניע א.ג. פון מיצקעוויטש און טיילן
פון די אַנדערע קאָמפּאַניעס האָבן אויפגענומען דעם קאַמף מיטן אַי־
בערוועגנדן שונא.

די פאַשיסטן נישט קענענדיק דעם כוח פון קעגנער האָבן פאַר־
זיכטיק אַטאַקירט. די קאָמפּאַניע א.ג. מיצקעוויטש, אַרויסשטעלנדיק
פאָרויס אירע קוילנוואַרפער, האָט צוגעלאָזט דעם שונא נאָענט צו זיך,
עפענענדיק אויף אים א שרעקלעכן פייער פון אַלע זיינע קוילנוואַרפער
און ביקסן.

אַנטאָן מיט א פּלוטאָן איז פאַרגאַנגען די פאַשיסטן דעם וועג פון
אונטן, אַטאַקירנדיק זיי אויף באַנגעטן. דער איבערפאַל איז געווען אומ־
געריכט. די פאַשיסטישע גרופּע, א צעטומלטע און צעשראָקענע איז
אָפּגעטראָטן אין אומאָרדענונג. יאָן מיט א צווייטער גרופּע פון דער
שוועטשענקאָ־קאָמפּאַניע האָט שיסנדיק פון קוילנוואַרפער און ביקסן
נישט צוגעלאָזט א שטאַרקע פאַשיסטישע גרופּע אדורכצורייסן זיך און
אַריינבאַקומען זיך אין דער באַרג־עפענונג.

פון אלע זייטן האָט אָפּגעהילכט א העפטיקע שיסעריי. די פאשיסטן האָבן נישט געוואגט מער צו אטאקירן. זיי האָבן זיך נאָר אָפּגעשאָסן.

מירעק האָט דערפילט ווי א קאָמאר וואָלט אים א ביס געטאָן אין רעכטן אָרעם. ער האָט אויף א ווײַלע ארויסגעלאָזט די ביקס פון האנט. פון רעכטן אָרעם איז גערונען בלוט. ער האָט כמעט נישט געפילט קיין ווייטיק. ער האָט שנעל אראָפּגעריסן פון זיך דאָס העמד, פארבינדנדיק די וונד. דאָס בלוט האָט אויפגעהערט צו פליסן. ס'איז אים א ביסל לײַכטער געוואָרן. ער האָט ווידער גענומען די ביקס אין דער האנט. ער קאָן ווייטער שיסן.

לעבן אים איז געלעגן אויסגעדרייט מיטן פנים צום הימל א געהרגעטער חבר. מירעק האָט אים נישט דערקענט. דאָס געזיכט פון געהרגעטן איז געווען שטארק באוואָקסן. זײַנע געלבלעכע אויגן האָבן געקוקט מיט שטארקער פארוואונדערונג פאר זיך. פון דער אָפענער ברוסט האָט נאָך געשטראָמט דאָס בלוט. מירעק האָט צוגעלייגט די ביקס צום פארוואונדעטן אָרעם. ער האָט פארביסן מיט די ציין, נישט אויסצושרייען פון ווייטיק. דער שאָס פון זײַן ביקס האָט זיך אָפּגעקלאפּט אין זײַן פארוואונדעטן אָרעם הויל און פײַנלעך. די פאשיסטן זענען געווען אָפּגערוקט אויף א 200—300 מעטער און געשאָסן.

נאָך א שעה העפטיקן קאמף זענען די פאשיסטן צוריקגעטראָטן, אײַבערלאָזנדיק אויפן קאמפס־פעלד עטלעכע צענדליק געהרגעטע. דער ווײַטערדיקער וועג איז געווען פריי. איבערלאָזנדיק אויפן שפּיץ בארג א קוילנוואַרפער און באדינונג, כדי אָפּצושרעקן דעם שונא און נישט לאָזן אים זיי צו פארפאָלגן, האָט זיך דער לינקער פליגל פון פאָליאַפּאָקס ווײַטער גערוקט פאָרויס. דער אויפגעצוווּנגענער קאמף האָט איבערגעריסן יעדע פארבינדונג מיט די איבעריקע טיילן. זיי האָבן געאײַלט וואָס שנעלער צו דערגרייכן ווילי׳א מאַיאָר דע גאלל׳א.

וולאַדעק האָט פארשטאַנען, אַז ביי ווילי׳א מאַיאָר דאַרפן שוין איצט פאָרקומען פארביסענע קאמפן, אז ס'קאָן זײַן, אז דאָרטן דעצידירט זיך שוין דער גורל פון דער גאנצער געוואגטער אונטערנעמונג. פארבאנדאַזשירנדיק שנעל די פאַרוואונדעטע חברים, האָבן זיי געאײַלט אין ווײַטערדיקן וועג.

אומענדלעך לאַנג האָבן זיך געצויגן די קילאָמעטערס. די זון איז ארויס פון די בערג. דער הימל, א טיפער, גרוי־בלווילעכער, איז געלעגן

הויך. די לופט איז געווען טרוקן און שטויביק. פון אלע זייטן האָבן גע־לויערט אויף זיי פאשיסטישע נעסטן.

פריער האָבן זיי געבענקט נאָכן טאָג, איצט האָבן זיי אים פארשאָלטן. זיי זענען געווען אויפגעדעקט פאר יעדער פאשיסטישער קויל.

— אַוויאַציע! — האָט זיך דערהערט א וואָרענונג.

עטלעכע פאשיסטישע אַוויאָנען האָבן זיך דערנעענטערט צו זיי פון דער זייט פון סאַראַגאָסא.

— אויף דער ערד פאלן און זיך נישט באוועגן!

די ערד איז געווען געל פון זאמד. קיין געוויקס, קיין באהעלטעניש. די מאָטאָרן האָבן געבוישט איבער זייערע קעפ, זיך אראָפּגעלאָזט נידע־ריק און געשאָסן פון קוילנוואַרפער.

גראנסקי האָט פאָרזיכטיק אויסגעדרייט דעם קאָפּ. א שטאָלענער שוואַרצער רויב־פויגל האָט געצילט פון א קוילנוואַרפער אין זיין ריכטונג. ער האָט צוגעמאכט די אויגן, פארגראָבנדיק אומגעלומפּערט די הענט אין זאמד.

ס'האָבן זיך דערהערט קרעכצן פון פאַרוווּנדעטע.

נאטאַן האָט געקוקט אויף די אַקראָבאַטישע שטיק פון א פייגטלעכן צעשמטערער. נאטאַן האָט געשאָסן צו אים פון זיין ביקס. מיט א הייסן באגער צו טרעפן אין רויבער, אונטערהאַקן אים זיינע פליגל. יעדער דורכ־פאל האָט אים ווי געטאָן, יעדע קויל איז אים א שאָד געווען...

לאנגע מינוטן האָבן די אַעראָפּלאַנען גערוישט איבערן שטח, ווו ס'זענען געליגן די קעמפער. זיי זענען אוועקגעפלויגן און ווידער צוריקגע־קומען.

ניקיטען האָט זיך געדאכט, אז די ערד ארום ווערט דורכגעלעכערט פון קוילן.

— יאַן! — האָט ער גערופן.

— וואָס איז, ברודער?

— דו לעבסט?

יאַן האָט מיט ווארעמע אויגן א קוק געגעבן אויף ניקיטען זיין ברו־דער. ס'איז געוואָרן זייער גוט אויפן האַרצן. אינעם טרוקענעם מדבר, אינעם גערויש פון מאָטאָרן און קוילנווארפער האָט ער דערפילט די וואַ־רעמקייט פון ברודערס זאָרג. יאַן האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט און פעסט אַ דריק געטאָן ניקיטענס אָרעם.

— איך לעב. און דו, ביסט נישט פאַרוווּנדעט?

— ניין!

— זע, זיי פליען אַוועק.

די לופֿט־אַטאַקע האָט זיך געענדיקט. זיי האָבן זיך אויפֿגעהויבן און ווייטער געגאַנגען.

*    *

*

די זון איז שוין הויך געשטאַנען אויפֿן הימל. זיי האָבן זיך דערנעענטערט צו ווילנע מאַיאָר. אַרויסגייענדיק פֿון אַ טיפֿן באַרג־קעסל, זענען זיי אַריין אין אַ ווייַן־גאָרטן. ס'האָט זיי באַגעגנט אַ העפֿטיקע שיסעריי. די אַרויסגעשיקטע אויסשפּירער האָבן געמאָלדן וועגן שטאַרקע פֿאַשיסטישע כּוחות, וואָס געפֿינען זיך פֿון יענער זייט ווייַן־גערטנער.

די פֿאַשיסטן האָבן זיי אָנגעגריפֿן פֿון צוויי זייטן: פֿון פֿאָרנט און פֿון אונטן, נישט לאָזנדיק זיי זיך פֿאַראייניקן מיט זייערע טיילן, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אויף רעכטס פֿון ווילנע מאַיאָר. ס'זענען געלאָזן געוואָרן אין קאַמף ביקסן, קוילנוואַרפֿער, מאָרטיערן און האַנט־גראַנאַטן. אַ געדיכטער רויך האָט זיך געריסן פֿון די ווייַנגערטנער צום הימל. טרוקן האָבן אָפּגעהילכט די ביקסן־סאַלוועס, מיט טראַסק האָבן געגרעגערט די קוילנוואַרפֿער.

געדעקט פֿון די ביימלעך פֿון ווייַנגאָרטן איז געלעגן יאַן מיט אַ גרופּע קעמפֿער. איבער זייערע קעפּ האָבן געסווישטשעט די קוילן. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער הערט טריט. ער האָט עפּעס אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ. אַ שטאַרקע מאַסע האָט אים אַ טראַסק געגעבן אין קאָפּ. ער איז אומגעפֿאַלן אויפֿן רוקן. ניקיטאַ איז שנעל צוגעקראָכן צו אים. יאַן איז געלעגן אומבאַוועגלעך. פֿון לינקן שלייף האָט זיך געגאָסן אַ דין ריטשקעלע בלוט. ער איז געווען טויט.

— יאַן! — האָט ניקיטאַ ספּאַזמאַטיש געשריגן — יאַן, דו הערסט?

יאַנס אויסגעגלאָצטע אויגן האָבן געקוקט אויף אים שטאַר און גלייכגילטיק. די ביקס איז געלעגן אויף זיין בויך. אַ ריינע, אַן אויסגעפּוצטע און בלישטשענדע. יאַנס לאַנגע פֿיס זענען געווען אַ ביסל איינגעבויגן פֿון אונטן. דער קערפּער האָט געמאַכט אַן איינדרוק פֿון טיפֿער רו. דער העלם האָט זיך אים אַראָפּגערוקט אויפֿן נאַז, אויפֿדעקנדיק אַ האַלבן קאָפּ געדיכטע, ברוינע האָר.

באַגראָבן אים, פאַרדעקן זײַן קערפּער מיט ערד. נאָר דאָס פייער פון דער פאַשיסטישער זייט האָט זיך אַלץ געשטאַרקט. מע דאַרף שיסן. אָפּוועג זיך. נישטאָ איצט קיין צייט אויף צו באַגראָבן אַ ברודער... ניקיטאַ האָט זיך אויסגעצויגן לעבן געהרגעטן יאַנען און געשאָסן אין דער ריכטונג פון די פאַשיסטן.

פון רעכטס האָט העפּטיק באַשאָסן זיי אַ שווערער פאַשיסטישער קוילנוואַרפער. סיסטעמאַטיש האָבן די קוילן פון יענער זייט פאַרזייט מיט פייער דעם שטח, אויף וועלכן עס זענען געלעגן די רעפּובליקאַנער. גראַנסקי און זשוק זענען געלעגן אַ ביסל אַרויסגערוקט פאָרויס, שיסנ־דיק אין דער ריכטונג פון קוילנוואַרפער. פּלוצים האָט זיך גראַנסקי מיט אַ געשריי אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט פאַרן בויך. זשוק האָט צו־געפּויזט צו אים. גראַנסקי האָט זיך געוואָרפן אין גסיסה־קאָנוולסיע. עטלעכע שווער פאַרוואונדעטע האָבן קרעכצנדיק אָנגעהויבן זיך צו שאַרן טיפער אונטער דיביימער.

* *

*

לוטעק האָט געזען ווי אַ פאַשיסטישע גרופּע האָט אַוועקגעשטעלט אַ שווערן קוילנוואַרפער אויפן שכנותדיקן באַרג. דער קוילנוואַרפער האָט העפּטיק באַשאָסן דעם צענטער פון דעם דאָמבראָווסקי־באַטאַליאָן. נישט דערלאָזט צו פאַרבינדן זיך מיט די אַנדערע אָפּטיילונגען. פאַרניכטן דעם דאָזיקן קוילנוואַרפער איז געווען אַ דרינגענדיקע אויפגאַבע.

— ווער גייט מיט מיר פרייוויליק?

גבריאל, שטשעפּאַן און שימאַנסקי זענען צוגעקראָכן צו לוטעקן. זיי האָבן אָנגעהויבן צו פויזן אויף די בייכער פון איין גרוב צו דער צווייטער אין דער ריכטונג פון קוילנוואַרפער.

לוטעק איז שוין געווען צופוסנס פון באַרג. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, זיך אַ ביסל אויפגעהויבן כדי צו זען, ווו זענען די חברים. אַ קויל איז אים אַריין אין מויל. ווען די חברים זענען צו אים צוגע־קראָכן, איז ער שוין געווען טויט.

— מיר קריכן פאָרויס! — האָט גבריאל איבערגענומען די קאָמאַנדע.

דער ציל איז געווען נאָענט. ער איז געשפּרונגען פון איין שטיין צום צווייטן, אַלץ העכער און העכער. שטשעפּאַן און שימאַנסקי נאָך אים.

גבריאל איז שוין געווען אינגאַנצן נאָענט. ער האָט שוין דערלעך געזען דעם דיקן פּאַלאַנגיסט. ווען ער האָט זיך אויסגעדרייט צו די חברים און געוואָלט זיי עפּעס זאָגן, האָט ער זיך אַ וואַקל געטאָן. די ביקס איז אים אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט. ער האָט ווי אַן אונטער־געשאָסענער פויגל אויסגעשפּרייט ברייט די הענט און אָנגעהויבן צו פאַלן אַראָפּ.

מיט אָנגעלאָפענע אויגן פון שנאה האָט שטשעפּאַן געקוקט אויף דער פאַשיסטישער גרופּע ביים קוילנוואַרפער. ער איז צוגעפאַלן צו דער ערד. געצילט און אויסגעשאָסן. דער דיקלעכער פאַלאַנגיסט האָט זיך אויסגעבויגן און אומגעלומפּערט אַ פאַל געטאָן אין אַ זייט.

שטשעפּאַן האָט ווייטער געצילט. ער האָט אָבער שוין נישט באַ־וויזן אויסצושיסן. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים האַרץ.

אין שימאַנסקיס אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. פאַר די לאַנגע חדשים קאַמף האָט ער זיך צוזאַמענגעוואַקסן צוגעבונדן צו שטשעפּאַנען, אים ליב באַקומען ווי אַן אייגענעם זון. ער האָט זיך אַרומגעקוקט... לוטעק, גבריאל, שטשעפּאַן. זיי לעבן שוין נישט מער.

די אָדערן ביי די שלייפן האָבן זיך אים אָנגעצויגן. דאָס בלוט האָט אים אַ זעץ געטאָן אין געזיכט. זיינע קליינע אויגן זענען אים גרעסער געוואָרן. זיי זענען איצט געווען בייזע. ער האָט שנעל אָפּגעטשעפּעט פון זיין פאַס אַ האַנט־גראַנאַט. אויסגעגליכן זיין קערפּער און זיך געלאָזט גיין אין זיין גאַנצער גרייס צום קוילנוואַרפער.

— איר וועט מיר באַצאָלן פאַר זייער טויט!

זיין ברייטפּלייציקע פיגור האָט איצט אויסגעזען נאָך העכער און ברייטער.

ווען די פאַלאַנגיסטן האָבן אים באַמערקט איז שוין געווען צו שפּעט. דריי מעטער אָפּגעטיילט פון קוילנוואַרפער האָט שימאַנסקי גע־וואָרפן דעם גראַנאַט. ס'האָט זיך דערהערט אַן אויפרייס. דער קויל־וואַרפער איז שטיל געבליבן... צוזאַמען מיט שימאַנסקין.

* *
*

אַנטעק האָט געשאָסן פון קוילנוואַרפער. יאַנוש האָט שוין אַריינגערוקט די לעצטע לענטע. נאָך אַ מינוט און ס'וועלן אויספעלן קוילן. אָונטן אין דער באַרג־עפענונג האָט זיך נאָך געפונען איין קעסטל מיט קוילן. די באַרג־עפענונג איז געוואָרן געדיכט באַשאָסן פון די פאַשיסטן. יאַנוש און אַנטעק האָבן זיך שטום אָנגעקוקט.

— איך וועל אַראָפּגיין ברענגען דאָס קעסטל קוילן — האָט זיך יאַנוש אָפּגערופן.

— גייסט אויף אַ זיכערן טויט — האָט אַנטעק געוואָרנט.

יאַנוש האָט נישט געענטפערט. ער האָט זיך אַליין אָפּגעגעבן אַ רעכענונג פון דער ריזיקע. אָבער ער וועט גיין.

פאָרזיכטיק האָט ער זיך אָנגעהויבן אַראָפּצולאָזן פון באַרג. אַרום אים זענען געפלויגן די קוילן. די חברים קוקן אויף אים מיט שרעק און האָפענונג. ער האָט צו זיי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

ער איז שוין ביים קעסטל. מיט ליבשאַפט נעמט ער עס. פאָרזיכטיק קלעטערט ער צוריק. די פאַשיסטן האָבן אים באַמערקט. זיי שיסן אין אים. אָבער נישט געטראָפן.

ער האָט געבראַכט די קוילן. מע וועט קאָנען ווייטער שיסן.

*         *
*

דער קאַמף איז שוין אָנגעגאַנגען עטלעכע טעג. זיי האָבן געשאָסן מיט די לעצטע קוילן. סאַראַגאָסאַ וועט איצט נישט גענומען ווערן. די צוגעזאָגטע הילף איז נישט געקומען. דער שונא איז שטאַרקער, מער באַוואָפנטער. מע מוז צוריקטרעטן...

שווער איז אָנגעקומען אַרויסצוזאָגן דאָס שרעקלעכע וואָרט. מען איז דאָ געגאַנגען מיט אַזויפיל האָפענונג אויף נצחון. דער אָנהייב איז געווען אַזאַ געלונגענער... פאַרפאַלן. היינט מוז מען צוריקטרעטן.

שנעל איז דערגאַנגען דער באַפעל צו די קעמפער.

— איינציקווייז צוריקציען זיך אין אָרדענונג.

זבישעק מיט זיין קוילנוואַרפער־אָפּטיילונג האָט באַקומען דעם באַפעל דעקן דעם צוריקטריט פוןביידע באַטאַליאָנען.

דן איז געשטאַנען ביים קוילנוואַרפער, צילנדיק אין די פאַשיסטישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך געוואָלט אַדורכרייסן. ס'האָט געגאָסן

פון אים דאָס בלוט. ער איז געווען פאַרוואונדעט. ער האָט ווי נישט געַ-
פילט קיין ווייטיק. די פאַשיסטישע מחנות האָבן זיך געריסן, געוואָלט
אַניאָגן די אָפּטרעטנדיקע רעפּובליקאַנער. ער וועט זיי נישט אַדורכ-
לאָזן. דער סאָוויעטישער קוילנוואַרפער איז זייער אַ גוטער, ער וועט די
פאַשיסטן נישט אַדורכלאָזן.

אסתר האָט געזאָגט, אַז זי וואָלט קיינמאָל אין לעבן נישט געקאָנט
ליב האָבן קיין פּחדן. ער וועט די פאַשיסטן נישט אַדורכלאָזן...

ס'האָט אים אַ ברי געטאָן אין לינקן פוס.

— פייער! — האָט ער געשריגן צו די חברים.

ער האָט פּלוצים דערפילט אַ שוואַכקייט. די פאַשיסטן זענען שוין
זייער נאָענט.

— פייער! פייער! — האָט זיך געהערט דנס שטימע.

דן האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און אומגעפאַלן. אין זיין רעכטער
האַנט האָט ער געהאַלטן דעם שלאָס פון דעם קוילנוואַרפער. איבער אים
האָט זיך איבערגעבויגן דוד.

דן האָט אים דערזען און שוואַך אַ שמייכל געגעבן. ס'איז אים אָנ-
געקומען זייער שווער צו רעדן. ער האָט קוים אַרויסגעשעפּטשעט:

— שרייב איר, אַז איך האָב זי זייער ליב געהאַט.

דוד געדענקט נישט, אַז ער זאָל אַמאָל האָבן געוויינט. דאַכט זיך
קיינמאָל נישט. אָבער איצט האָט ער זיך אינגאַנצן געטרייסלט. פון זיינע
אויגן זענען גערונען גרויסע טרערן.

אַ שווערע האַנט האָט זיך לייכט אַרויפגעלייגט אויף זיין אָרעם. זבי-
שעק האָט אים אויפגעהויבן פון דער ערד.

— קום — האָט ער צו אים צאַרט געזאָגט — מיר זענען שוין די
לעצטע. נאָך אַ מינוט און ס'וועלן דאָ זיין די פאַשיסטן. נישטאָ איצט קיין
צייט צו באַגראָבן אונדזערע טויטע.

דוד איז געהאָרכזאַם אים נאָכגעגאַנגען.

## 22. דער צוריקטריט

איינציקווייז און אין גרופן האָבן די קעמפער פון ביידע באַטאַליאָ־נען אָנגעהויבן זיך צוריקציען.

זיי זענען געגאַנגען פּאַראומערטע. געוואָרפן אַ לעצטן בליק אויף די, וועלכע זיי וועלן שוין מער אין לעבן קיינמאָל נישט זען. זיי האָבן מיט זיך מיטגענומען די פאַרווונדעטע. זיי האָבן אויך געפירט מיט זיך גע־פאַנגענע.

וואָלאָדקע האָט איבערגענומען די אָנפירונג מיטן צוריקטריט פון די צוויי צעקלאַפּטע באַטאַליאָנען. זיי זענען געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. דער איינציקער אויסוועג איז געווען צו דערגרייכן דעם טאָל פון געזאַלצענעם וואַסער, ביז וואַנען דער שונא וועט זיך כאַפּן, אַז זיי זענען כמעט אומבאַוואָפנט. אין טאָל פון געזאַלצענעם וואַסער וועלן זיי איבער־וואַרטן ביזן אָנקום פון דער נאַכט.

ס'האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד פון פירן די מידע קעמפער דורך די בערג. זיי האָבן זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. די פאַרווונדעטע האָבן זיך געשלעפּט מיט די לעצטע קרעפטן. מע האָט געמוזט אויסקלייבן דעם וועג צווישן די טאָלן.

דער צוריקטריט האָט שרעקלעך געווירקט אויף די לעבן־געבליבענע. די זעלבע מענטשן, וועלכע זענען נעכטן אַרויסגעגאַנגען מיט אַזויפיל מוט און האָפענונג, האָבן זיך איצט באַוועגט ווי שאָטנס, אָן ווילן. פויל און פלעגמאַטיש. זיי האָבן געבענקט נאָך אָפּרו, ס'האָט זיך זיי געוואָלט צופאַלן צו דער ערד, בלייבן אַזוי ליגן, און זאָל מיט זיי געשען, וואָס ס'האָט צו זיין. זיי זענען געגאַנגען אויסגעצויגן אין אַ קרומער ליניע, אויף אַ קילאָמעטער די לענג.

אַלע וואָלאָדעקס באַמיונגען זיי צו גרופּירן, מורא האָבנדיק פאַר אַ פאַ־שיסטישן איבערפאַל, האָבן נישט געהאָלפן. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, זאָל זיין אַזוי. זאָלן זיי גיין ווי זיי ווילן. ער איז געווען טויט

מיד. ער האָט קוים געשלעפּט די פיס. די בלאָנדע וואָנצעס זיינע זענען אים אַראָפּגעהאָנגען אין טרויער. ער האָט געקוקט אין דער ווייטקייט, אַרומגעמענדיק מיט זיין בליק די צעצויגענע קאָלאָנע.

פון אונטן איז געבליבן סאַראַגאָסאַ. צענדליקער געהרגעטע חברים. ס'איז אים געווען זייער שווער אויפן האַרצן. ווי פירט מען זיי אַלע אַרויס פון דער שרעקלעכער פּאַסטקע? די דאָזיקע אַלע מענטשן האָבן אים אָנפאַרטרויט זייער גורל... ער זאָל זיי נאָר נישט אַנטוישן.

אייניקע איינגאַנצן אויסגעשעפּטע זענען אַוועקגעפאַלן אויפן וועג. מיט גרויס מי האָט מען זיי באַוויזן ווייטער צו מאַרשירן.

עטלעכע געפאַנגענע זענען אין דער סומאַטאָכע פון צוריקטריט אַנטלאָפן. די איבעריקע זענען מיטגעגאַנגען. ס'האָבן זיך געפונען צווישן זיי עטלעכע קאַסטילער און אַנדאַלוזער פּויערן, מאָביליזירטע דורך פראַנ־קאָ. זיי זענען גערן געגאַנגען אין געפאַנגענשאַפט. זיי זענען נישט גע־ווען אַזוי מיד און אויסגעשעפּט ווי די דאָמבראָווישטשאַקעס. רירנד איז געווען זייער באַציונג צו די פאַרווונדעטע. זיי האָבן זיי געהאָלפן גיין.

אומענדלעך לאַנג האָט זיך געצויגן די צייט. דער דורשט האָט זיי געמאַטערט.

עלישע לייכט פאַרווונדעט איבער דער רעכטער קני, האָט באַקומען אַ מדבר־וויזיע, אַ וווּנדערבאַרן מיראַזש. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז פון שכנותדיקן באַרג פאַלט אַראָפּ אַ גרויסער וואַסער־פאַל. דאָס וואַסער איז זילבער־ריין און בלישטשעט מיט טויזנטער שטראַלן. דאָס וואַסער איז קלאָר און פריש. דאָס וואַסער פאַלט אַריין צופוסנס פון באַרג אין אַ שמאָל טייכל.

ער האָט אָנגעכאַפּט אברהמען ביי דער האַנט.

— וואַסער! וואַסער! דו זעסט דעם טייך, לאָמיר זיך אָנטרינקען.

— אָט דאָ, לעבן באַרג. לאָמיר זיך צואיילן.

אברהם האָט פאַרשטאַנען, וואָס געשעט מיט עלישען, ער האָט מיט מיטלייד געקוקט אויף זיינע אויגן, וועלכע האָבן געברענט פון היץ. ער האָט אים פעסט גענומען פאַרן אָרעם. ער האָט פאַרזיכטיק, דעליקאַט געוואָלט צעשטרייען זיין מיראַזש.

— ס'האָט זיך דיר געדאַכט — האָט אברהם געזאָגט.

עלישע האָט פאַרוווּנדערט און מיט אומצוטרוי אַ קוק געטאָן אויף אברהמען.

— דו נאַרסט מיך אָפּ. פאַרוואָס לאָזסטו מיר זיך נישט אָנטרינקען, איך חלש פון דורשט.

ענדלעך האָבן זיי זיך דערשלעפּט צום טאָל פון דעם געזאַלצענעם וואַסער, זיי זענען אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד.

וואָלאַדעק האָט מיט ווייטיק געקוקט אויף די פאַמאַטערטע מענטשן און געטראַכט וועגן די מיטלען, וועלכע דאַרפן אָנגענומען ווערן, כדי וואָס שנעלער זיך צו פאַראייניקן מיט דער בריגאַדע. ווען ס'וועט ווערן נאַכט, וועט מען דאַרפן אַרויס פון דער פאַשיסטישער אַרומרינגלונג. אין דעם גייסט האָט ער צו זיי גערעדט.

וואָלאַדעקס רייד האָבן אַריינגעבראַכט אַן אויפמונטערונג. די קעמפער האָבן אָנגעהויבן קומען צו זיך. זיי האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער נאַכט.

פון דער ווייטנס האָט זיך דערטראָגן צו זיי אַן אָפּקלאַנג פון אַ העפטיקער שיסעריי. נאָך עטלעכע מינוט איז ווידער אַרום אַלץ שטיל געוואָרן. אַ גרופּע פאַשיסטישע אויסשפּירער האָט זיך באַוויזן לעבן דעם טאָל. וואַצעק האָט זיי באַגעגנט מיט אַ העפטיקער שיסעריי פון זיין קוילנוואַרפער. די פאַשיסטן זענען שנעל פאַרשווונדן.

*    *

*

אַנטאָן מיט אַ גרופּע קעמפער איז געוואָרן אָפּגעשניטן. ער האָט פונווייטנס געזען, ווי ס'ציען זיך צוריק די הויפּט־כוחות. פאַרשטאַנען, אַז אַלץ איז פאַרשפּילט. זיין גרופּע איז געווען אַ געמישטע פון פּאַליפּאַקס און דאָמבראָווסקי. אַלע האָבן זיך שטום אָנגעקוקט. אויך פאַר זיי איז געשטאַנען די פראַגע, ווי אַזוי רייסט מען זיך אַרויס פון דער אַרומרינגלונג.

אַנטאָן האָט נישט געהאַט קיין אויסוועג. ער האָט געגעבן אַ שאַרפן קער אויף רעכטס. נעענטער צו סאַראַגאָסאַ, אַרומגייענדיק ווילא מאיאר פון אונטן. די פאַשיסטישע הויפּט־כוחות זענען געווען קאָנצענטרירט אויף דער צווייטער זייט. די פאַשיסטן האָבן נישט באַמערקט זייער צוריקטריט. נאָענט, זייער נאָענט פון זיי איז געלעגן סאַראַגאָסאַ. אַ ווייסע, אַ שטאָלצע. אירע טוירן זענען געשטאַנען אָפן. ס'איז גענוג געווען עטלעכע שטורעם־באַטאַליאָנען, און די שטאָט וואָלט באַפרייט געוואָרן.

אַנטאָנען האָט באַהערשט פּאַרדרוס. אַזוי נאָענט שטייט ער, און ער מוז אָפּטרעטן...

זיי זענען אַרויס פון דער צווייטער זייט שטעטל און אַריין אין אַ טיפן באַרג־קעסל. די הויכע בערג האָבן זיי פאַרשטעלט פאַרן שונא. זיי האָבן געהערט די שיסעריי. לויט איר האָבן זיי זיך אָריענטירט אין וועלכער ריכטונג ס'טרעטן אָפּ די הויפּט־גרופּן פון דאָמבראָווסקי־באַטאַ־ליאָן. זיי האָבן זיך געלאָזט גיין אין דער זעלבער ריכטונג. זיי זענען אַלץ געגאַנגען פאָרויס. פאַרהאַלטן זיך האָט באַדייט אַריינפאַלן צום שונא אין פּיסק אַריין. ס'האָט זיי געטריבן דער ווילן צו לעבן, דער פאַרלאַנג ווידער צו טרעפן זיך מיט די אייגענע...

פּלוצים האָבן זיי דערשפּירט דעם ריח פון געבראָטענע איילבירטן. אַנטאָן האָט זיך אַראָפּגעבויגן פון באַרג. אין אַ שמאָלן טאָל איז געזעסן אַ פאַשיסטישע אָפּיצירן־גרופּע און געמיטלעך געגעסן אָוונט־ברויט.

— חברים — האָט אַנטאָן אויסגערופן — אַ פאַשיסטישע קיך. לאָ־מיר זי אַטאַקירן! זיי האָבן נאָך מסתמא נישט באַוויזן אַלץ אויפצועסן.

די קעמפער איז דער פּלאַן געפעלן געוואָרן. זיי האָבן פאַרגעסן אין זייער מידקייט און שוואַכקייט. אַ הילכיקער „הורראַ" האָט פאַרטויבט די לופט. מיט שטורעם האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט פון באַרג.

די אַטאַקע איז געווען אַן אומגעריכטע. די פאַשיסטן צעשראָקענע און צעטומלטע זענען אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער לאָזנדיק זיך אין בהלה לויפן אין אַלע זייטן, איבערלאָזנדיק די קיך און דאָס עסן אין טאָל. עטלעכע געדיכטע ביקסן־סאַלוועס האָבן זיי באַגלייט ביז צום שכנותדיקן באַרג.

די קעמפער זענען צוגעפאַלן צו דער קיך. זיי האָבן געפונען קאָנ־סערוון, ברויט, וואַסער, ווייַן, קאָניאַק. פאַר זיי איז דאָס געווען אַ גאַנ־צער אוצר.

די קעמפער האָבן צוריק געפונען זייער הומאָר. זיי האָבן זיך גע־וויצלט אויפן חשבון פון די פאַשיסטן, וועלכע זענען אַנטלאָפן אינמיטן עסן. אַ ביסל פאַרגעסן אין אַלע שווערע איבערלעבונגען פון די לעצטע שעהן.

אָבער די פאַשיסטן זענען שנעל געקומען צו זיך. פון שכנותדיקן באַרג האָבן זיי געעפנט אַ פייער. חברה האָט זיך נישט געוואָלט אַזוי שנעל אַוועקגיין. אַנטאָן האָט צוגעאיילט. דאָ איז געפערלעך צו פאַר־בלייבן אַן איבעריקע מינוט. זיי האָבן זיך געלאָזט אין ווייטערדיקן וועג.

* *
*

וולאַס האָט זיך ביים צוריקטריט אָנגעטראָפן אויף אַ טיפן גרוב און אַריינגעפאַלן, פאַרלירנדיק פון אַ שטאַרקן קלאַפּ דעם באַוווסטזיין. ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט ער זיך געפונען אַליין אין אַ וויסטן טאָל. אַרום אים האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. ס'האָט אים אַרומ־גענומען אַ שרעק. זיין ביקס איז ערגעץ פאַרשווונדן. ער האָט געהאַט ביים פאַס צוויי האַנט־גראַנאַטן.

געפירט פון אינסטינקט, האָט ער זיך געלאָזט גיין. לאַנג איז ער געגאַנגען.

פּלוצים האָט זיך פון די ווילדע קשאַקעס באַוויזן אַ פאַשיסטישער אָפיציר און צוויי סאָלדאַטן. דער אָפיציר איז געווען אַן איטאַליענער. ער האָט געשריגן צו וולאַסן, אָנשטעלנדיק אויף אים דעם רעוואָלווער.

— אבאכא ארמאס!

וולאַס איז געווען זיכער, אַז ס'איז געקומען זיין לעצטע מינוט. אָבער נאָר נישט לעבעדיק זיך איבערגעבן אין די הענט פון שונא, קעמפן ביזן לעצטן! ער האָט אויפגעהויבן אַ האַנט־גראַנאַט קעגן אָפיציר.

— אַ האָמבראָוושטשאַק גיט זיך קיינמאָל נישט אונטער — האָט ער אים אָפּגעענטפערט אויף שפּאַניש — טרעט צוריק אָדער איך צעריים דיך מיטן גראַנאַט.

זיין געזיכט האָט געאָטעמט מיט דעצידירטקייט און האַס. לאַנגזאַם האָט ער זיך דערנעענטערט צום אָפיציר. דער איטאַליענער האָט זיך דער־שראָקן. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די האַנט מיטן רעוואָלווער.

וולאַס האָט קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרגעסן די דאָזיקע מינוטן. ער האָט קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס האָט באַוויגן דריי באַ־וואָפנטע מענטשן אים אַדורכצולאָזן.

— גיי צו דיינע — האָט דער אָפיציר אַרויסגערעדט פון צווישן די ציין.

נישט אומקוקנדיק זיך, מיטן אויסגעשטרעקטן גראַנאַט אין דער האַנט, איז וולאַס ווייטער געגאַנגען. ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט באַקומען אַ קויל פון אונטן. ער האָט געפילט ווי דריי פּאָר אויגן קוקן אים נאָך. ס'האָט געשטאָכן אין דער קני. די פיס האָבן זיך ביי אים גע־בויגן, ווי אומצופאַלן. לויטעק איז געוועכט געווען — איז אים געקומען

אויפֿן זינען. איצט באַקעמפֿט ער אין זיך די שרעק... ער האָט אָנגע־שטרענגט זיינע לעצטע כּוחות און איז ווייטער געגאַנגען. ס'האָט געהערשט אַרום אַ פֿיינלעכע נאָגנדע שטילקייט. ער האָט זיך ענדלעך אומגעקוקט. דער אָפֿיציר מיט די סאָלדאַטן זענען ערגעץ פֿאַרשוווּנדן. דער וועג איז געווען פֿריי.

ער האָט זיך אַ מידער צוגעזעצט אויף דער ערד. ערשט דעמלט האָט ער פֿאַרלוירן די כּוחות. ער האָט געמיינט, אַז ער חלשט. צום גליק האָט דאָס בלויז געדויערט אַ פּאָר סעקונדעס. אַ קאַלטער ווינט האָט אַ בלאָז געטאָן און האָט אים אָפּגעפֿרישט — ער איז געקומען צו זיך. ער האָט צוריק אָנגעטשעפּעט דעם האַנט־גראַנאַט צום פּאַס, לאָזנדיק זיך אין וועג.

די בערג האָבן געקוקט אויף אים מיט רוגזה. ער איז פּלוצים גע־בליבן שטיין. פֿון ווייטנס, אויפֿן ראַנד פֿון באַרג איז געזעסן אַ מענטש. ער איז געווען אָן אַ ביקס. וואָס האָט זיך באַרואיקט. מסתּמא — האָט ער געטראַכט — איז ער אַזאַ פֿאַרבלאָנדזשעטער דאָמבראָווסטשאַק ווי איך. ער איז דרייסט צוגעגאַנגען צום זיצנדיקן מענטש.

* *
*

אָליעק, באַקומענדיק פּעליקסעס באַפֿעל צו ברענגען ווינצענטיס קאָמפּאַניע, האָט דעם באַפֿעל שנעל אויסגעפֿירט. צוזאַמען מיט דער קאָמ־פּאַניע האָט ער זיך דערנעענטערט צום קאַמפֿס־פּלאַץ. לעבן די וויינ־גערטנער האָט ער באַקומען אַ קויל אין דער רעכטער האַנט. ער איז אומגעפֿאַלן. אַ צייט איז ער געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך.

ביסלעכוויז האָט ער אָנגעהויבן קומען צו זיך. „איך לעב" איז גע־ווען זיין ערשטער געדאַנק. ס'האָט אים אַרומגענומען אַ גרויסע פֿרייד. מיט דער לינקער האַנט האָט ער באַטאַפּט זיין קערפּער. ער איז אומע־טום גאַנץ. ער האָט זיך אויסגעדרייט. באַוועגנדיק מיט דער רעכטער האַנט, האָט ער דערפֿילט אַ ווייטיק און דערזען בלוט.

דאָס גראָבע פֿלייש איבער דעם עלנבויגן האָט געבריט. אין זיין הויזן־קעשענע האָט ער געפֿונען אַ באַנדאַזש. מיט מי האָט ער אַרומגע־וויקלט די וווּנד, פֿאַרטאַמעוועט דאָס בלוט. ער האָט אַראָפּגעריסן פֿון זיך

האָס העמד, צעריסן מיט די ציין אויף צוויי העלפֿטן, פֿאַרבונדן זיי, אַריבערגעוואָרפֿן איבער דעם נאַקן, אויפֿהענגענדיק די פֿאַרוווּנדעטע האַנט.

ער איז געבליבן זיצן נישט ווייט פֿון די ווייַנגערטנער. גיין אין פֿייער — האָט ער געטראַכט — האָט נישט קיין זין. ער קאָן מער נישט שיסן. ער וועט דאָ איבערוואַרטן די אַטאַקע און נאָכדעם זיך פֿאַראייניקן מיטן באַטאַליאָן. ער האָט זיך צוגעקוקט צום קאַמף, געזען ווי די פֿאַשיסטן באַקומען פֿאַרשטאַרקונגען. לויטן שוואַכן ענטפֿער פֿון די דאָמבראָווסקיסטן מאַשיגעווער האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז ס'לאָזט זיך אויס ביי זיי די אַמוניציע, אַז דער קאַמף וועט זיך שנעל ענדיקן.

אָליעק האָט אויסגערעכנט, אַז דער באַטאַליאָן אָפּטרעטנדיק מוז אַדורכגיין דורכן אָרט, וווּ ער געפֿינט זיך. זענען זיי דאָך דורכדאַנען געקומען. ער האָט באַשלאָסן צוואַרטן אויפֿן סוף פֿון דער שלאַכט. ער האָט אָבער נישט באַמערקט, אַז דער דאָזיקער וועג איז שוין פֿון לאַנג געווען אָפּגעשניטן דורכן שונא.

די שיסעריי איז געוואָרן אַלץ שוואַכער. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און מיט שרעק דערזען, אַז די פֿאַשיסטן פֿאַרפֿאָלגן די אָפּטרעטנדע דאָמבראָווסקיסטן. ער האָט פֿאַרשטאַנען זיין טעות. מיט שרעק האָט ער דערזען זיך איינער אַליין צווישן די פֿאַשיסטן. וואָס טוט מען?

ער האָט אָנגעהויבן צו לויפֿן פֿאָרויס. נאָר נישט אַריינפֿאַלן צו די פֿאַשיסטן אין די הענט. ס'האָט אים געטריבן דער אימפּעט. וואָס ווייטער פֿון זיי.

ער האָט נישט געוווּסט, אין וועלכער ריכטונג ער לויפֿט. אים האָט באַרואיקט די אַרומיקע איינזאַמקייט, דער זאַמדיקער מדבר. ער געדענקט נישט ווי לאַנג ער איז אַזוי געלאָפֿן. אַ מידער איז ער צוגעפֿאַלן צו דער ערד. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט.

אָבער וואָס טוט מען? איינער אַליין צווישן שטיינערנע בערג און זאַמד. ער ווייסט נישט, וווּ צו גיין. וווּ זענען זיינע? וווּ זענען די פֿאַשיסטן?

ער האָט פּלוצים דערהערט שווערע טריט אונטער זיך. ער איז אויפֿגעשפּרונגען אַ דערשראָקענער. זיינע אויגן האָבן זיך באַגעגנט.

— אָליעק!

— וולאַס!

אָליעק האָט פֿריי אָפּגעאָטעמט. קיין מענטש איז אים נאָך אין לעבן נישט געווען אַזוי נאָענט ווי וולאַס איצט.

— וואָס טוסטו דאָ איינער אַליין?
— און דו, פון וואַנען קומסטו?
וולאַס האָט זיך צעלאַכט.
— ווי איך זע, האָט אונדז היינט ביידע געטראָפן דער זעלבער גורל. זיי האָבן זיך קעגנזייטיק דערציילט פון זייער אָדיסייע.
— איצט בין איך רואיק — האָט זיך אָליעק אָפּגערופן. מיט דיין הילף וועל איך שוין נישט פאַרפאַלן ווערן.
וולאַס האָט אַ לאַנגע צייט געשוויגן.
— פיל ווינציק אָריענטיר איך זיך, אין וועלכער ריכטונג מיר דאַרפן גיין. מע וועט מוזן צוּוואַרטן, ביז ס'וועט ווערן פינצטער. ס'שיינט מיר, אַז מיר זענען נאָענט פון די פאַשיסטישע פּאָזיציעס. אין דער פינצטער־ניש וועט אונדז לייכטער זיין אַדורכצושלאָגן זיך.
אויסגעשעפּטע האָבן זיי זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד. זיי האָבן געוואַרט אויפן אָנקום פון דער נאַכט.

## 23. אין טאָל פון געזאַלצענעם וואַסער

זיי זענען געלעגן אינעם טאָל פון דעם געזאַלצענעם וואַסער. דער הונגער און דורשט האָט זיי אָנגעהויבן צו דערקוטשען. יעדע מינוט האָט זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט. טייל איז צוגעקראָכן צו דעם געלן קלעביקן וואַסער, וואָס איז גערונען פון די געזאַלצענע ווענט, באַנעצנדיק זייערע ליפּן. דאָס וואַסער האָט נאָך מער געשטאַרקט זייער דורשט.

רובינען האָט געפּייניקט דער ווייטיק אין פוס. ער האָט געהאַט שטאַרקע היץ. ער איז געלעגן אַן אומבאַהאָלפענער אויסגעצויגן אויף דער ערד. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז לעאָן שטייט פאַר אים מיט אַ צעשאָסענעם מאַרך און קוקט אויף אים מיט פאַרדרוס. רובין האָט זיך געוואָרפן אויסשטרעקנדיק צו אים די הענט „זיי מוחל" — האָט ער געשעפּטשעט — איך האָב נישט פאַרשטאַנען".

וואַצעק האָט זיך איבערגעבויגן איבער אים.

— צו וועמען רעדסטו?

רובין אַ צעשראָקענער האָט ברייט געעפנט די אויגן.

— געהאַט אַ שרעקלעכן חלום.

— באַמי זיך צו זיין וואַך. דאָ איז געפערלעך איינצושלאָפן.

וואַצעק האָט זיך אויך קוים געהאַלטן אויף די פיס, כאָטש זיין וווּנד איז געווען אַ לייכטע. אָבער דער שטאַרקער בלוט-פאַרלוסט, די מידקייט און דער דורשט האָבן זייערס געטאָן. ער האָט געזען דעם שווערן צושטאַנד פון רובינען. מורא געהאַט, אַז רובין זאָל אַזוי איינגאַנצן נישט אַנטשלאָפן ווערן און אַזוי דאָ בלייבן. וואַצעק האָט זיך צוגעזעצט צו אים, באַמיענדיק זיך צו האַלטן רובינען די גאַנצע צייט וואַך.

ניקיטאַ, זשוק און עטלעכע שפּאַניער זענען געשטאַנען אויפן באַרג ביים קוילנוואַרפער. זיי האָבן געשוויגן.

פון די שטיינערנע בערג האָט אַרויסגעשלאָגן אַ ראָז־טונקעלער נעפּל. ווו דאָס אויג האָט נאָר געקוקט, האָט מען געזען בערג און מדבר. די לופט איז געווען וואַרעם און פאַרגע.

פאַר ניקיטאַס אויגן איז נאָך געלעגן דער טויטער יאַן, דער ברודער, וועלכן ער האָט צען יאָר נישט געזען. געפונען אויף דער גרענעץ פון שפּאַניע און איצט שוין אויף אייביק פאַרלוירן.

* *
*

נאַטאַן האָט איבערגעבונדן מירעקס וווּנד. זי איז געווען אַ לייכטע.
— ווי פילסטו זיך?
— דער קערפּער ברענט אַ ביסל. ס'ווילט זיך שרעקלעך טרינקען. איך מוז מודה זיין, אַז נעכטן האָב איך זיך אַ ביסל געשראָקן. דאָס ער־שטע מאָל אין פייער. איך האָב נישט געוווּסט, ווי איך וועל זיך פילן אין קאַמף. אַזוי ווי ס'האָט זיך נאָר אָנגעהויבן די פאַשיסטישע אַטאַקע, איז פאַרשוווּנדן די אומזיכערקייט, די מורא.
דער יונגער גאַרציאַ האָט זיך געקלאָגט פאַר אברהמען:
— אין סאַראַגאָסאַ וווינט מיין מוטער און מיין קליין שוועסטערל. אַזוי לאַנג זיי נישט געזען. געמיינט, אַז מיר וועלן היינט אַריין אין סאַ־ראַגאָסאַ. אַז איך וועל זען מיינע. נישט באַשערט.
— מיר וועלן צוריקקומען — האָט אים אברהם געטרייסט.
— מיר וועלן צוריקקומען. סאַראַגאָסאַ מוז זיין אונדזערע.

* *
*

זבישעק איז געווען ווי אַלע שרעקלעך מיד און דורשטיק. אויף זיינע קני איז געלעגן דוד. דודס דאַרע פּלייצעס האָבן באַקומען שאַרפע שפּיצן. זבישעק האָט נישט געפילט אויף זיך זיין קערפּער.
זבישעק האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און פריידיק אויסגעשריגן:
— עס וועט רעגענען!
אַלע אַרומיקע האָבן אויפגעהויבן זייערע אויגן צום הימל. פון צפון האָבן זיך אָנגערוקט אויף זיי שוואַרצע, אָנגעשוואָלענע וואָלקנס. זיי זע־נען געשוואומען אין געדיכטע קנוילן. גרויסע מגושמדיקע, אַרויסשטעלנדיק פּאָרויס אַ גרויסן קאָפּ פון אַ בולדאָג.

די לופט איז געוואָרן פייכט. דער קאָפּ פון די וואָלקנס האָט זיך אויסגעגליכן מיט זיי. עס איז פּלוצים געוואָרן שטאַרק פינצטער. די פּאַר־חלשטע קעמפער האָבן זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, מיט אומגעדולד געוואַרט אויף די ערשטע טראָפּנס רעגן. אָבער די וואָלקנס האָבן פּאַר־שטאַרקט זייער גאַנג. איינער האָט געיאָגט דעם צווייטן ווי אין אַ געיעג. זיי זענען אַלץ ווייטער און ווייטער געשוווּמען. אויפן צפון האָט אָנגעהויבן ליכטיק צו ווערן. דער הימל האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז זיך אויס־צולייטערן. די וואָלקנס האָבן פאַרגעזעגנט זייער אומבאַוווּסטן מאַרש פאָרויס, ביז זיי זענען פאַרשוווּנדן פון הימל. קיין איין טראָפּן וואַסער איז פון הימל נישט אַראָפּגעפאַלן. זבישעק האָט פאַרצווייפלט צוגעמאַכט די אויגן.

פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ היסטעריש געשריי.

— וואַסער! גיט מיר וואַסער! פאַרשאָלטן זאָל עס ווערן. גיט מיר וואַסער.

עס האָט אים קיינער נישט געענטפערט.

וולאַדעק האָט געוואַרט אויפן אָנקום פון דער פינצטערניש, זיין מוח האָט געאַרבעט אָנגעשטרענגט: „ווי אַזוי פירט מען זיי אַלע אַרויס פון דער אַרומרינגלונג".

* *
*

שווער איז אָנגעקומען אויפצוהייבן זיי אויף די פיס און אויסשטעלן זיי צום ווייטערדיקן מאַרש. מע האָט די מענטשן געדאַרפט וועקן. בעטן זיך ביי זיי, זיי זאָלן גיין ווייטער. אָבער וולאַדעקס עקשנות האָט אויפ־געטרייסלט דעם אַפּאַטיש געוואָרענעם עולם און געצוווּנגען זיי ווייטער צו ווערן סאָלדאַטן.

דער אָוונט איז געווען זייער אַ פינצטערער. מע האָט געדאַרפט גיין האַרט איינער הינטערן צווייטן, כדי נישט צו פאַרלירן זיך.

וולאַדעק האָט געצויגן נאָך זיך די קעמפער. זיי זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג, פון וואַנען זיי זענען נעכטן געקומען. זיי האָבן זיך אַלץ מער דערנעענטערט צו זייער ציל. ווידער האָבן זיי זיך אויסגעצויגן אין גאָר אַ לאַנגער שלאַנגען־ריי. איין גרופּע איז געבליבן אָפּגערוקט פון דער צווייטער.

װאָלאַדעק האָט פּרובירט אָפּצושטעלן זיך, אָפּװאַרטן ביז עס װעלן זיך דערנעענטערן די אַנדערע. נאָר ער האָט שנעל געמוזט רעזיגנירן דערפון. בלײַבנדיק שטיין זענען די מענטשן תיכף אײַנגעשלאָפן, געלײגט זיך אויף דער ערד. מיט מי האָט מען זײ אויפגעהויבן. די שלאָפנדיקע האָבן נישט געװאָלט װײַטער גײן. װאָלאַדעק האָט מורא געהאַט, אַז ער װעט אויפן װעג פאַרלירן אַ העלפט מענטשן. ער האָט צוגעאײַלט דעם מאַרש נישט אָפּשטעלנדיק זיך מער.

פון אונטן האָבן װי רײַצנדיק זיך מיט זײ געװונקען די פײַערן פון דער נישט דערגרײכטער שטאָט. די שטערן האָבן שטום אַראָפּגעקוקט צו זײ פון פינצטערן הימל, שװײַגנדע עדות פון זײער איבערמענטשלעכן געראַנגל.

זײ זענען ענדלעך צוגעקומען צו דער ערשטער פאָרטיפיקאַציע-ליניע פון די פאַשיסטן, דורך װעלכע זײ זענען אַדורכגעגאַנגען פאָריקע נאַכט.

פּלוצים האָט זיך פון אַ באַרג געעפנט אויף זײ אַ שטאַרק פײַער, און באַלד נאָכדעם האָט מען אויך פון צװײטן באַרג אָנגעהויבן שיסן אויף זײ. עס איז אַנטשטאַנען אַ פּאַניק. אין אומאָרדענונג האָבן זיך די מענטשן געװאָרפן אין אַלע זײַטן. מע האָט נישט געקאָנט װיסן, צי דאָס שיסן אויף זײ נאָר די פאַשיסטן צי אויך אײגענע.

עס האָט מער נישט געקאָנט זײַן קײן רײד אויפצוהאַלטן די דיסציפלין און אָרגאַניזאַציע. דער געשרײ פון קאָמענדאַנט איז פאַרטויבט געװאָרן אין דער שיסערײ. די גרופן האָבן פאַרלוירן אײנע די אַנדערע. װאָלאַדעק האָט געזוכט זבישעקן, זבישעק װאָלאַדעקן. זײ האָבן זיך נישט געפונען. נאָך גוט װאָס װאָלאַדעק האָט נאָך פריער מיט זבישעקן אָפּגערעדט צװישן זיך, אַז װער עס װעט פריער דערגרײכן דעם רעפּובליקאַנישן לאַגער, זאָל אָנהײבן זינגען דעם אינטערנאַציאָנאַל, געבנדיק אַזױערנאָך צו װיסן די אַנדערע, אין װעלכער ריכטונג צו גײן.

די גרופן האָבן אָנגעהויבן אַדורכצורײַסן זיך אויף אײגענער האַנט. צענדליקער זענען אומגעקומען.

זבישעק מיט אַ גרופּע האָט זיך באַמיט דורכצורײַסן דורך אַ שמאָלער באַרג-עפענונג. אָבער פון בײדע זײַטן האָט זײ באַגעגנט אַ שטאַרק פײַער פון קוילנװאַרפער. װאָלט האָט זיך אַ װאַקל געגעבן און איז אומגעפאַלן. װאַצעק און דוד זענען צוגעשפּרונגען צו אים. זײ האָבן אים אויפגעהויבן און אונטערגעהאַלטן אים אונטער זײַנע אָרעמס. זײַן קערפּער האָט זיך אַלץ שװערער אַראָפּגערוקט.

— לאָזט חברים — האָט ער שוואַך אַרויסגעשעפּטשעט — איך שטאַרב.

זיין קערפּער האָט זיך לאַנגזאַם אויסגעצויגן אויף דער ערד. זיי האָבן זיך אַריבערגעבויגן איבער אים. אין דער פינצטערניש האָבן זיי נישט געזען זיין פּנים. זיי האָבן נאָר געהערט זיין שווער אָטעמען. וואָלט האָט אָנגעכאַפּט דודס האַנט, צוציענדיק אים צו זיך.

— זאָג די חברים — זיין שטימע האָט זיך כסדר איבערגעהאַקט — אַז איך בין געשטאָרבן ווי אַ קאָמוניסט, אַז מיינע לעצטע געדאַנקען זענען מיט דער פּאַרטיי.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. דוד האָט אַראָפּגעקניט לעבן אומבאַוועגלעכן קערפּער פון וואָלטן. דן, יאַנוש, וואָלט. אַזויפיל נאָענטע אומגעקומען. אַזויפיל טייער בלוט.

וואַצעק האָט אים מיט געוואַלד אויפגעהויבן פון דער ערד. זיי זענען ווייטער געגאַנגען.

— אַלטאַ! ווער גייט?

— אייגענע! דאָמבראָווסקיסטן!

זיי האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף די פאָדערשטע ליניעס פון באַטאַליאָן ראַקאָשי פון דער דאָמבראָווסקי-בריגאַדע. זיי זענען געווען פאַרוואונדעט. זבישעק האָט אָנגעהויבן צו זינגען דעם אינטערנאַציאָנאַל. אַלע האָבן אים צוגעהאָלפן. אין דער געדיכטער נאַכט-פינצטערניש, אינעם טומל פון דער העפטיקער שיסעריי, האָט דער אינטערנאַציאָנאַל איצט געקלונגען ווי אַ טרומפּייטן-שאַל, וואָס רופט צונויף די צעפאַלענע מחנה.

וואַדעק און אַ צווייטע גרופּע האָבן זיך אַדורכגעריסן דורך די פאַשיסטישע באַפעסטיקונגען. די פאַשיסטישע פּאַטרולן האָבן אַריבערגעשריגן צו זיי. זיי האָבן זיך באַמיט אָפּצונאַרן די פאַשיסטן, ענטפערנדיק אויף שפּאַניש. דער שונא האָט זיך אָבער שנעל געכאַפּט, אַז דאָס זענען רעפּובליקאַנער און געעפנט אויף זיי אַ מוראדיק פייער. עטלעכע מענטשן זענען געפאַלן. אויך העניעק, שווער געטראָפן פון אַ קויל. מיט די לעצטע פונקען פון זיין באַוווסטזיין האָט ער זיך באַמיט צו באַהערשן. ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט אויפהייבן. דאָ וועט ער שוין בלייבן... די חברים לויפן ווייטער...

שמעון האָט זיך איבערגעבויגן איבער אים.

— דו ביסט פאַרוואונדעט?

העניעק האָט נישט געענטפערט. עמעצער איז געפאַלן און איבער־געקייקלט זיך איבער דעם טויטן קערפּער פון העניעקן. די שיסעריי איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער. דער מענטשן־שטראָם האָט מיטגעריסן מיט זיך שמעונען.

פלוצים האָבן זיך דערטראָגן צו זיי די מעכטיקע קלאַנגען פון אינ־טערנאַציאָנאַל.

*  *
*

— חברים, מיט מיר! — האָט אַ דערפרייטער וואַלדעק געשריגן — דאָרטן זענען אונדזערע!

„ראַקאָשי“ האָט ברייט געעפנט זיינע אָרעמס פאַר די צו־ריקגעקומענע.

פראַנעק האָט זיך מיט אַ קליינער גרופּע אַדורכגעשלאָגן דורך ווי־ליא מאַיאָר. די גאַנצע צייט האָט זיי פאַרפאָלגט אַ פאַשיסטישע אָפּטיי־לונג. זיי האָבן זיך אָפּגעשאָסן לויפנדיק. איינציקווייז איז איינער נאָכן צווייטן געפאַלן, געטראָפן פון פייער פון שונא. פראַנעק האָט געהערט הינטער זיך די קרעכצן פון די פאַרוווּנדעטע.

עס איז געוואָרן אַלץ שטילער אַרום אים. ער האָט זיך ענדלעך אומגעקוקט. ער איז געבליבן איינער אַליין. קיינער איז מיט אים און נאָך אים נישט געלאָפן. ער האָט זיך געפונען אין אַ שמאָלן איינגאַנג צווישן צוויי בערג.

שעהן איז ער געגאַנגען. עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. ער האָט גע־הערט פון וויטנס אַ שיסעריי. ער איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון דער שיסעריי. די אויגן האָבן זיך אים געקלעפּט פון מידקייט.

ער האָט דערפילט, אַז ווייטער גיין קאָן ער שוין נישט. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און אָפּ־געטשעפּעט אַ האַנט־גראַנאַט.

עטלעכע מינוט איז ער אַזוי געלעגן צוהערנדיק זיך צו דער אַרו־מיקער שטילקייט. אַ פיגור האָט זיך שטילערהייט צו אים צוגעשלייכט. איידער פראַנעק האָט באַוויזן זיך אומצוקוקן, האָט אַ שווערער זעץ מיטן פוס אַרויסגעקלאַפּט אים פון האַנט דעם האַנט־גראַנאַט. פראַנעק

איז אין שרעק אויפגעשפרונגען, אָנשטעלנדיק זיין רעוואָלווער צום אי־בערפאַלערס ברוסט.

— ווער ביסטו?

— פון פראַנקאָ־בעלזש!

פראַנעק גלייבט נישט. זייער אָפט באַנוצן די פאַשיסטן אַזאַ מע־טאָד, כדי אָפּצונאַרן די רעפּובליקאַנער.

— ווי הייסט דער קאָמענדאַנט פון דיין באַטאַליאָן?

יענער האָט אָנגערופן דעם נאָמען, וועלכער איז גוט באַקאַנט פראַנעקן. ער האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט, נישט זייענדיק נאָך אינ־גאַנצן זיכער.

## 24. זיי זענען צוריקגעקומען

דער שטאַב פון דער בריגאַדע און דער דיוויזיע האָט איבערגעלעבט שווערע שעהן פון אומרו. באַלד אין דער פרי איז באַוווסט געוואָרן, אַז די איבעריקע בריגאַדעס און באַטאַליאָנען האָבן אין זייער מאַרש פאַרויס זיך אָנגעטראָפן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד פון די פאַשיסטן, אַז זיי זענען געבליבן שטיין צוגעשמידטע צו זייערע פּאָזיציעס.

די צוויי פּוילישע באַטאַליאָנען זענען געבליבן שטעקן אין טיפן הינטערלאַנד פון שונא. עס איז נישט געווען מיט זיין קיין פאַרבינדונג. די ראַדיאָ-סטאַציע, וועלכע מע האָט זיי מיטגעגעבן אין וועג, איז גלייך אַריינגעפאַלן צו די פאַשיסטן אין די הענט צוזאַמען מיט דער באַדינונג. זי האָט געשוויגן.

אַלע טעלעפאָן-אַפּאַראַטן האָבן פיבערהאַפט געאַרבעט. מע האָט אַרויסגעשיקט פּאַטרולן. קיין שפּור פון די פּאָליאַקן. זאָלן זיי האָבן אַלע אומגעקומען?...

עס האָט זיך נישט געוואָלט גלייבן. אַ געדיכטע פינצטערניש האָט איינגעהילט דעם רעפּובליקאַנישן לאַגער, בערג און טייך. וויטאָלד איז געלאָפן פון איין באַטאַליאָן צום צווייטן, פון ראַקאָשי צו פראַנקאָ-בעלזש, פון פראַנקאָ-בעלזש צו דימיטראָוו, פון דימיטראָוו-באַטאַליאָן צו דזיאַקאָוויטש, אומעטום האָט ער באַקומען דעם זעלבן ענטפער: נישטאָ קיין שפּור פון די פּוילישע באַטאַליאָנען.

עס איז שוין געווען טיף אין דער נאַכט. וויטאָלד האָט זיך געפונען אין ראַקאָשי-באַטאַליאָן. פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקע שיסעריי פון דער פאַשיסטישער זייט, ראַקאָשי האָט אָנגעהויבן אָפּצוענטפערן. וויטאָלד איז געוואָרן זייער אומרואיק. אפשר זענען די פּאָליאַקן צוריקגעקומען, און ראַקאָשי נעמט זיי אָן פאַר פאַשיסטן. געפונען זיך זיינע אונטערן פייער פון אייגענע.

— שיקט אַרויס אַ פּאַטרול! — האָט ער זיך געבעטן — אפשר זענען אונדזעריקע צוריקגעקומען?

ער איז מיטגעגאַנגען מיטן פּאַטרול. די שיסעריי האָט זיך אַלץ פאַרשטאַרקט. פּלוצים האָט זיך דערהערט דאָס געזאַנג פון אינטערנאַציאָנאַל. ווימאָלד האָט אויפגעלויכטן. אונדזערע זענען צוריקגעקומען... ער איז געלאָפן פאָרויס און זיך אַ וואַקל געגעבן. אַ קויל האָט אים געטראָפן. ער איז אומגעפאַלן.

ער איז נאָך געווען ביים באַוווסטזיין, ווען מען האָט אים אויפגעהויבן.

— זיי זענען צוריקגעקומען! די דאָמבראָווסקאַשטשעס לעבן!

מער האָט ער נישט באַוויזן צו זאָגן.

* *

*

פון אומעטום איז מען צונויפגעקומען זען די צוריקגעקומענע. זיי האָבן רויִק דערציילט פון זייערע איבערלעבענישן. עס זענען געקומען דעלעגאַציעס פון דער באַפעלקערונג. זיי האָבן געבראַכט מתנות און בלומען. די קעמפער זענען בייסלעכווייז געקומען צו זיך.

די באַטאַליאָנען האָבן געציילט זייערע פאַרלוסטן. איבער צוויי הונדערט און פופציק טויטע און פאַרלוירנגעגאַנגענע. עטלעכע הונדערט פאַרוווּנדעטע. דאָס איז געווען דער סך־הכל פון בלוטיקן מאַרש.

פון אַלבאַצעטע איז אָנגעקומען אַ פרישער טראַנספּאָרט פרייוויליקע.

אין עטלעכע טעג אַרום איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ גרויסער מיטינג. ביים אַריינגאַנג איז געהאָנגען אַ באַשיידענע אויפשריפט:

קומט צו אונדז פיר אַזייגער.

זיי זענען געקומען. די גאַנצע בריגאַדע. פאָרשטייער פון דער בריגאַדע גאַריבאַלדי, דער גענעראַל פון דער דיוויזיע, דער אָרטיקער קאָמיטעט פון פאָלקס־פראָנט. אַלע זענען געקומען באַגריסן די צוריקגעקומענע.

מע האָט זיך געקושט, אַרומגענומען.

— דו לעבסט?

געעפנט דעם מיטינג האָט אַנטאָן. ער האָט זיך באַמיט צו באַהערשן די נערוון. זיינע שטאָלענע אויגן האָבן געקוקט אויף די פאַרזאַמלטע, ווי געזוכט צווישן זיי די, וועלכע זענען פאַרשוווּנדן און וועלן שוין קיינמאָל מער נישט צוריקקומען.

מיט אַ מינוט פייערלעכער שטילקייט ווערט באַערט דער טויט פון די געפאַלענע. אַ שיסער־פלוטאָן גיט אָפּ דריי ביקסן־סאַלוון.

אַנטאָן און דוד דערציילן וועגן דעם געשעענעם.

דוד דערמאָנט אויך לוטעקס נאָמען. אין אַ זייט צווישן די ביימער איז געשטאַנען מאַנועלאַ. פון אירע אויגן זענען שטיל געפאַלן די טרערן. איר לוטעק מיט די ליכטיקע אויגן. דער טאַטע פון קינד, וואָס זי דאַרף געבוירן. וואָס וועט פון איר איצט ווערן? אַלץ פאַרלוירן. אירע עלטערן און איצט איר מאַן. ווי גרויזאַם דאָס לעבן איז...

פראַנעק האָט געקוקט אויף איר פון דער ווייטנס. אין זיין צימער אין נאָרד־פראַנקרייך איז געהאָנגען אויף דער וואַנט אַ רעפּראָדוקציע פון בילד „פאַרצווייפלונג". מאַנועלאַ איז איצט שטאַרק ענלעך געווען צו יע־נער פרוי אויפן בילד. פראַנעק איז צוגעגאַנגען צו איר און אָנגענומען זי פאַר דער האַנט.

— קום מאַנועלאַ. וויין נישט... די דאָמבראָווסקיסטן וועלן אין דיר נישט פאַרגעסן. נישט אין דיר, נישט אין דיין קינד. אונדזער באַטאַ־ליאָן וועט זאָרגן פאַר אייך. וועט זיין אַ טאַטע צו דיין קינד. נישט ער איינער איז אומגעקומען. עס איז קאַמף. קום מאַנועלאַ.

זי האָט זיך געלאָזט פון אים פירן.

רינד איז געווען די רעדע פון שפּאַנישן קאָמיסאַר פון דער דיוויזיע:

— איר זענט געקומען צו אונדז פון אַלע וועלט־טיילן. דאָס שפּאַ־נישע פאָלק וועט אייביק געדענקען, אַז מיט אייערע קערפּער איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פון אונדזער פרייהייט.

דער אַלטער שפּאַנישער אַרבעטער פון פאָלקס־פראָנט־קאָמיטעט קוקט אויף די אויסגעמאַטערטע פּנימער פון די צוריקגעקומענע. ער באַ־גריסט זיי מיט פראָסטע ווערטער:

— טאָמער דאַרפט איר עפּעס: מעל, ווייז, פלייש, וויינטרויבן, מיר וועלן אייך אַלץ געבן.

* *
*

דוד האַלט זיך שטאַרק. זאָלן די יאָטן נישט זען, אַז ער איז טרוי־עריק. זיי דאַרפן איצט דערמוטיקונג. מע דאַרף זיך נעמען פעסט אין די

הענט. דער גענעראַל פון דער דיוויזיע האָט געזאָגט אין זיין הייגטיקער רעדע, אַז דער קאַמף האָט זיך נאָר וואָס אָנגעהויבן. זיי זענען נישט אומזיסט געשטאָרבן. זיי האָבן נישט געקאָנט שטאַרבן אומזיסט. זייער בלוט איז געווען אַ גרויסעביישטייערונג צום נצחון פון דער פאָלקס־אַרמיי ביי בעשליטאָ און קווינטאָ. די דאָזיקע פעסטונגען געפינען זיך איצט אין די הענט פון דער פאָלקס־אַרמיי.

פאַרוואָס האָט די יונגע בלאָנדע שפּאַניערין טרערן אין די אויגן? פאַרוואָס שטייט זי אין אַ זייט און טאַנצט נישט? צי האָט זי אויך עמעצן פאַרלוירן ביי סאַראַגאָסאַ? און אסתר?... דן איז געשטאָרבן מיט דיין נאָמען אויף זיינע ליפּן.

## 25. אין פייער געפּרוווט

אַלבאַצעטע איז געווען אומרואיק. זי האָט יעדן טאָג אויסגעקוקט אויף ידיעות פון אַראַגאָנער קאַמפּס־פעלד. אין די שלאַכטן זענען געווען אַריינגעצויגן אַלע אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. אין שטאַב, אין רעסטאָראַן, אומעטום האָט אײנער דעם צווייטן געפרעגט. וואָס עס הערט זיך. יעדער קאַמיאָן, וועלכער איז געקומען פון פראָנט, איז באַלאַגערט געוואָרן פון נייגעריקע.

ביסלעכווייז זענען די ידיעות געוואָרן אַלץ קלאָרער און בולטער. בעלשיטע, די פעסטונג, וועלכע נאַפּאָלעאָן האָט נישט געקאָנט נעמען, איז גענומען געוואָרן דורך ליסטערס דיוויזיע און דורך די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. עס איז אויך דעראָבערט געוואָרן קינטאָ, די רעפּובליק האָט אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג, אָבער אַ נישט געניגנדיקן, כדי אָפּצוהאַלטן פראַנקאָס פּאָרויסמאַרש אויף אַסטוריע. די קאַמפּן גייען ווייטער אָן. עס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען די ערשטע טראַנספּאָרטן פאַרוווּנדעטע.

עס זענען אויך אין אַלבאַצעטע דערגאַנגען געניויע ידיעות פון סאַראַגאָסאַ־פראָנט, פון דער אויסערגעוויינלעכער העלדישקייט פון די פּאָליאַקן און זייער שרעקלעכן בלוט־אָפּפּלוס. די דאָזיקע אַלע ידיעות האָבן זייער שטאַרק געווירקט אויפן הינטערלאַנד. די רעפּובליקאַנישע אַרמיי איז אויסגעוואַקסן, זי קאָן שוין אָנגרייפן און זיגן. אפשר וועט דאָך נאָך געלינגען אָפּצוראַטעווען די רעשט פון באַסקן־לאַנד און אַסטוריע. פון אַלע שטעט און פון דער גרענעץ זענען כסדר אָנגעקומען פרישע רעזערוון.

דער האַרבסט איז געווען אַ וואַרעמער און זוניקער. אין אַלע לאַגערן זענען אין פולן ברען אָנגעגאַנגען די מיליטערישע איבונגען. די שפּיטעלער זענען געוואָרן איבערפולט.

די פאַרוווּנדעטע האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך דעם אימפּעט און אומרו פון פראָנט. די קעמפער פון דער דאָמבראָווסקי־בריגאַדע זענען

געבראַכט געוואָרן אין אַלע שפּיטעלער. אין מורציע און בעניקאַסים, אין אַלבאַצעטע און אָריהועלע.

פון קאַסאַ איבאַנעז זענען אָנגעקומען טעלעגע פון אורלויב, וועלכע זענען געווען אויפן סאַראַגאָסער פראָנט. די פרישע פרייוויליקע האָבן זיי אַרומגערינגלט. אויסגעהערט מיט באַוווּנדערונג זייערע רעלאַציעס פון פראָנט, פון מאַרש אויף סאַראַגאָסאַ. זיי האָבן געפּרוּווט פאַרבײַלאָזן די עפּיזאָדן פון פאַרלווירנקייט און שרעקלעכן בלוט=פאַרלוסט. ווײַזט זיך אָבער אַרויס, אַז די ידיעות אין לאַנד און אין פאַריז וועגן די פאַרלוסטן פון די דאָמבראָווסקישטאַקעס זענען געווען באַקאַנט.

טעלעגע פון די אַלטע, אויסגעמאַטערטע פון עלף=פערצן חדשים קאַמף אין סאַראַגאָסאַ האָבן זיך וואָס אַן אמת פאַרלוירן אין דעם פרישן ענטוזיאַסטישן מענטשן=שטראָם. אמת, זיי האָבן שוין אַלץ איבערלעבט, אַלץ מיטגעמאַכט, געגאַנגען אין אַ געוועט מיטן טויט און ביז איצט אים בײַגעקומען. אָבער ווי לאַנג קאָן דאָס גליק שפּילן מיטן מענטש? סוף כּל סוף וועט זיי דער פראָנט אײַנשלינגען, ווי ער האָט אײַנגעשלונגען זייערע נאָענטע פרײַנד און חברים.

אייניקע האָט באַהערשט אַ הפקרותדיקע באַציונג צו זיך און צו אַנדערע. דאָס לעבן איז קורץ, מאָרגן ווידער פראָנט און אפשר טויט. זיי האָבן אָנגעהויבן לײַדנשאַפטלעך אַרײַנצוגיסן אין זיך וואָס מער אַלקאָהאָל, האָבן זיך עפּעס ווי געאײַלט. נישט באַוויזן זיך אויסצוניכטערן, ווי זיי זענען שוין ווידער שיכור געוואָרן.

זיי האָבן געקוקט אויף די אַרומיקע אַרויסרופנד און איראָניש, „שיקט אונדז צוריק אויפן פראָנט" און זיי זענען ווידער אַוועק אין די שענקען טרינקען.

דער צושטאַנד פון די דאָזיקע מענטשן האָט געווירקט דעמאָראַליזירנדיק אויף די אַנדערע. די פרישע האָבן שאַרף רעאַגירט אויף דער דאָזיקער שיכרות, עס האָט זיי אויפגערעגט און באַליידיקט. זיי האָבן געטענהט, אַז די דאָזיקע מענטשן באַשמוצן די פאָן פון דער דאָמבראָווסקי=בריגאַדע. עס האָט זיי געוווּנדערט, וואָס מען איז אַזוי מילד צו זייערע ווילדע אַרויסטרעטונגען. קאַסאַ איבאַנעז האָט אַליאַרמירט וועגן דעם אַלבאַצעטע. דער פרישער קאָמיסאַר, דער יונגער ענערגישער זביגניעוו, אַליין אַן אַלטער קעמפער פון די אינטערבריגאַדעס, איז אַראָפּגעקומען. ער האָט אײַנגעלאַדן עדמונדן מיטצופאָרן מיט אים.

די אַלטע האָבן זייער גוט אויפגענומען זביגניעוון. ער איז געווען צוזאַמען מיט זיי אויף די פראָנטן, צוזאַמען איז מען געלעגן אין די שוצגראָבנס, געגאַנגען אין אַטאַקעס, ער איז געווען אַן אייגענער. מיט אים קאָן מען רעדן אָפן, פון וואָס מען וויל, ער וועט פאַרשטיין.

זיי האָבן אים תיכף אַרומגערינגלט, אַרויסזאָגנדיק אַלע זייערע טענות. עס קומט זיי שוין פאַר עטלעכע וואָכן געהאַלט, די אַדמינסטראַציע באַציט זיך צו זיי נישט מיט דער געהעריקער אַכטונג, זיי, אַלטע זעלנער, צווינגט מען צו גיין צוזאַמען מיט די פרישע אויף די טעגלעכע איבונגען. וועמען? די, וועלכע זענען געווען ביי ברונעטע, הועסקא און סאַראַגאָסאַ?...

זביגניעוו האָט פאַרקערעוועט דאָס געשפרעך אויף זייער שיכרות.

זיי האָבן געקוקט אויף זביגניעוון פאַרוואונדערט.

— דו, אַן אַלטער קעמפער, זאָל אַזוי רעדן. וואָס איז אַז מיר כאַפּן אַריין אַ כוסה? מאָרגן ווידער פראָנט, מאָרגן קאָן זיין טויט, זאָל מען כאָטש אַ פאָר טעג לעבן.

— אָבער אָנשיכורן זיך ביזן פאַרלירן דעם באַוווסטזיין הייסט דאָך נישט לעבן, דאָס הייסט נאָר אַוועקפּטרן די כוחות!

— מיר ווילן זיך פאַרגעסן, דו פאַרשטייסט. מיר ווילן פאַרגעסן אין יענער נאַכט. דער וויין שלאָגט אַרויס פון קאָפּ אַלע דערינערונגען.

— אָבער פּרושאַן, קראָן, גזשימאַלאַ, שלוסאַזש א. א. זענען אויך געווען מיט אייך אויף סאַראַגאָסאַ, אויך אַלץ מיטגעמאַכט און דאָך שיכורן זיי נישט. זיי זענען פאַרקערט, אַ מוסטער פון דיסציפּלין.

באַרצינסקי האָט אַ קוק געגעבן אויף זביגניעוון מיט ביטול, אַ שפּיי געטאָן און אַן אָנגעכמורעטער און בייזער אַוועקגעגאַנגען און אויסגעצויגן זיך אויף זיין בעטל, אָנשטעלנדיק זיין בליק אויף דער סטעליע. זיינע אויגן האָבן ווי געזאָגט: „דערצייל דאָס קליינע קינדער, מיר נישט, איך בין שוין אַ דערוואַקסענער“.

עדמונד האָט זיך צוגעקוקט צו די דאָזיקע אַלטע. ער האָט זיי פאַרגליכן מיט די פריש־געקומענע, וועלכע האָבן זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צום געשפרעך.

די פרישע האָבן אַלע געהאַט אָפענע אויגן, וועלכע האָבן עפּעס געזוכט, געפרעגט, געוואָלט וואָס שנעלער געוויר ווערן. זיי האָבן געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן געשטאַנען פאַר אַ געהיימנישפולער טיר וואַרטנדיק אומגעדולדיק, ווען וועט מען זי ענדלעך עפענען, כדי זיי

זאָלן שוין קאָנען אין איר אַריין. זיי האָבן געאָטעמט מיט יונגטלעכן ברען. פון קאַסאַס איבאַנעז האָבן זיי געקוקט אויף שפּאַניע ווי קינדער קוקן ווייַנאַכט אויפן קריסטוס־בוים, וועלכער איז פול מיט מתנות, נאָר מען קאָן נאָך נישט וויסן, וואָס פאַראַ געשאַנקען דאָס זענען.

מיליטערישע איבונגען, דיסציפּלין, רעגולאַמין, אַלץ איז געווען ביי זיי און נישט אַלטעגלעך. פראָנט, קאַמף, בריגאַדע, דאָס איז ערשט אין דער נאָענטסטער פּערספּעקטיוו, אומבאַוווּסט.

יעדער פרישער האָט זיך געמאָלן דעם פראָנט לויט דער רייכקייט פון זיין פאַנטאַזיע. אַלע, וועלכע זענען געקומען פאַר זיי, זענען געווען העלדן, באַפרייער, אַ מוסטער פאַר מיליאָנען. עס האָט ווי געטאָן, ווען עמעצער פון די העלדן האָט זיך אויפגעפירט אַנדערש, ווי זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט.

די אַלטע האָבן געקוקט אויף פרישע פון אויבן אַראָפּ, ווי עס קוקט אַ מיליטערמאַן אויף אַ ציוויל. זיי, די שיכורים איז נישט אָנגעגאַנגען, וואָס די פרישע טראַכטן פון זיי, וואָס פאַר אַ ווערט האָט די מיינונג פון די פרישע פאַר מענטשן, וועלכע האָבן שוין אַריינגעקוקט דעם טויט אין די אויגן, וועלכע האָבן שוין אויף זייער קערפּער געפילט דעם ברי פון דער קויל און גראַנאַט. זיי האָבן געקעמפט ביי מאַדריד און גוואַדאַלאַ־לאַכאַראַ, ביי בראַמאַ און ברונעטע, ביי הועסקאָ און פאַסאָבלאַנקאַ, ביי סאַראַגאָסאַ.

עדמונד האָט פאַרשטאַנען דעם דאָזיקן קאָנפליקט, דעם צוזאַמענשטויס פון צוויי פרעמדע וועלטן, וועלכע נאָר די צייט וועט אויסגלייכן און אויפסניי רעגולירן. אים האָט פאַראינטערעסירט, ווי אַזוי ווערן די דאָזיקע קאָנפליקטן דאָ רעגולירט.

* *

*

— ווילסט זען ווי אַזוי עס לעבן אונדזערע אינוואַלידן? — האָט זביגניעוו זיך געווענדט צו עדמונדן.

— זיכער.

— מיר פאָרן קיין מאַהאָראַ — האָט זביגניעוו באַפוילן דעם שאָפער.

פאַרקערעווענדיק זיך אין אַ שמאָל געסל, זענען זיי געבליבן שטיין נעבן אַ מויער פון אַ געוועזענעם קלויסטער. די וואַנט אין דער הייך אי-

בערן טויער איז געווען באַמאָלן מיט פֿאַרשידענע אייל-בילדער. אַן אינוואַליד, אַ מאָלער האָט אויף דער דאָזיקער וואַנט ברייט אויסגעדיכטעט זיין פֿאַנטאַזיע: פֿאַרשידענע קאַמפּס-עפּיזאָדן.

דער קוואַדראַט-הויף פֿון קלויסטער איז געווען אַ שטייגערנער מיט אַ וואַסער-באַסיין אין דער מיט. די אינוואַלידן האָבן אים אויפֿגעלעבט און באַוואַסערט. אומעטום האָט זיך געפֿילט אַ זאָרגפֿעליקע האַנט: אין די ביימער, אין דער באַאַרבעטער ערד, אין דער ריינקייט און ציכטיקייט.

דער פּאָליט-קאָמיסאַר און דער דירעקטאָר האָבן דערציילט פֿון לעבן פֿון די אינוואַלידן. אַ סך פֿון זיי זענען דאָ געקומען בייזע, נישט צופֿרידענע, נישט געקענט שלום מאַכן מיט זייער אינוואַלידקייט, מיטן פֿעלן פֿון די נייטיקע אברים. זיי האָבן זיך געבונטעוועט, געמאַכט אַוואַנטורעס. עס איז נייטיק געווען געדולד, טאַקט און האַרץ, אַז די דאָזיקע מענטשן זאָלן זיך ביסלעכווייז צוגעוווינען צו זייער נייער לעבנס-לאַגע. כמעט מיט אַלע איז דאָס געלונגען.

זיי האָבן באַזוכט די וואַרשטאַטן, וווּ עס האָט געאַרבעט אַ טייל אינוואַלידן. זיי האָבן געפֿלאָכטן דראָטענע קיישלעך. די מערהייט האָט אָבער געאַרבעט אין פֿעלד. עדמונד האָט באַטראַכט די דאָזיקע מענטשן. זיי שמייכלען, ווילן נישט אַרויסווייזן פֿאַר פֿרעמדע זייער שוואַכקייט.

זיי האָבן זיך דערפֿרייט מיט די געסט.

עס איז געווען פֿאַר אָוונט-ברויט. די אינוואַלידן האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אויפֿן הויף. צוויי פֿראַנצויזן, איינער אַ הויכער און איינער זייער אַ קליינינקער זענען פֿאַרבייגעגאַנגען. דער קליינינקער האָט געהאַלטן אין דער רעכטער האַנט אַ קלאַרנעט. דער הויכער האָט גענומען דעם קליינעם אויף דער פּלייצע און אַרויפֿגעשטעלט אים אויף אַ הויכער שטיינערנער נישע. דער קליינער האָט מיט זיין קלאַרנעט אויסגעשפּילט דעם סיגנאַל צום אָוונט-ברויט.

— דאָס איז זיין איינציקע אַרבעט דאָ — האָט דער דירעקטאָר מיט אַ שמייכל באַמערקט — רירנדיק איז די צוגעבונדנקייט פֿון די דאָזיקע צוויי פֿראַנצויזן, דער הויכער פֿאַרנעמט זיך מיט דעם קליינעם, ווי ער וואָלט געווען זיינס אַן אייגן קינד.

עדמונדן איז נאָך לאַנג געשטאַנען אין די אויגן דער גליקלעכער, אַ ביסל אומזיניקער שמייכל פֿון קליינעם פֿראַנצויז, ווען ער בלאָזט אויס דעם סיגנאַל.

## 26. קינדער זענען הונגעריק...

רובין איז געלעגן אויף זיין בעטל. עס איז געווען נאָכמיטאָג. אַלע פאַרוואונדעטע האָבן גערוט. דער לאַנגער ווייסער זאַל איז פון ביידע זייטן ווענט געווען אויסגעשטעלט מיט ווייסע בעטן. טייל פאַרוואונדעטע זענען געשלאָפן, אַנדערע האָבן געלייענט. רובין איז געלעגן מיט אַן אָפענער שפּאַנישער צייטונג, אַריינגעקוקט און אַלץ זיך נישט געקאָנט קאָנצענטרירן אין די פאַרביילויפנדיקע פאַר זיינע אויגן שורות. אותיות האָבן געטאַנצט פאַר אים, הינטער זיי האָט ער געזען דאָס פּנים פון לעאָנען... ער האָט זיך נישט געקאָנט מוחל זיין זיין אַנטיפּאַטיע צו אים. און דאָס בלויז צוליב דער נאַרישער סיבה, וואָס ער האָט געהערט צו אַן אַנדער פּאַרטיי. לעאָן איז געווען אַ קאָמוניסט...

אויפן צווייטן בעטל, רעכטס איז געלעגן דער שפּאַנישער קעמפער מאַטעאָ. אַ מאַדרידער אַרבעטער, אַ פרייוויליקער פון ליסטערס בריגאַדע, פאַרוואונדעט איצט אין בעלשיטאָ. ער האָט געהאַט אַ קויל אין דער רעבּ־ מער לונג. די דאָקטוירים האָבן זיך אַלץ נישט געקאָנט דעצידירן אויף אַן אָפּעראַציע מורא האָבנדיק פאַר קאָמפּליקאַציעס. זיין לאַגע איז גע־ ווען אַן ערנסטע. מאַטעאָ האָט געוווסט דערפון, ער האָט אויפגענומען זיין גורל רואיק. אויך איצט איז ער געלעגן רואיק לייענענדיק די „פּרענ־ טע ראָבאָ".

— אַ שאָד — האָט ער זיך געווענדט צו רובינען — וואָס איך ליג דאָ. עס וואָלט זיך איצט געוואָלט זיין אין וואַלענסיע, אַ רעד טאָן מיט אונדזער פּאַסיאָנאַריאַ.

— דו ביסט אַ קאָמוניסט?

— יאָ, און דו?

— אַ סאָציאַליסט, אַ ייד פון פּוילן.

מאַטעאָ האָט געשמייכלט צו אים.

— ליגן מיר דאָ אין דריי בעטלעך, דריי ריכטונגען. דו אַ סאָציאַ־ליסט, איך אַ קאָמוניסט, מאַרטינעז, וואָס ליגט לעבן מיר, איז אַן אַנאַר־כיסט. כמעט דער גאַנצער שפּאַנישער פאָלקס־פראָנט פאַרווונדעט אין איין קאַמף. עס קאָן זיין, אַז איך וועל איינקורצן שטאַרבן, איך וואָלט אָבער נאָך פאַרן טויט געוואָלט זען אונדזער נצחון. זען פריער פראַנקאָס מפּלה. ער האָט זיך געוואָנדן צו מאַרטינעזן — ווי פילסטו זיך?

— בעסער, די וווּנד ברענט שוין נישט אַזוי. איך מיין, אַז איך וועל אַרויסקריכן.

— דיין קאַרמען וועט זיין צופרידן.

— און ווי פילסטו זיך?

מאַטעאָ האָט געגעבן אַ שוואַכן שמייכל.

— די דאָקטוירים ווילן מיר איינרעדן, אַז איך וועל געזונט ווערן. איך האָב צו דיר אַ בּיטע, אַז דו וועסט אַרויס פון שפּיטאָל באַמי זיך צו באַקומען אַ קורצן אורלויב. אַז דו וועסט זיין אין מאַדריד, גיב אי־בער אַ גרוס פון מיר קאָנשיטאַן.

— דו וועסט נאָך געזונט ווערן — האָט אים מאַרטינעז שוואַך גע־טרייסט — וואָס זאָל איך איר איבערגעבן?

— זאָג איר, אַז איך האָב פון איר פיל געטראַכט. אַז זי זאָל דער־ציען אונדזער כאָזען אין גייסט פון קאָמוניזם. אַז ער זאָל אויסוואַקסן אַ קעמפער ווי זיין טאַטע. דו וועסט איבערגעבן מיינע ווערטער?

— יאָ, כאָטש דו ווייסט דאָך, אַז איך וואָלט בעסער געוואָלט, אַז דיין כאָזע זאָל אויסוואַקסן אַן אַנאַרכיסט.

— ניין, מאַרטינעז, די צוקונפט געהערט אונדז, צום קאָמוניזם. נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג פאַרן פּראָלעטאַריאַט, איך בין דאָך אַמאָל געווען אַן אַנאַרכיסט. וואָס לענגער עס דויערט דער קריג, אַלץ מער איבערצייג איך זיך, אַז גערעכט זענען די קאָמוניסטן. הלוואי וואָלטן אונדז, קאָמוניסטן די אַנדערע געפאָלגט, וואָלטן מיר שוין געהאַט איצט געוווּנען די מלחמה.

— און איך קאָן נאָך ביז היינט נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי האָסטו געקאָנט ווערן אַ קאָמוניסט? ווי אַזוי האָסטו זיך געקאָנט אָפּזאָגן פון דער אינדיווידועלער פרייהייט, אונטערוואַרפן זיך אַ פרעמדן ווילן, פרעמ־דע געדאַנקען, אויפהערן טראַכטן זעלבשטענדיק, אונטערוואַרפן זיך אַ קאַזאַרמע־דיסציפּלין? און דו ווילסט נאָך פון כאָזען אויך מאַכן אַ קאָמוניסט?

— איך האָב זיך פון אמתער פרייהייט נישט אָפּגעזאָגט. פאַרקערט, די האָזיקע פרייהייט האָב איך געפונען. איך האָב זיך קיינמאָל נישט אונטערגעוואָרפן פרעמדער דיסציפּלין. איך האָב זי גערנוויליק, מיט מיין פולן באַוווסטזיין אָנגענומען. איך האַלט זי פאַר אַ נוצלעכע און לעבנסנויטווענדיקע. ווי וואָלטן מיר אויסגעזען, ווען מיר וואָלטן נישט געהאַט קיין דיסציפּלין? ווו וואָלט איצט געשטאַנען פראַנקאָ? איר אַליין האָט דאָך לעצטנס געמוזט איינזען און ענדערן די טאַקטיק, האָט איר דאָך געמוזט מסכים זיין מיט אַ סך זאַכן, וועלכע זענען קעגן אייער אידעאָלאָגיע.

— דאָס איז עפּעס אַנדערש. די גאַנצע רעפּובליק, דאָס פאָלק איז אין געפאַר. עס דראָט, אַז דער פאַשיזם זאָל אונדז פאַרפלייצן. ביי אַזאַ לאַגע זענען מיר געצוווּנגען געוואָרן איינצוגיין אויף געוויסע פאַראָרדענונגען, וועלכע זענען קעגן אונדזערע פּרינציפּן. מיר ווילן נישט, אַז פראַנקאָ זאָל געווינען.

מאַטעאָן איז שווער געווען צו רעדן. ער האָט זיך זייער אָנגעשטרענגט.

— נישט בלויז אונדזער רעפּובליק איז אין געפאַר. די גאַנצע מענטשהייט איז אין געפאַר. אָן אָרגאַניזאַציע וועט מען גאָרנישט אויפטאָן.

— מאַטעאָ, איך קאָן נישט מסכים זיין אויף אַ דיקטאַטור. פון ווען זי זאָל נישט קומען. איך קאָן נישט מסכים זיין צו דענקען אַזוי, ווי מען באַפעלט מיר פון אויבן. מער פאַר אַלץ האָב איך ליב די פרייהייט און פריער פאַר אַלץ די פרייהייט פון געדאַנק.

— און דאָך טראַכסטו ווי דיין אַנאַרכיסטישע דאָקטרין הייסט דיר. דו רעדסט פון פרייהייט פון געדאַנק, עס איז דאָך בלויז אַ פיקציע, אַז איינרעדעניש, דיין גאַנצער געדאַנקענגאַנג איז נישט ניי, אַזוי טראַכטן טויזנטער אַנאַרכיסטן, ווייל אַזוי רעדן און שרייבן די אַנאַרכיסטן, דו ווייסט אַליין נישט, ווי דו חזרסט איבער פרעמדע געדאַנקען. איך בין געגאַנגען צום קאָמוניזם נישט געצוווּנגענערהייט, איך האָב געטראַכט פריי, דו ביסט געבליבן קאָנסערוואַטיוו, ביים אַלטן. ווען דער שפּאַנישער אַנאַרכיזם איז געצוווּנגען געוואָרן אָנצוהייבן צו טראַכטן, האָט ער שוין פיל געמוזט ענדערן. דאָס איז געווען ביז איצט דער איינציקער רעזולטאַט פון אייער פרייהייט פון טראַכטן.

— דיר איז שווער צו רעדן. מיר וועלן אן אנדער מאל דיסקוטירן. רו בעסער אפ. דאך פארדריסט מיך, אז דו רעדסט אזוי פון אנארכיזם. ביסט דאך אמאל אליין געווען אן אונדזעריקער.

— דערפאר טאקע רעד איך אזוי, ווייל איך קען אים. דאך האלט איך, אז אין איצטיקן מאמענט דארף נישט זיין צווישן אונדז קיין מיי־נונגס־פארשידנהייט, וואס זאל שטערן אונדזער געמיינזאמען קאמף. מיר קעמפן פאר א געמיינזאמער זאך, ליגן מיר דאך צוזאמען פארוואונדעט, געטראפן פון דעם זעלבן שונא.

רובין האט זיך זייער אויפמערקזאם צוגעהערט צו זייער דיסקוסיע. הגם צו קאמוניסטן האט ער זיך נאך באצויגן מיט פארבאהאלטן, אבער אין איין זאך האט ער שוין נישט געצווייפלט. דארט, וווּ קאמוניסטן האבן איינפלוס, דערפירן זיי צו איינהייט פון טאט.

* *
*

עלישע און וואצעק זענען געזעסן ביים טויער פון שפיטאל. ארום זיי זענען געשטאנען שפאנישע קינדער. אלע טאג נאכמיטאג האבן זיי צוזאמענגעקליבן פון די טישן דאס פארבליבענע ברויט און פארטיילט עס צווישן די קינדער, וועלכע האבן שוין געוואַרט אויף זיי. די קינדער האבן שוין גוט געקענט די צוויי „פאליאקאס", וועלכע געבן זיי ברויט. מיט הונגעריקע אויגן האבן זיי געוואַרט אויף זייערע פריינד.

איין קליין שווארצהנעוודיק מיידעלע איז באזונדער געפעלן עלישען. עס האט אים דערמאנט אין זיין אייגן קינד. דאס מיידעלע האט אויך געוווסט, אז דער קליינער סאלדאט מיט די גרויסע ברילן און לאנגער נאז האט עס ליב. דאס מיידעלע האט זיך גערן געלאזט נעמען פון אים אויף דער שויס.

וואצעק האט פריילעך געלאכט, קוקנדיק אויף עלישען מיטן קינד אויף דער האנט.

— איך וועל דיך אזוי אפפאטאגראפירן, דו וועסט נאך מוזן צאלן אלימענטן.

— איך האב זייער ליב קינדער. יעדעס קינד דערמאנט מיך אין מיין אייגנס.

— ווו איז דיין פאפא? — האט עלישע געפרעגט די קליינע.

— פּאַפּאַ אַוועק אין דער מלחמה, ברודער אויך אַוועק, שלאָגן די פאַשיסטן.

וואַצעק און עלישע האָבן זיך אָנגעקוקט.

עלישע האָט אַרומגענומען דאָס קינד.

— האָסט מיך ליב?

— יאָ — האָט די קליינע פרײַלעך געענטפערט — איך האָב דיך ליב און דעם קאַמעראַדאָ אויך ליב — האָט זי אָנגעוויזן אויף וואַצעקן — איר גיט מיר ברויט און שאָקאָלאַד.

אַ מיידעלע פון אַ יאָר צוועלף, אַ הויכס, אַ דאַרס, מיט גרויסע שוואַרצע טרויעריקע אויגן, אין אַן אָפּגעריסן סיטצן קליידל האָט זשעדנע געגעסן דאָס ברויט, זי האָט ביינעריק געקוקט אויף די פאַרווונדעטע סאָלדאַטן. דאָס ערשטע מאָל איז זי היינט געווען ביים טויער.

— זייט איר פאָליאַקאָס? — האָט זי געפרעגט וואַצעקן.

— יאָ.

— איז עס ווייט פונדאַנען?

— זייער ווייט.

— ביי אייך לעבט זיך די קינדער גוט?

— ניין, אויך ביי אונדז זענען פאַראַן קינדער, וועלכע האָבן נישט וואָס צו עסן.

— פאַרוואָס־שע זייט איר געקומען זיך דאָ שלאָגן?

— כדי איר זאָלט האָבן וואָס צו עסן, אַז אייערע טאַטעס און מאַמעס זאָלן נישט געהרגעט ווערן.

— און ביי אייך זענען פאַראַן פאַשיסטן?

— יאָ. פאַראַן.

— טאָ פאַרוואָס זשע שלאָגט איר זיך נישט מיט אייערע אייגענע פאַשיסטן?

וואַצעק איז געבליבן אַ ביסל געפּלעפט. פון אַ קינד האָט ער נישט דערוואַרט אַזאַ פראַגע.

— מיר שלאָגן זיך אויך מיט אונדזערע אייגענע פאַשיסטן. מיר קעמפן מיט זיי כסדר. מיר זענען געקומען אייך העלפן. באַזיגן אייערע פאַשיסטן, וועט זיין לייכטער צו באַזיגן אויך אונדזערע פאַשיסטן. פאַרשטייסט?

דאָס מיידעלע האָט ערנסט אים אָנגעקוקט, זיין פאַרבאַנדאַזשירטע האַנט.

— דו האָסט אויך אַ קינד?

— ניין, דער חבר — ער האָט אָנגעוויזן אויף עלישען — האָט אַ קינד.

— נאָך דער מלחמה וויל איך פאָרן קיין פוילן, איר וועט מיך מיטנעמען?

וואַצעק האָט איר אַ פרייִלעכער דערלאַנגט די האַנט.

— אָפּגעמאַכט, מיר נעמען דיך מיט.

— און מיך אויך — האָבן זיך עטלעכע קינדער אָפּגערופן — מיר ווילן אויך פאָרן קיין פוילן.

— און איך — האָט זיך אָפּגערופן אַ קרעפּטיק געבויט ייִנגל — וועל פאָרן צום טאַטן אויפן פראָנט. איך בין שוין אַ דערוואַקסענער. די מיידלעך דאַרפן בלייבן דאָ, און איך וועל פאָרן קעמפן קעגן פראַנקאָ.

דער קלייִנער האָט געהאַט זייער אַן ערנסטע מינע. ער האָט געקוקט מיט קנאה אויף דער מיליטערישער אוניפאָרם פון די פאַרוווּנדעטע סאָלדאַטן.

קעגנאיבער דעם טויער האָט מען געזען די גרויע, הויכע, שטייִנערנע שפּיצן פון די בערג, אַ געדיכטן גרויסן פּאָמעראַנצן־גאָרטן און אַ קיפּריסן־אַלייע. עס איז פאַרפאָרן אַ סאַניטאַרער אַמבולאַנס, ברענגענדיק צו פירן פרישע פאַרוווּנדעטע. איין פאַרוווּנדעטן האָט אַ סאַניטאַר אַראָפּגעטראָגן אויף זיינע פּלייצעס, ער איז געווען אָן פיס. דער אָנפירער האָט זיך באַגריסט מיט די פאַרוווּנדעטע.

— סאַלוד חברים. שוין געווען כמעט אין אַלע שפּיטעלער. איצט וועל איך זען אייער בודע. וואַצעק האָט אים שטום נאָכגעקוקט. אָן פיס, אָבער דעם הומאָר נישט פאַרלוירן. וואַצעק האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן אַ טיש און אָנגעהויבן שרייבן אַן אַרטיקל פאַר דער וואַנט־צייטונג פון שפּיטאָל.

צו וואַצעקן איז צוגעקומען דזשענלאַזש, אַ פאַרוווּנדעטער דאָמבראָווטשאַק.

— נאָר־וואָס באַקומען אַ בריוו פון פראַנקרייך. נאַ לייען אים איבער. דאָס שרייבן קינדער.

וואַצעק האָט אָנגעהויבן צו לייענען. די האַנטשריפט איז געווען אַ קינדערישע.

„טייערע חברים:

ערגעץ ווייט איז פאַראַן אַ שיין לאַנד שפּאַניע. איר געפינט זיך

ראַרט. איר פּירט מלחמה. איך וויל, אַז איר זאָלט צעשמעטערן די פאַ־
שיסטן. דער פּאַפּאַ גייט אַרום און זאַמלט מתנות פאַר דער דאָמבראָווי־
סקי־בריגאַדע, ער קומט קיינמאָל נישט אַהיים לײדיק. ער ברענגט שיינע
פּעקלעך און געלט, אַלץ פאַר אייך, קעמפער, אין שפּאַניע. מיר קינדער
האָבן אויך געמאַכט צוויי פּעקלעך. מיר זענען דערפון זייער צופרידן.
איך שיק איין פּעקל, די קליינע זוניע איינס, דער טאַטע און די מאַמע
דאָס דריטע.

איך פאַרענדיק מיין שרייבן און שיק אייך איבער אַ האַרציקן גרוס.
ספּעציעל פאַר אייך חבר,

אייער
מאַריאַן.
זוניע.

# 27. אומרן

— מיר פאַליאַקן וועלן דאָ שלעכט באַהאַנדלט. אויפן פראָנט גייען מיר תמיד אין ערשטן פייער, אין הינטערלאַנד אָבער רעכנט מען זיך נישט מיט אונדז. דאָ, אין אַלבאַצעטע הרייען זיך אַרום לאַנגע חדשים מענטשן, וועלכע זענען קיינמאָל אויפן פראָנט נישט געווען, זיי האָבן זיך דאָ איינגעאָרדנט אויף פּאָסטנס. אָבער צווישן זיי זענען כמעט נישט פאַראַן קיין פּאַליאַקן. אַלע פאָרן אויף אורלויב, נאָר אונדזעריקע וויל מען קיין אורלויב נישט געבן.

אַזוי האָט זיך קאַראָל געקלאָגט פאַר עדמונדן. זביגניעוו האָט מיט דעם נישט מסכים געווען.

— די זעלבע טענות האָבן אַלע, נישט בלויז די פּאַליאַקן. יעדער איינער מיינט, אַז נאָר זיינע וועלן באַעוולט. דאָס זעלבע זאָגן די טשעכן, די אַנדערע. יעדן איינעם וואָלט זיך געוואָלט, אַז אַלע זיינע פאָדערונגען זאָלן גלייך דערפילט ווערן פאַרגעסנדיק, אַז עס איז מלחמה, אַז מען קאָן נישט אַלץ באַפרידיקן.

— איך ווייס נישט, פאַרוואָס דו פאַרטיידיקסט אַזוי אַלבאַצעטע — איז קאַראָל געווען אומצופרידן — דאָס, וואָס איך האָב געזאָגט, איז ריכטיק. נעם דעם הויפּט־שטאַב, דאָרטן איז נישט פאַראַן קיין איין פּאַליאַק, אין דער קאַדרען־אָפּטיילונג אַרבעטן איינגאַנצן צוויי פּאַליאַקן, ווו איז די פּראָפּאָרץ צו אונדזער אָנטייל אין מיליטער? אונדזערע קעמפן אויף די פראָנטן און אַנדערע פריש־געקומענע אָפיצירן דרייען זיך דאָ אַרום און זאָגן דעות אין אונדזערע ענינים.

— מיר זענען נישט געקומען דאָ צו פאַרנעמען פּאָסטנס. מיר זע־נען דאָ געקומען צו קעמפן. עס איז זייער גוט, וואָס אונדזערע דרייען זיך דאָ נישט אַרום, נאָר זענען אויפן פראָנט. דאָס באַווייזט נאָר אויף דער הויכער מאָראַל, וועלכע הערשט אין אונדזערע רייען. זאָלן אַנדערע זיך איינאָרדענען אין אַלבאַצעטע, איך פאַרגין זיי דאָס.

— קיינער איז נישט קעגן דער דאָזיקער מיינונג, אָבער ווען עס קומט דאָ אַ יאַט, וועלכער איז שוין העכער אַ יאָר אויפֿן פֿראָנט, וואָס איז שווער פֿאַרווונדעט, האָט אַ פֿאַמיליע אין פֿראַנקרייך, בעט אַ חודש אורלויב, דאַרף ער אים באַקומען און נישט אָפּקלאַפּן אַלע טירן אומזיסט און אַוועקפֿאָרן צוריק אויפֿן פֿראָנט מיט גאָרנישט. נישט אומזיסט האָט די בריגאַדע אַזוי פֿיינט אַלבאַצעטע, זי ווייסט, אַז דאָ ווערט פֿאַר איר גאָרנישט געטאָן.

— האָסט זיך אָנגעשטעקט מיט די טענות פֿון עטלעכע אומצופֿרידענע יאַטן, אַזעלכע אומצופֿרידענע געפֿינען זיך נישט בלויז ביי די פּאָליאַקן, אומעטום הערט מען אַזעלכע פּרעטענזיעס.

קאַראָל האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן.

— דאָס זענען נישט די זעלבע טענות. איך האַלט, אַז אומעטום, ווו עס ווערן דערליידיקט און דעצידירט ענינים, דאַרף זיין אַ פֿאַרטרעטער פֿון די פּאָליאַקן, דאָס איז נאַטירלעך און געזעצלעך. איך בין נישט פֿאַר איזאָליאַציע-פּאָליטיק, אָבער אויך נישט פֿאַר שטיין אין אַ זייט; דערפֿון ליידן נאָר מיר.

— קאָן זיין, אָבער אַראָפּנעמען גוטע מענטשן פֿון פֿראָנט און איינאַרדענען זיי אין אַלבאַצעטע, וועט אָפּשוואַכן די בריגאַדע. איך האַלט, אַז די אַרבעט אין דער בריגאַדע איז וויכטיקער.

— דאָס איז אַ רויב-ווירטשאַפֿט. אונדזערע בעסטע מענטשן ווערן אויסגעהרגעט. אַזוי לאַנג ווי זיי לעבן, קאָן מען זיי מיט קיינעם נישט בייטן, ערשט נאָך זייער טויט, זעט מען זיך אַרום, אַז עס זענען פֿאַראַן אַנדערע, וועלכע קענען אויך טאָן די זעלבע אַרבעט. וויפֿל גוטע מענטשן זענען אומגעקומען נאָר דורך דער פּאָליטיק פֿון „נישט קענען פֿאַרבייטן"? נעם סאַראַגאָסאַ. צי זענען מיר טאַקע פֿאַראינטערעסירט, אַז אַלע אונדזערע בעסטע אַקטיוויסטן זאָלן אומקומען? צי וואָלט נישט געווען בעסער, אַז די יעניקע, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט, זענען געווען אויפֿן פֿראָנט, זאָלן אויף אַ צייט קומען דאָ אַהער, אָפּפּרישן זיך אַ ביסל, איבערגעבן זייער דערפֿאַרונג. צי פֿאַרמאָגן מיר אַזויפֿיל קאַדרען, אַז מיר זאָלן זיך קאָנען פֿאַרגינען דאָס פֿאַרגעניגן צו וואַרפֿן זיך מיט זיי אָן אַ רעכענונג.

— דו האָסט איצט באַרירט אַן אַנדערע פֿראַגע. מיט דעם בין איך פֿולשטענדיק מסכים. די קאַדרען-פּאָליטיק איז זייער אַ שלעכטע. נאָר דאָס איז די שולד פֿון דער בריגאַדע-אָנפֿירונג, זי וויל נישט אַרויסנעמען

קיין איין גוטן מענטש. אַלע אונדזערע באַמיונגען אין דער דאָזיקער היג־זיכט האָבן ביז איצט נישט געבראַכט קיין רעזולטאַט.

— אפשר וואָלטסו געפאָרן אין דער בריגאַדע זיך אַדורכרעדן וועגן דעם. מיט דיר וואָלטן זיי זיך גיכער גערעכנט — האָט זיך קאַראָל גע־ווענדט צו עדמונדן, וועלכער האָט זיך ביז איצט שטום צוגעהערט צו זייער דיסקוסיע.

— מיט פאַרגעניגן וועל איך פאָרן. זיין אין שפּאַניע און נישט זיין אויפן פראָנט איז אַן אומזין. ווו געפינט זיך איצט די בריגאַדע?

— ביי פוענטע דעל עבראָ, אין אַראַגאָן. עס קומען דאָרטן איצט פאָר ערנסטע שלאַכטן. אונדזער בריגאַדע איז די גאַנצע צייט אין פייער — האָט זביגניעוו אינפאָרמירט.

— ווי זעען אויס די רעזולטאַטן פון אונדזער לעצטער אָפענסיווע?

— אויסער די ערשטע באַדייטנדיקע דערפאָלגן ביי בעלשיטאָ און קווינטאָ זענען מיר געבליבן שטיין. פראַנקאָ האָט איבערגעוואָרפן אויפן אַראַגאָנער פראָנט באַדייטנדיקע כוחות, אַ ריזיקע צאָל אַמוניציע. עס רופן זיך נאָך אָפּ ביי אונדז די אַלטע פעלערן.

— וועלכע?

— דאָס נישט וועלן פאַרטיפיצירן באַזונדערע מיליטערישע אָפּטיילן האַלטנדיק, אַז דאָס איז בלויז אַ צייט־פאַרלוסט, נישט גענוגנדיקע קאָ־אָרדינירטקייט פון דער מיליטערישער אָנפירונג, די נאָך צו שטאַרקע אויטאָנאָמיע פון געוויסע באַזונדערע אַרמייען און די אומאויפהערלעכע רייסעניִשן צווישן צוויי קעגנזעצלעכע טענדענצן.

— וועלכע טענדענצן?

— די אַלטע קאָנסערוואַטיווע מיליטער־לייט האַלטן זיך ביי זייער אַלטער קאָנצעפּציע. זייערע פּלענער און אויסרעכענונגען זענען מעכאַני־שע. זיי מעסטן די כוחות בלויז לויט דער צאָל אַרמאַטן, טאַנקן, אַמוני־ציע און עראָפּלאַנען. לויט זייערע „פאַכמענערישע" אויסרעכענונגען קאָן זיך די רעפּובליק נאָר פאַרטיידיקן, אָבער נישט אָנגרייפן, זיי זעען נישט דעם לעבעדיקן קעמפער. זיי פאַרגעסן, אַז די שפּאַנישע מלחמה איז נישט אַ קאַמף בלויז פון צוויי אַרמייען, נאָר עס איז אַ קאַמף פון אַ פאָלק, וואָס האָט נאַציאָנאַל דערוואַכט און וויל נישט ווערן פאַרשקלאַפט פון אַ פרעמדער מאַכט, אַז אַ דעציִדירנדיקע ראָל שפּילט דאָ דער מענטש, זיין קעמפערישקייט, זיין ווילן און מסירת־נפש. די דאָזיקע צוויי מיינונ־גען קעמפן נאָך ביז היינט אין דער שפּאַנישער אַרמיי. דאָס האָט צום

באַדויערן זייער אַ גרויסן איינפֿלוס אויף דער אָנפֿירונג און אויסגאַנג פֿון יעטווועדער שלאַכט.

— איך הער אומעטום פֿיל רעדן פֿון די אַנאַרכיסטן. ווי זעט אויס אין דער אמתן די לאַגע?

— אין דער לעצטער צייט האָט זיך אין דער דאָזיקער היגזיכט אַ ביסל געענדערט צום בעסערן צוזאַמענלעבן, אָבער ווייט נישט גענוגנדיק. די קאָמוניסטן האָבן ווידער שאַרף געשטעלט די פֿראַגע פֿון אַרייַנציען די אַנאַרכיסטן אין דער רעגירונג, די סאָציאַליסטן האָבן זיך אָבער אַנטקעגנגעשטעלט, דראָענדיק מיט דער דימיסיע פֿון זייערע מיניסטאָרן. די קאָמוניסטן האָבן געמוזט זיך צוריקציען. זיי האָבן נישט געקאָנט דערלאָזן צום אויפֿרייסן דעם פֿאָלקס־פֿראָנט. אַזאַ נישט ריכטיקע האַנדלונג מוז זיך אָפּרופֿן שלעכט אויף די אינערלעכע פֿאַרהעלטענישן. אַ טייל פֿון די אַנאַרכיסטן אַרבעט מיט אין די קאָמיטעטן פֿון פֿאָלקס־פֿראָנט, אין דער אַרמיי, וואַרפֿט זיך אונטער די פֿאַראָרדענונגען פֿון דער רעגירונג, אָבער געוויסע טיילן פֿון זיי ווילן זיך נאָך אַלץ נישט אָפּזאָגן פֿון „פֿרייער האַנדלונג“. זיי קוקן מיט אומצוטרוי אויף דער פֿאָלקס־רעגירונג, נעמען אויף גערן אין זייערע רייען די טראָצקיסטן און פֿאַשיסטן, וועלכע באַקעמפֿן אָפֿן די רעגירונג. וויכטיק איז אויך די קאָאָרדינאַציע פֿון די פּראָפּאַרייען, אויף דעם דאָזיקן געביט איז די אייניקייט צום שוואַכסטן.

— איך האָב נעכטן געהערט וועגן אַ כאַראַקטעריסטישן פֿאַל —

האָט קאַראָל באַמערקט — וועלכער וואַרפֿט אַ געוויסע שיין אויף די צווישן־פּאַרטייאישע באַציונגען אין שפּאַניע. די דייטשישע בריגאַדע איז אויף אַ קורצער צייט אַראָפּ פֿון פֿראָנט אַריבערגייענדיק אין רעזערוו. זי איז געשטאַנען אויפֿן אַראַגאָנער פֿראָנט, אָפּגערוקט אויף עטלעכע קילאָמעטער פֿון דער ערשטער פֿראָנט־ליניע. די אַרומיקע געגנט איז נישט געווען פֿאָרטיפֿיצירט. די בריגאַדע האָט באַשלאָסן אויסצונוצן די רו־צייט פֿאַר פֿאָרטיפֿיצירן דעם דאָזיקן פֿראָנט־אָפּשניט. דאָס האָבן אויסגענוצט עטלעכע פֿינצטערע עלעמענטן און אָנגעהויבן אַגיטירן די אַנאַרכיסטן, וועלכע זענען געשטאַנען אויף דער ערשטער ליניע, אַז די אינטערבריגאַדיסטן פֿירן אַדורך די פֿאָרטיפֿיקאַציעס נישט קעגן די פֿאַשיסטן, נאָר קעגן די אַנאַרכיסטן. ווען די דייטשישע בריגאַדע איז געוואָרן דערפֿון, האָט זי אַרויסגעשיקט אַ דעלעגאַציע צו דער אַנאַרכיסטישער בריגאַדע, איינלאַדנדיק זיי צו באַזוכן זייערע פֿאָרטיפֿיקאַציעס. די אַנאַרכיסטן האָבן זייער קאַלט אויפֿגענומען די דעלעגאַציע, נאָר מסכים גע־

ווען זיי צו באַזוכן. די פאַרפעסטיקונגען, זייער פאַרנעם און שטאַרקייט האָבן געמאַכט אויף זיי אַ גרויסן איינדרוק. זיי האָבן זיי געלויבט. דעמלט האָבן די פירער פון דער בריגאַדע דערקלערט, אַז זיי גייען אַריבער אויף אַן אַנדער פראָנט, אַז די דאָזיקע פאָרטיפיקאַציעס האָבן זיי אויסגעבויט פאַר דער אַנאַרכיסטישער דיוויזיע, כדי זיי זאָלן זיך קענען בעסער פאַרטיידיקן. דער איינדרוק פון דער דאָזיקער דערקלערונג איז געווען אַ קאָלאָסאַלער, די אַנאַרכיסטן האָבן אָפּן באַדויערט זייער אומצוטרוי, דערזעענדיק די ברודערלעכע סאָלידאַריטעט פון די אינטערבריגאַדעס.

— דער דאָזיקער פאַקט איז באמת כאַראַקטעריסטיש — האָט צוגעגעבן זביגניעוו — ער באַווייזט, וויפל שוועריקייטן קלענערע און גרעסערע זענען פאַראַן בייצוקומען. אָפטמאָל מערקן זיי זיך נישט אפילו אויף דער אויבערפלאַך, דאָך אָבער ווירקן זיי, שוואַכן אָפּ די קאַמפּסעפיקייט פון די שפּאַנישע אַנטיפאַשיסטן.

— הייגט די אינטערנאַציאָנאַלע פראַגע פון שפּאַניע, די פראַגע פון „נישט־אינטערווענץ". די „נישט־אינטערווענץ" איז אַ פאַרברעכן קעגן שפּאַנישן פאָלק. אין דער פראַגע הערשט אַן אייניקייט צווישן אַלע שפּאַנישע פאַרטייען. די אַנאַרכיסטן, סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן און ראַדיקאַלן, רעפּובליקאַנער, אַלע האַלטן זיי, אַז די דאָזיקע פּאָליטיק איז געווענדט אויסשליסלעך קעגן די אינטערעסן פון דער שפּאַנישער רעפּובליק, דאָך אָבער האָט זיך די רעגירונג פון לעאָן בלום אַרויסגעוויזן אַלס דער איניציאַטאָר און אַדורכפירער פון דער דאָזיקער פּאָליטיק.

— אָבער וואָס איז דאָס שפּאַנישע פאָלק שולדיק? — האָט זביגניעוו געזאָגט, און די אויגן האָבן זיך אים אָנגעפילט מיט טרערן. — דאָס שפּאַנישע פאָלק איז נישט שולדיק. זיין גרעסטע טראַגעדיע באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס עס איז גאָר נישט שולדיק, וואָס עס איז צו מענטשלעך.

ס'איז געוואָרן שטיל.

אין צימער איז געוואָרן אָנגערויכערט. ס'איז געווען נאָכמיטאָג, זביגניעוו און קאַראָל האָבן געאיילט אין זייערע ביוראָס.

— איך וואָלט געוואָלט עפּעס קויפן, אַ ביסל וועש און אַנדערע נויטווענדיקע קלייניקייטן, גיט מיר עמעצן, וואָס זאָל גיין מיט מיר. איך קען האָך נישט די שפּראַך — האָט זיך עדמונד געווענדט צו זיי.

— מיר זענען צום באַדויערן איצט פאַרנומען. קרישע איז איצט פריי, איך וועל דיך צו איר צופירן, וועט זי גיין מיט דיר — האָט זביג־ניעוו פאָרגעשלאָגן.

קרישע האָט גערן מסכים געווען.

ס'איז געווען האַלב נאָך דריי אַזייגער. די געשעפטן זענען געווען נאָך פאַרמאַכט. עדמונדן האָט דאָס געוווּנדערט.

— דאָ איז נאָך אַלץ פאַרבליבן ביים אַלטן — האָט קרישע אים אויפגעקלערט — פון איינס ביז דריי עסט דער שפּאַניער מיטאָג. אין דער דאָזיקער צייט זענען אַלע געשעפטן געשלאָסן, אַלץ בלייבט אין דער דאָזיקער צייט שטיל.

— צי בלויז אין אַלבאַצעטע?

— ניין, אין גאַנץ שפּאַניע. דער שפּאַניער איילט זיך נישט. קיינער קויפט נישט אין די מיטאָג־שעהן. דער שפּאַניער האָט צייט.

— יעדעס פאָלק האָט זיך זייערע מנהגים.

— פאַר אונדז פוילישע איז דאָס טאַקע שווער אַ ביסל צו פאַר־שטיין. איך קאָן זיך נישט פאָרשטעלן, אַז אין וואַרשע אָדער לאָדזש זאָל מען אינמיטן טאָג צומאַכן די געשעפטן אויף צוויי שעה, דאָס וואָלט אַרויסגערופן אַ גאַנצע רעוואָלוציע. דער שפּאַניער איז אָבער געבליבן געטריי זיין טראַדיציע. מען לאַכט דאָ ביי אונדזערע זייער פיל פון שפּאַ־נישן וואָרט „מאַניאַנאַ“ (מאָרגן). דער שפּאַניער האָט ליב אַלץ אָפּצו־לייגן אויף מאָרגן, אַבי נישט צו שטערן די רו פון הייַנטיקן טאָג.

זיי זענען אַריין אין אַ קאַפע צוּוואַרטן, ביז וואַנען עס וועלן זיך עפענען די געשעפטן.

עדמונד האָט אָנגעהויבן אויסצופרעגן קרישען, ווי זי פילט זיך דאָ.

קרישע האָט גערן געענטפערט. זי האָט געוואָלט אָפּטמאָל זיך אָפּ־שטעלן, אָפּהאַקן דאָס געשפּרעך און נישט געקענט. „פאַרוואָס דערצייל איך דעם דאָזיקן מענטש אַלץ, אפילו פון אַזעלכע זאַכן, וועלכע איך האָב קיינמאָל מיט מיינע נאָענטסטע נישט גערעדט“ — האָט זי אין ערגער־ניש געטראַכט. זי איז געווען בייז אויף זיך זעלבסט. פאַרוואָס איז זי מיט אים אַזוי אָפנהאַרציק. זי קען אים דאָך נישט. אַלץ האָט זיך אין איר געבונטעוועט. אָבער זי האָט געפילט, אַז זי קאָן אים נישט שטעלן קיין גייסטיקן ווידערשטאַנד, אַז זי קען דעם דאָזיקן מענטש מיט די וווּנ־דערבאַרע אויגן זאָגן אַלץ, ער וועט פאַרשטיין.

אומבאַמערקט פאַר זיך אַליין, איז זי איבערגעגאַנגען צו איר פער־זענלעכן לעבן, אויף דעריטערונגען פון פוילן. עדמונד האָט אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט, געשמייכלט פראַגן. „וואָס וויל דער דאָזיקער מענטש פון מיר“? — האָט זי אומרואיק זיך געפרעגט — און דאָך אויפריכטיק און אויספירלעך אָפּגעענטפערט.

עדמונד האָט באַצאָלט פאַר דער קאַווע און זיי זענען אַרויס אויף דער גאַס. שנעל האָט ער איינגעקוקט די פאָר קלייניקייטן, וועלכע זענען אים נייטיק געווען. דער טאָג איז געווען אַ מילדער. זיי זענען אַוועק אין פאַרק אויף אַ שפּאַציר.

„וואָס האָט עדמונד געמיינט מיט זיינע ווערטער?“ האָט איר געפּיי־ניקט דער געדאַנק. צי האָט ער נישט אָנגעדייטעט עפּעס אויף אַליעקן? מסתמא האָט מען אים שוין אָנגערעדט אויף אַליעקן. האָט האָט איר ווי געטאָן.

נישט וויסנדיק אַליין פאַרוואָס, האָט זי אָנגעהויבן צו רעדן וועגן אַליעקן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען זי האָט מיט אַ דריטער פּערזאָן גערעדט פון אירע באַציונגען צו אַליעקן.

זיי האָבן זיך מער צו דעם דאָזיקן געשפּרעך נישט צוריקגעקערט. קרישע האָט דערציילט פון לעבן אין שפּיטאָל. עדמונד האָט צוגעזאָגט צו באַזוכן זי, באַקענען זיך מיטן לעבן און באַדינגונגען פון איר אַרבעט. זיי האָבן זיך געזעגנט.

עדמונד האָט שפּאַצירט איבער די איבערפולטע אַלבאַצעטער גאַסן. מאָרגן דאַרף ער פאָרן קיין בעני־קאַרלאָ, טרעפן זיך מיט עטלעכע באַ־קאַנטע. מען דאַרף זיך וואָס שנעלער באַקענען מיט די שפּאַנישע פאַר־העלטעונישן.

קרישע איז צוריקגעגאַנגען אַן אויפגערעגטע פון געשפּרעך מיט עדמונדן. פאַרוואָס איז זי אייגנטלעך אומרואיק? געהאַט מיט אים אַ גע־שפּרעך ווי מיט פיל אַנדערע חברים. פאַרוואָס־זשע עפּעס היינט אַנ־דערש? זי האָט געהאַט אַ געפיל, ווי דער דאָזיקער עדמונד וואָלט גע־לייענט אַלע אירע פאַרבאָרגענע געדאַנקען, זי האָט געפילט צו אים סימ־פּאַטיע און גלייכצייטיק פאַרדרוס. זי האָט אַליין קלאָר נישט געקאָנט אָפּשאַצן, וואָס ס׳קומט מיט איר פאָר.

ס׳האָט זיך איר געוואָלט, אַז עדמונד זאָל זיין איר פריינד, אַז ער זאָל זיין פאַר איר דער מענטש, פאַר וועמען מען קאָן אַלץ דערציילן. אָבער צי וועט עדמונד ווערן איר פריינד? איר האָט זיך געדאַכט, אַז

עדמונד פאָרשט זי אויס, ווייל וויסן אַלע אייַנצלהייטן פון איר, אַז ער האָט נישט קיין צוטרוי צו איר, צו איר בורזשואַזער אָפּשטאַמונג. זי האָט דערפון געליטן, זי וואָלט נישט געוואָלט, אַז ער זאָל זיך באַציען צו איר ווי צו אַ פרעמדער, נאָר נישט דאָס...

הייַנט האָט זי ווידער באַקומען אַ בריוו פון אָליעקן. די טעג דאַרף ער שוין קומען פון שפּיטאָל, צי וועט ער לאַנג בלייבן אין אַלבאַצעטע?

קרישע האָט זיך אַ מידע צוגעלייגט אויף איר בעט. גענומען אַ בוך און געוואָלט לייענען. נאָר די ווערטער זענען געשפּרונגען פאַר די אויגן. זי האָט גאָרנישט געזען.

# 28. וואָס דערציילט דער אַלטער שלאָס

אויפן וועג צווישן וואַלענסיע—באַרצעלאָנע, צווישן בעניקאַסים און טאַרטאָסאַ, פאַרדעקט פון פאָמעראַנצן=פלאַנצונגען, וויינגערטנער און קיפאַריסן=ביימער איז געשטאַנען לעבן ים אַ קליינע ווילע געבויט אין גאָטישן סטיל. אַ גרויסער פאַרק האָט אַרומגערינגלט די ווילע פון דריי זייטן. אַ שפּאַנישער גראַנד האָט ביזן אויסברוך פון קריג געוווינט אין דער דאָזיקער ווילע. די מלחמה האָט אויפגעריסן די אידיליע, צעשטערט דאָס הויז און פאַנאַנדערגעוואָרפן אירע איינוווינער. די צוויי זין זענען אַוועק אין דער רעפּובליקאַנער אַרמיי, די צוויי טעכטער זענען אַוועק אַלס סאַניטאַרינס אין די שפּיטעלער פון דער רעפּובליק. דער פאָטער איז אַוועק צו פראַנקאָ. דאָס הויז איז איבערגעגאַנגען אַלס אייגנטום פון מאַגיסטראַט פון בעני=קאַרלאָ.

אין מאַסיוון, מיט קאָמפאָרט איינגעאָרדנטן עס=צימער איז נאָך געהאָנגען אַ גרויס בילד פון דער גאַנצער פאַמיליע. אַלע צימערן זענען פאַרבליבן אומבאַריירט, באַהאַלטנדיק דעם פריערדיקן אויסזען. נאָר עטלעכע צימערן זענען געבליבן פאַרחתמעט, דאָרטן האָט די רעפּובליק אָפּגעהיט דאָס פאַרמעגן פון דער פאַמיליע. ס'איז נאָר פאַרבליבן דער פריערדיקער וועכטער און אַ גרויסער שוואַרצער הונט.

אין אַ זוניקן סעפּטעמבער=טאָג, ווען די פאָמעראַנצן=בלעטער זענען געלבלעך=רויט און די טרויבן זענען שוין אינגאַנצן צייטיק, האָבן זיך אין דער דאָזיקער ווילע צוזאַמענגעקליבן עטלעכע פאָליאַקן, צוויי דייטשישע שרייבער און אַ פראַנצויזישע זשורנאַליסטין.

ס'האָט געהערשט אַ חברישע שטימונג. די מענטשן זענען געקומען פון פאַרשידענע ערטער. אַנטאָן איז געקומען פון פּוענטע דעל עבראָ, וווּ ס'האָט שוין איבער אַ וואָך געקעמפט פאַרביטערט די פּוילישע בריגאַדע. אַ דייטשישער שרייבער איז געקומען פון שפּיטאָל מיט פאַרהיילטע וווּנדן, נאָר צעקאַליעטשעט אויפן גאַנצן לעבן. די פראַנצויזישע זשורנאַליסטין

האָט באַזוכט שפּאַניע, דעם פּראָנט און די שפּיטעלער. אויפן וועג איז זי דאָ אַראָפּגעקומען, כדי אָפּצורוען עטלעכע שעה און באַקענען זיך מיט מענטשן. דער צווייטער דייטשישער שרייבער, אַ רעפּאָרטאַזשיסט האָט אין זיינע וועלט־וואַנדערונגען אָפּגעשטעלט זיך אין שפּאַניע, כדי איינ־זאַפּן אין זיך איינדרוקן, באַקענען זיך מיט מענטשן. עדמונד איז געקו־מען זיך טרעפן מיט אַנטאָנען, אַרומרעדן מיט אים אייניקע וויכטיקע ענינים.

אַ מער רואיק אָרט, ווייט פון פּראָנט און פון טומל פון דער באַזע האָט מען נישט געקאָנט געפינען. דער טאָג האָט זיך נאָר וואָס געשטעלט. צייט איז נאָך געווען אַ סך, זיי זענען אַלע געזעסן אין פּאַרק אויף דער שטיינערנער וועראַנדע און געשמועסט.

דער פּאַרוואונדעטער שרייבער האָט נאָך געדענקט שפּאַניע פון די טעג פון מאַדריד און כאַראמאַ, די טעג פון שטורמישן אָנגריף, אין אָנ־הייב פון די גרויסע קאַמפן. ער איז עטלעכע חדשים געווען פאַרשלאָסן אין שפּיטאָל. האָט ער איצט באַזונדערס עמפּפינדליך אויפגענומען יעדע פרישע געשעעניש, געוואָלט וואָס שנעלער געווויר ווערן אַלץ, וואָס ס'איז פאָרגעקומען. פאַר אים האָט נאָך אַלץ עקזיסטירט דער גרויסער נעכטן.

דער דייטשישער חבר האָט זיך אָפּט געוואונדערט, איבערגעפרעגט, ווי נישט געגלויבט אין דער מעגלעכקייט פון דער אָדער יענער געשעעניש. אָפּטמאָל האָט זיך אויף זיין געזיכט אויסגעדריקט שטוינונג.

עדמונד און דער רעפּאָרטאַזשיסט האָבן זיך אויפמערקזאַם צוגע־הערט. זיי זענען אין פייער נאָך נישט געווען, זיי האָבן נאָר געקאָנט הערן און פרעגן. פאַר זיי איז כאַראמאַ, גוואַדאַלאַכאַראַ, ברונעטע, הועסקאַ און סאַראַגאָסאַ געווען איין קייט פון די זעלבע געשעענישן.

די פראַנצויזישע זשורנאַליסטין האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט מענטשן ווי צו די געשעענישן. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זי וואָלט שוין געווען מיד צו הערן די רעלאַציעס פון קריג און טויט. זי האָט איצט געזוכט דעם מענטש. אויפכאַפּן איינצלנע העלדן און אַרויס־ברענגען זייער רעליעף פאַר דער עפנטלעכקייט. זי האָט מיט דעם זעלבן אינטערעס באַטראַכט דעם פאַרוואונדעטן דייטשישן שרייבער און אַנטאָ־נען. איר האָט איצט זייער פאַראינטערעסירט די געשיכטע פון פויליש „מוסטאַפאַ“, פון זיבצניעריקן וואַגאַבונד פון וואַרשעווער בוגאַי, וועלכער האָט אונטער די רעדער פון אַ וואַגאָן אַדורכגעמאַכט זיין רייזע קיין שפּאַ־ניע און איז איצט דער ליבלינג פון דער בריגאַדע.

די פראַנצויזישע זשורנאַליסטין האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מענטשן, וועלכער יאָגט זיך נאָך פיקאַנטעריע און איז גלייכצייטיק ערנסט, איז אַ דענקענדיקער מענטש, וועלכער האָט זיך איינגעלעבט אין דער טראַגעדיע פון שפּאַנישן פאָלק, איז גרייט אים צו העלפן ביז מסירת נפש. זי האָט געקוקט מיט אירע גרויסע, גרויע פרעגנדיקע אויגן און באַוועגט מיט די שרייענדיק געשמינקטע ליפּן.

יעדער פון די פינף האָט אין זיין אויפנעמען שפּאַניע נישט ווילנדיק אָפּגעשפּיגלט זיין אייגענעם איך.

אַנטאָן האָט אין שפּאַניע געזען די גרויסע קאַמפּס־אַרענע פון צוויי אויף טויט קעמפנדיקע וועלטן. די טראַגעדיע פון שפּאַנישן פאָלק איז געווען אַ טייל פון דער אַלגעמיינער מענטשלעכער טראַגעדיע, אין וועלכער ער נעמט די גאַנצע צייט אַן אַקטיוון אָנטייל. פּוילן און שפּאַניע איז פאַר אים געווען איינס. ער האָט נישט אַנאַליזירט יעדע איינצלנע געשעעניש, ער האָט געזען דאָס גאַנצע: מלחמה, רעוואָלוציע, העלדישקייט און פּחדנות, מענטשלעכע דערהויבנקייט און שטאַרקע געפאַלנקייט, אָפּפערונג און ברוטאַלקייט, בלוט־פאַרגיסונג און דעם אומשולדיקן שמייכל פון אַ קינד.

דער דייטשישער שרייבער האָט אומעטום געזוכט דעם אינדיווידועלן אויסדרוק פון מענטשלעכן איך. פון יעדער געשעעניש האָבן זיך אים פריער פאַר אַלץ איינגעקריצט איינצלנע עפּיזאָדן, ווו עס איז געקומען צום אויסדרוק די טראַגעדיע פון מענטש. אַ שמייכל פון אַ יונגער פרוי, דער גייסט פון קעמפער, די שרעק אָדער דאָס גליק פון מענטש. אין די קאַמפן, אין וועלכע ער אַליין האָט אָנטיילגענומען, האָט ער תמיד געזען זיך, אַלץ האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום זיין אייגענער טראַגעדיע.

די פראַנצויזישע זשורנאַליסטין האָט ווייניקער פאַר אַלע אַרויסגעוויזן איר אייגענעם איך, זי האָט אים זאָרגפעליק באַהאַלטן פאַרן פרעמדן אויג, עס איז איר דאָס נישט אָנגעקומען שווער. נאָר איר בלייסטיפט איז די גאַנצע צייט געווען אַקטיוו פאַרשרייבנדיק אַלץ, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אינטערעסאַנט. דערביי האָבן אירע געפאַרבטע ליפּן געהאַט די גאַנצע צייט דעם זעלבן שמייכל. זי איז געווען די פאָטאָגראַפיסטין. דעם רעשטו איבערן מאַטעריאַל האָט זי איבערגעלאָזט אויף שפּעטער, ווען זי וועט פאַרבלייבן מיט זיך אַליין.

עדמונד האָט נאָך מער פון אַלע געלעבט מיט די באַגריפן פון אַ נאָר וואָס געקומענעם אויסלענדער. ער האָט זיך געקענט און געוווסט, אַז ער

האָט נאָך נישט גענוג איינגעזאַפּט אין זיך שפּאַניע. ער האָט באַוווּנדערט דעם העראָיזם פון די שפּאַניער, געפונען דעם ענטפער אויף דער פראַגע, פון וואַנען נעמט זיך צו זיי די גרויסע עקשנות אין קאַמף קעגן פאַשיזם. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וועט זי נישט לעזן, ביז ער וועט זיך נישט באַקענען גענוי מיט דער עקאָנאָמיק און געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטע־נישן פון שפּאַנישן פאָלק, מיט זיין פּסיכיק און קולטור. ער האָט געזוכט צו פאַרגלייכן די שפּאַנישע ווירקלעכקייט מיט דער פּוילישער, דערווייל אָבער האָט ער נאָך אַלץ געשוויגן.

די זעלבע פראַגן האָבן אויך שטאַרק אינטערעסירט דעם רעפּאָרטאַ־זשיסט. דאָס געשפּרעך איז אַריבער אויף דער דאָזיקער טעמע.

„דער שפּאַניער — האָט געזאָגט דער שרייבער — איז עטלעכע יאָרהונדערט רואיק געשלאָפן. ער איז געווען צוריקגעשטאַנען אויף אַלע געביטן. דאָס שפּאַנישע פאָלק איז געווען כמעט איזאָלירט פון אייראָפּע, פון דער אַרומיקער וועלט. ערשט נישט לאַנג האָט עס אָנגעהויבן צו דערוואַכן. קומט איצט פאָר די אמתע עמאַנציפּאַציע פון שפּאַניער. ער האָט נאָך אפילו זיין בורזשואַזע רעוואָלוציע נישט אַדורכגעמאַכט, דער־פאַר קעמפט ער איצט אַזוי פאַרביסן. ער וויל נישט לאָזן זיין רעוואָלו־ציע אינמיטן וועג. ער וויל זי דורכאויס פאַרענדיקן. דעם קלער און פעאָדאַל האַסט אין שפּאַניע נישט בלויז דער אַרבעטער און פּויער, נאָר די איבערוועגנדיקע מערהייט פון דער באַפעלקערונג. פראַנקאָ איז דער פאַר־טרעטער פון די דאָזיקע כוחות, און דאָס איז גענוג געווען, אַז ער זאָל האָבן דאָס גאַנצע פאָלק קעגן זיך.

— צי האַסט טאַקע די גאַנצע באַפעלקערונג פראַנקאָ? די שפּאַניער אין די שטעט מאַכן דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן געוואָלט פאַרשלאָפן די מלחמה, זי אויסמיידן — האָט זיך אָפּגערופן עדמונד.

— אויבערפלעכלעך קאָן מען טאַקע אָפט באַקומען אַזאַ איינדרוק. נאָר דאָס איז נישט ריכטיק. — האָט אַנטאָן געענטפערט — ס'איז אמת, אַז פראַנקאָ האָט אומעטום זיינע אָנהענגער, אַז עס זענען פאַראַן פיל, וועלכע קוקן אויס אויף זיין נצחון. פאַראַן נאָך מער אַזעלכע, וועמען די מלחמה איז שוין דערעסן געוואָרן, זיי וואָלטן שוין געוואָלט זען איר סוף. אָבער די איבערוועגנדיקע מערהייט איז דעצידירט קעגן אים. דער בעסטער באַווייז פאַר דעם איז דאָס מאַסנווייזע אַנטלויפן פון דער באַפעלקערונג פון די ערטער, וווּ פראַנקאָ טרעט אַריין. אין קיין שום בירגער־קריג האָט זיך נאָך נישט באַמערקט אַזאַ דערשיינונג. ווי אין

שפּאַניע. אַז גאַנצע דערפאַר און שטעט זאָלן אַנטלויפן פאַרן שונא. דאָס באַווייזט, אַז דער שפּאַניער איז קעגן פראַנקאָ.

— פאַרוואָס זשע מערקט זיך אַזאַ רואיקייט אין היגטערלאַנד, ווי ס'וואָלט אינגאַנצן קיין מלחמה נישט געווען?

— דאָס האָט צו טאָן מיט דער אייגנאַרטיקער פּסיכיק פון שפּאַ־נישן פאָלק. — האָט דער דייטשישער חבר צוגעגעבן — דער שפּאַניער איז אימפּולסיוו און גלייכצייטיק זייער געדולדיק, ענערגיש און גלייכצייטיק זייער פויל, ווי יעדעס דרום־פאָלק, האַלט ער פון צייט, ער וואַרט שטענדיק ביז דער לעצטער מינוט, ביז די געפאַר שטייט שוין גאָר נאָ־ענט פאַר אים. ביז וואַנען די געפאַר איז נאָך ווייט, האָפט ער אַלץ, אַז זי וועט אים אויסמיידן, אַז זי וועט צו אים נישט דערגיין, אַז ער קאָן נאָך רואיק שלאָפן. ער גלייבט אין נצחון פון דער רעפּובליק, דערפאַר זיצט ער אַזוי געדולדיק, טראָגט איבער אָן פּראָטעסט אַלע שוועריקייטן.

— איך האָב מורא פאַר דער דאָזיקער רואיקייט — האָט עדמונד פאַרדאַגהט באַמערקט — איך פיל נישט די אַלגעמיינע מאָביליזאַציע אַרום דער מלחמה. אָן דעם איז לויט מיין מיינונג נישט מעגלעך קיין רעפּובליקאַנער קאַמף. איך האָב מורא, אַז דאָס זאָל זיך נישט אָפּרופן פאַטאַל אויפן אויסגאַנג פון דער מלחמה. איך ווייס נישט, צי ס'איז אמת, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז אינעם פאָלקס־פראָנט אין הינטערלאַנד איז פאַראַן אַ גרויסער ריס.

— איך פיל אים אויך אָפּ — האָט באַמערקט דער רעפּאָרטאַזשיסט. אויך מיך באַאומרואיקט עס אָפּט.

— אייךביידן דאַכט זיך נאָר אַזוי, ווייל איר זענט דאָ זייער אַ קורצע צייט, ווען איר וועט לענגער זיין אין שפּאַניע, וועט איר זען, אַז עס איז נאָר אַן אויבערפלעכלעכע דערשיינונג. יעדעס פאָלק לעבט לויט זיין שטייגער, האָט זיך זיינע פאָרמען פון אויסדריקן זיין ווילן. די היינטיקע אַזוי רואיקע מענטשן וועלן מאָרגן זיך וואַרפן אין קאַמף. שפּאַניע פאַרמאָגט נאָך רעזערוון.

— דאָס איז ריכטיק — האָט אַנטאָן מסכים געווען — אָבער אַ גע־ווויסע אַפּאַטיע צווישן אַ טייל פון דער באַפעלקערונג לאָזט זיך לעצטנס מערקן. קעגן דעם ווערט איצט אַליאַרמירט און געקעמפט. מען טאָר נישט דערלאָזן צו אַפּאַטיע און מידקייט. אייניקע פון די איצטיקע וויכ־טיקסטע לאָזונגען איז, אַז די מלחמה זענען נישט בלויז די פראָנטן, נאָר

גאַנץ שפּאַניע, אַז מען מוז פאַרגיכטן דעם אונטערשיד פון פראַנט און הינטערלאַנד.

— דאָס האָב איך טאַקע געמיינט — האָט עדמונד זיך באַרו־איקט — צום מערסטן האָב איך דעם דאָזיקן אונטערשיד אָפּגעפילט אין באַרצעלאָנע.

די פּראָנצוויזין האָט פאָרגעשלאָגן צו באַזוכן אַן אַלטן נאָך פון די רוימישע צייטן צעשטערטן שלאָס, וועלכער ליגט נישט ווייט פון בעני־קאַרלאָ, אַלע האָבן דעם דאָזיקן פאָרשלאָג אָנגענומען.

* *
*

דער וועג צום שלאָס איז געווען אַ שלעכטער. ער האָט געפירט צווישן פּאָמעראַנצן־פּלאַנצונגען און באָקסער־ביימער, בערג און ים. גרי־בער און שטיינער האָבן געשטערט דאָס שנעלע באַוועגן זיך פון די אוי־טאָס. זיי זענען צוגעקומען צום ים־ברעג: אויף אַ באַרג, איינגעשניטן טיף אין ים איז געשטאַנען דער שלאָס. אַן אַלטער, שוואַרצער, אייזערנער טויער האָט דורך אַ שטיינערנעם טונעל געפירט אינעווייניק. פון רעכטס האָט זיך דער בלויער ים געשוועבקט אין נאַקעטן שטיינערנעם ברעג, לינקס זענען געשטאַנען עטלעכע נידעריקע, שטיינערנע, האַלב־איינגעפאַ־לענע הייזער. אָפּגעריסענע, אויסגעדאַרטע קינדער האָבן מיט נייגיר גע־קוקט אויף די פרעמדע אַריינדרינגער. אַ שטיינערנע סטעזשקע האָט זיך געצויגן אַרויף, עטלעכע מויל־אייזלען, אַלטע מענער און פרויען זענען פאַרבייגעגאַנגען. עס האָט זיך געשפּירט דער ריח פון געבראָטענעם אייל, וועלכער האָט געשטיקט אין האַלדז.

די דערוואַקסענע, די קינדער — אַלץ האָט דאָ אויסגעזען פרעמד פון גאַנצן אַרומיקן לעבן. ס'האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי דער פינצ־טערער טויער וואָלט די דאָזיקע מענטשן איזאָלירט, אָפּגעריסן פון אַלע אַרומיקע, אַרום האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. די לופט דאָ איז געווען אַ געפּרעסטע, ווי זי וואָלט אַזוי געשטאַנען טויזנטער יאָרן אומ־באַוועגלעך, נישט אָפּגעפרישט. די באַזוכער האָבן געפילט, ווי זיי וואָלטן זיך געפונען אויף אַן אָפּגעזונדערט אינדזל.

אַדורכגייענדיק עטלעכע שמאָלע געסלעך און אַן אַלטן קלויסטער, האָבן זיי זיך אויפגעהויבן צום געוועזענעם שלאָס. פון דער אַמאָליקער

פֿראַכט און שטאַרקייט זענען נאָר פֿאַרבליבן רואינען: שטיינערנע, דיקע, מאַסיווע ווענט, הוילע, נאַקעטע, אָן שום סימן פֿון לעבן. זיי זענען געגאַנגען צווישן די חורבות. די פֿראַנצויזין האָט אָפּפֿאָטאָגראַפֿירט באַזונדערע טיילן. אַרום איז געלעגן ברייט און אומענדלעך צעעפֿנט דער בלוי-גרינלעכער ים. ברייטע אָפּגעריבענע שטיינערנע טרעפּ האָבן געפֿירט צום וואַסער. די שטיינערנע טעראַסע ביים ברעג איז געווען אין דער מיט שטאַרק אויסגעהוילט. דאָס האָט דער ים-צופֿלוס אין משך פֿון טויזנטער יאָרן געפֿירט זיין אייביקן קאַמף מיטן שטיין, אַרויסרייסנדיק פֿון אים שטיקער. אַ הונט אויף אַ קייט האָט פֿונדערווייטנס געבילט צו זיי.

אין לינקן פֿליגל פֿון שלאָס האָבן די איינוווינער אויסגעבויט אַ שטאַל פֿאַר מויל-אייזלען. צעפֿוילטע שטרוי איז געלעגן אָנגעוואָרפֿן אין אומאָרדענונג. דער ריח פֿון צואה האָט פֿאַרפֿעסטעט די אַרומיקע לופֿט. אויפֿן שפּיץ פֿון דער סקאַלע איז געשטאַנען אַ שטיינערנער, נאַקעטער אַלטאַר. זיינע שמאָלע ווענט האָבן זיך קוים געהאַלטן. פֿון טעמפּל האָט זיך געעפֿנט פֿאַר זייערע אויגן אַ וווּנדערבאַרע פּאַנאָראַמע. פֿון דריי זייטן ים, ווי דער טעמפּל וואָלט געשווּמען אויף זיינע כוואַליעס. פֿון אונטן אַ לאַנגע קייט גרינע בערג און פּראַכטפֿולע טאָלן.

דער שלאָס איז געווען אַ גוטער אָבסערוויר-פּונקט. פֿון זיין הייך האָבן די איינוווינער געקאָנט אויף מיילן ווייט זען יעדע אָנקומענדיקע שיף פֿון שונא. די אַרומיקע בערג זענען געווען אומצוטריטלעך, אויף אַלע זיינע שפּיצן האָבן זיך געזען הויכע, רויטע טורעמס.

ס'איז פֿאַר זיי געלעגן דאָס אַלטע, פּראַכטפֿולע, שטאַרקע, פֿוילע און זוניקע, זיכער אין זיין רום און מעכטיקייט — שפּאַניע. די איינוווינער פֿון די שמאָלע און דושנע געסלעך, אין מורא פֿאַר זייערע הערשער האָבן זיך אויסגעלערנט צו זיין שטיל און געהאָרכזאַם ווי די טויטע שטיינער.

— ס'איז מיר שווער פֿון דעם דאָזיקן בילד. קומט פֿון דאַנען — האָט זיך אָפּגערופֿן די פֿראַנצויזין.

בעתן צוריקקער האָט זיך עדמונד פּלוצים אָפּגעשטעלט. אויף אַ גראָבן אויסגעהאַקטן שטיין, וועלכער האָט אונטערגעהאַלטן דעם שלאָסמויער, האָבן זיך געזען פֿרישע פֿלעקן פֿון בלוט. דאָס פֿאַרגליווערטע בלוט איז געווען צעגאָסן אין פֿיל ערטער.

אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן אויף דעם דאָזיקן בלוט. פֿון אונטן האָט זיך שטיפֿעריש געשפּילט דער ים, אָניאָגנדיק מיט אַ שטילן פֿליס-

מער זיינע גרין־ווייסע כוואַליעס צום שטיינערנעם ברעג. אַנטאָן האָט זיך איבערגעבויגן איבערן שטיין, אַ טרויעריקער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיינע ליפּן.

— עס האָט זיך אונדז געדאַכט, אַז דאָ איז אַלץ טויט, אַז די היגע איינוווינער זענען אָפּגעריסן פון אַלץ. ס'איז נישט אַזוי. אויך דאָ פּילט מען דים ריח פון בלוט, אפילו אויף די אַלטע שטיינער פון שפּאַניע.

* *
*

נאָכמיטאָג, ווען די איבעריקע האָבן גערוט, האָבן ערשט אַנטאָן און עדמונד געקאָנט פריי רעדן.

— נישט גערינכט זיך דיך דאָ צו טרעפן — האָט אַנטאָן געזאָגט.

— די אינטערעסאַנטסטע באַגעגענישן זענען תמיד די, אויף וועלכע מען ריכט זיך נישט. אָבער איך האָב יאָ געוווּסט, אַז דו ביסט דאָ. איך בין צופרידן, וואָס נאָך אַזויפיל יאָרן זע איך דיך. ווי לאַנג האָבן מיר זיך נישט געזען?

— אַכט יאָר?

— לאַנג! און מיר שיינט, אַז איך האָב דיך ערשט נעכטן געזען.

זיי האָבן זיך ביידע שטום אָנגעקוקט. עדמונד האָט זיך פאַר דער דאָזיקער צייט כמעט נישט געענדערט. דערפאַר האָט זיך אַנטאָן געביטן. פון אַ יונגטלעכן איז ער אויסגעוואַקסן אין אַ רייפן מאַן. זיין בליק, זיינע באַוועגונגען האָבן אויסגעדריקט מענערלעכע געזעצטקייט און זיכערקייט. נאָר זיין גאַנג און פיגור זענען נאָך פאַרבליבן בחוריש און יונג.

— איך האָב פאַר דיר אַ פערזענלעכן גרוס.

— פון וועמען?

עדמונד האָט געשמייכלט.

— פון מערין.

— האָסט זי געזען?

— יאָ. נאַטירלעך, זי האָט נישט געוווּסט, אַז איך פאָר אַוועק.

— וואָס טוט זי?

— אַ געווויסע צייט האָט זי געאַרבעט מיט פראַנעקן, נאָך זיין אַרעסט, האָט מען איר אָנפאַרטרויט זעלבשטענדיקע אַרבעט.

— איז מען פון איר צופרידן?

— זייער.

— דיין מיינונג וועגן איר?
עדמונד האָט זיך פאַרטראַכט.
— איך האָב מערין געזען עטלעכע מאָל, מיט גרויסע איבעררייסן. אַלע מאָל געפֿין איך זי אַן אַנדערע, זי ווערט כּסדר רייפער, זיכערער אין זיך. זי פאַרלירט נישט איר פרויען־פרישקייט, דערפאַר אָבער ווערט איר כאַראַקטער מער בולטער, זעלבשטענדיקער. דאָס וואָס איר זייט נישט צוזאַמען האָט איין מעלה פאַר איר. ווען דו ביסט געווען, ביסטו געווען אַלץ, זי האָט זיך בלינד פאַרלאָזט אויף דיר. זי איז געווען זיכער, אַז דו וועסט איר שטענדיק אַרויסהעלפן, וועסט איר אָנווייזן, וואָס זי דאַרף טאָן. נאָך דיין אַוועקפאָרן האָט זי אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז זי דאַרף זיך פאַרלאָזן אויף זיך אַליין. ווערן זעלבשטענדיק. היינט פילט מען אין איר מער זיכערקייט, זי איז איצט מער צוגעגרייט צום לעבן ווי אַמאָל, זי איז פאַר דער דאָזיקער צייט שטאַרק אויסגעוואַקסן.
אַנטאָן האָט אַ לאַנגע צייט געשוויגן אַרויסקוקנדיק צום ים.
— אַ דאַנק דיר פאַרן גרוס. שוין לאַנג זי נישט געזען.
עדמונד האָט אָפּגעפילט אַנטאָנס גרויסע בענקשאַפט. „פאַרוואָס איז מיר אַנטאָן אַזוי נאָענט?" האָט זיך עדמונד געוווּנדערט. איצט נאָך מער ווי תּמיד. ער האָט אין שפּאַניע שוין געטראָפן פיל אַלטע באַקאַנטע און פריינד, נאָר צו קיינעם האָט ער נישט געפילט אַזאַ נאָענטקייט ווי צו אַנטאָנען. עדמונד האָט געפילט, ווי ער וואָלט געפונען זיינעם אַ יינגערן ברודער.
זשאַק דער שאָפער איז אַרויסגעקומען און געמאָלדן, אַז ס'זענען געקומען מיט אַ באַזוך דער בירגערמייסטער און עטלעכע מיטגלידער פון שטאָט־ראַט פון בעניקאַרלאָ, אַז דאָס אָוונט־ברויט איז שוין פאַרטיק.
זשאַק איז געווען צופרידן פון דעם דאָזיקן באַזוך. זיינע קליינע איי־געלעך האָבן אַרויסגעשמייכלט פון די גרויסע ברילן. עדמונד האָט געזען זשאַקן דאָס ערשטע מאָל, נאָר ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער קען אים שוין זייער לאַנג. ער האָט אים שטאַרק אין עמעצן דערמאָנט.
זשאַק איז געווען אַ נידעריקער, דיקלעכער, זייער באַרעדעוודיקער מענטש פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק, מיט אַ קיילעכדיק געזיכט און אַ גרויסער ליסינע. ער איז געווען שאָפער און זיך געהאַלטן ווי אַ פילאָ־זאָף, וואָס שאָפעריי איז ביי אים אַ נעבן־זאַך. ער האָט ליב געהאַט זיך אַריינצומישן אין אַלע ענינים, דערביי געווען זייער באַשיידן, נאָר אויב ס'פאַראינטערעסירט יענעם זיין מיינונג, ביטע, אָט איז זי.

ער איז געווען א מיטלמעסיקער שאַפער, געווען שטאַרק פּאָרזיכטיק, אפילו א ביסל מורא געהאַט. ער איז געווען ערלעך און איבערגעבן, אַן ענטוזיאַסט און שטאַרק זיך צוגעבונדן צו מענטשן, נישט רעכענענדיק זיך אַבסאָלוט ווי יענער באַציט זיך צו אים. ער האָט נישט געזוכט קענג־זייטיקייט.

עדמונד האָט פאַרשטאַנען זשאַקס צופרידנקייט. ער האָט ליב גע־האַט געזעלשאַפט. די אָנוועזנהייט פון אַזויפיל אָנגעזעענע מענטשן האָט אים געריצט. זיין פילאָזאָפישער מוח וועט היינט האָבן פיל גייסטיקע שפייז. א געבוירענער אין פוילן ביי אַן אָרעמער יידישער פאַמיליע, האָט ער יונגערהייט אויסגעוואַנדערט פון גאַליציע קיין דייטשלאַנד, פון דאָרטן מגולגל געוואָרן קיין פראַנקרייך, ווו ער האָט פאַרבראַכט פופצן יאָר. מיט טשלעכע חדשים צוריק איז ער געקומען קיין שפּאַניע.

אין עס־צימער זענען שוין געווען פאַרזאַמלט אַלע געסט. עדמונד און אַנטאָן האָבן זיך באַקענט מיט די שפּאַנישע חברים. אַלע זענען זיי געווען אַרבעטער. דער פּאָלקס־פראָנט האָט זיי אַרויסגערוקט אויף די פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אין שטעטל. זיי האָבן זיך געהאַלטן זייער באַשיידן און פּשוט, ווי זיי האָבן זיך געהאַלטן מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען זיי האָבן געאַרבעט אין די פאַבריקן. נאָר איינער פון זיי איז געווען אַן אינטעליגענט, דער לערער פון דער אָרטיקער פּאָלקס־שול.

מען האָט גערעדט אויף אַלע שפּראַכן, איבערזעצט, פאַרשטאַנען זיך לויט די באַוועגונגען, שמייכל און מימיק.

דער דייטשישער שרייבער איז געווען דער טאָן־געבער. ער האָט גע־רעדט פריי פראַנצויזיש און שפּאַניש. ביי א גלעזל וויין איז דאָס גע־שפּרעך געוואָרן נאָך פרייער, ס'איז פאַרשוואונדן די זשעני־רטקייט פון מענטשן, וועלכע זעען זיך דאָס ערשטע מאָל. מען האָט גערעדט פון שפּאַנישן פּאָלקס־פראָנט, פון די באַציונגען צווישן די פּאַרטייען און פון די מלחמה־פּערספּעקטיוון.

די אָנוועזנדע שפּאַניער זענען געווען סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן. אַן אומפּאַרטייאישער פּאַטריאָט — ווי עס האָט זיך אַליין אָנגערופן דער לערער.

ווי אומעטום האָט די גרעסטע דיסקוסיע אַרויסגערופן די באַציונג צו די אַנאַרכיסטן. די קאָמוניסטן, דער לערער און איין סאָציאַליסט זע־נען געווען פאַר א וואָס ענגערער צוזאַמענאַרבעט מיט די אַנאַרכיסטן, צוויי סאָציאַליסטן האָבן זיך אָבער געהאַלטן עקשנותדיק ביי דער מיינונג,

אַז מיט די אַנאַרכיסטן איז שווער צוזאַמענצואַרבעטן, באַשולדיקנדיק זײ אין אַלע זיבן טויט־זינד.

די שפּאַניער האָט שטאַרק פֿאַראינטערעסירט די אַרבעטער־באַוועגונג אין אויסלאַנד. זײ האָבן זיך אינפֿאָרמירט וועגן דייטשלאַנד און פּוילן.

— מיר זענען אָרעמער און רייכער פֿון אייך — האָט זיך אָפּגערופֿן דער לערער — מיר זענען אָרעמער אין טעכניק, אין אַלגעמיינער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג. אין פֿאַרגלייך מיט דייטשלאַנד און פֿראַנקרייך זענען מיר שטאַרק אָפּגעשטאַנען, אָבער מיר זענען רייכער פֿון אייך אין מענטשלעכן מאַטעריאַל. מיר זענען טאַקע לאַנג געשלאָפֿן. דערפֿאַר אָבער האָבן מיר דערוואַכט.

מען האָט געמיטלעך פֿאַרבראַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט. געזונגען לידער אויף פֿאַרשידענע שפּראַכן. אַלע זענען געווען פֿריילעך, ווי פֿאַרגעסן די זאָרגן פֿון מלחמה און דעם געוואַלדיקן שטורעם, וועלכער בושעוועט נישט ווייט פֿון זײ אויף די בערג אין אַראַגאָן. עטלעכע פֿעלקער האָבן זיך פֿאַרברידערט.

מען איז זיך צעגאַנגען ווי אַלטע באַקאַנטע, באַדויערט וואָס מען מוז מאָרגן זיך צעפֿאָרן. די שפּאַניער האָבן געבעטן נישט צו פֿאַרגעסן אין זײ. באַזוכן זײ, ווען עמעצער פֿון זײ וועט אַדורכפֿאָרן.

ווען אַלע זענען שוין געשלאָפֿן, האָט זשאַק דער שאָפֿער אַרויסגענומען זיין „טאָג־בוך“ און פֿאַרשריבן דאָרטן זאָרגפֿעליק אַלע מיינונגען און געדאַנקען, וואָס ער האָט היינט אָוונט געהערט.

# אינהאַלט: